י׳. סטעקלאוו.

# די געשיכטע פון דער ארבעטער - באוועגונג.

## (דריי אינטערנאציאנאלן)

ערשטע טייל

אלאוקראאינישער מלוכה־פארלאג
קיעוו — 1922.

# אריינפיר.

## די ערשטע דורכשיינען.—באם אויפגאנג פון דער ארבעטער-באוועגונג.

די ארבעטער באוועגונג אינם מאדערנעם זין פונם דאזיקן ווארט הויבט זיך אן ערשט מיט דער אנטוויקלונג פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציע, און באזונדערס פון דער גרויסער מאשינען-אינדוסטריע. נאר דער מאדערנער פראלעטאריאט פון דער גרויסער אינדוסטריע האט זיינע פארגייער. ער אליין שטאמט פונם פויערטום, בא וועלכן מע האט אפגענומען זיין ערד, און פון די פראלעטאריזירטע האנטווערקער. און די דאזיקע גרופן פון דער באפעלקערונג האבן, ביז זיי זיינען פארוואנדלט געווארן אין אן עמעסן ארבעטער-קלאס, אף זייער שטייגער פראטעסטירט און געקעמפט מיט זייערע אונטערדריקער.

דער קלאסן-קאמף עקזיסטירט זינט עס זיינען אויפגעקומען אונטערדריקער און אונטערדריקטע, עקספלואטאטארן און עקספלואטירטע. מיר באגעגענען אים שוין אינם אוראלטן עגיפטן (מיצראאים), אין באוול, אינם אוראלטן גריכנלאנד און רוים. נאר מיר וועלן זאך ניט פארטיפן אין די גרויסע וויטן פון דוירעס, מיר וועלן זאך נאר באגרענעצן מיט א קורצער באשרייבונג פון די גרעסטע קאנפליקטן, וואס זיינען פארגעקומען אין דער טקופע, וואס איז אמערסטן נאענט צו אונדז, און וועלן בארירן די באוועגונגן פון יענע סאציאלע גרופן, וואס זיינען געווען אוממיטלבאר פארן מאדערנעם פראלעטאריאט.

אין די מיטלאלטערלאכע צעכן זיינען געווען מייסטערס און געזעלן. עס פלעגן זיך אויך טרעפן טאגארבעטער, שווארצארבעטער, וואס פלעגן ניט אריינגיין אין די צעכן, נאד די הויפט-מאסע פון דער דאמאלדיקער שטאטישער באפעלקערונג האבן געבילדעט די געזעלן. לעבאטכילע איז פאר די געזעלן ניט געווען פארמאכט דער צוטריט צו ווערן א מייסטער, נאר ביסלאכווייז, מיט דער ענדערונג פון די באדינגונגען פונם מארק, מיט דער פארשטארקונג פון דער קאנקורענץ צווישן די האנטווערקער, איז פאר דאס ראוו געזעלן פארמאכט געווארן דער צוטריט צו ווערן א מייסטער. די צאל לערן-אינגלעך און געזעלן, וואס יעדער מייסטער האט געמעגט האלטן, הויבט אן באגרענעצט צו ווערן; דער טערמין, וואס מען האט געמוזט זיין א לערן-אינגל, ווערט פארלענגערט, פון די געזעלן האט מען אנגעהויבן פאדערן א געזעצלאכע אפשטאמונג, מע האט אנגעהויבן פאדערן, זיי זאלן צושטעלן א מוסטער-ארבעט, זיי זאלן זיין

בירגער פון אַ שטאַט; דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע אַלע באַגרענעצונגען, וואָס זיינען פון 15-טן יאָרהונדערט געוואָרן אַלגעמיינע, איז געווען דער, וואָס די פויערים, וואָס די גויט פלעגט זיי אַרויסטרייבן פון דאָרף, האָבן שוין ניט געקאָנט אַריינפאַלן אין די צעכן און פלעגן ווערן עמעסע פּראָלעטאַריער, און אַז אין די צעכן גופא האָט אַלץ שאַרפער אָנגעהויבן אַרויסטרעטן דער אונטערשייד צווישן די מייסטערס און די געזעלן. די ערשטע פלעגן אַלץ מער ווערן פון עלטערע אַרבעטער באַלעבאַטים, און די צווייטע פלעגן פאַרוואַנדלט ווערן אין פּראָלעטאַריער, וואָס האָבן שוין קיין האָפענונג ניט געהאַט אַרויסצוגיין פון זייער אונטעריאָכטער לאַגע.

פּאַראַלעל מיט דער צעפאַלונג פון דער האַנטווערקעריי אַף צוויי קלאַסן איז געגאַנגען די פאַרערגערונג פון דער לאַגע פון די לוין-אַרבעטער. עס הויבט זיך אָן אַ קאַמף צווישן די געזעלן מיט די מייסטערס, באַזונדערס פאַר די גרוים פון די סכירעס. די מאַכט-האָבער זיינען, פאַרשטייט זיך, געקומען צו הילף די באַלעבאַטים קעגן די אַרבעטער. קדיי צו פירן מיט ערפאָלג זייער קאַמף, איז די געזעלן אויסגעקומען צו שאַפן זייערע אָרגאַניזאַציעס, וואָס די ערשטע שפּורן פון זיי געפינען מיר אין 14-טן יאָרהונדערט. עס ערשיינען קירכלאַכע ברודערשאַפטן, וואָס זיינען געווען דער איקער כעוורעס פאַר קעגנזייטיקער הילף, און אָרגאַניזאַציעס לויט שיינקען נאָך, וואָס האָבן געטראָגן דער איקער אַ קאַמפס-כאַראַקטער און זיינען געווען כעוורעס אַף אַרויסצעווייזן אַ ווידערשטאַנד.

עס קומען אויך פאָר שטרייקן, אַט די צוקונפטיקע ליבלינגס-פאָרם פונם פּראָלעטאַרישן קאַמף, וואָס פאַר זיי פלעגט מען אין יענער צייט אַכזאָריש באַשטראָפן די אַרבעטער, ביז אַפילע אָפּשניידן די אויערן. די מאַכט האָט געענטפערט אַף די באַוועגונג פון די געזעלן מיט דעם, וואָס זיי האָבן איינגעשטעלט איבער זיי אַ פּאָליציייִשע האַשגאָכע, וואָס זיי האָבן פאַרמאַכט זייערע שיינקען, וואָס זיי האָבן פאַרווערט זייערע אָרגאַניזאַציעס, אַ כויץ די ריין צדאָקע-כעוורעס, וואָס די האָבן זיך אויך געמוזט געפינען אונטערן קאָנטראָל פון די מייסטערס און א. וו. נאָר די דאָזיקע אַלע מיטלען האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט גילטיקע, און די פאַרבאַנדן פון די געזעלן האָבן ניט נאָר געפּועלט, זיי זאָלן אַנערקענט ווערן, נאָר זיי זיינען אויך געוואָרן אַ גרויסע קראַפט אינם דאַמאָלסדיקן געזעלשאַפטלאַכן לעבן.

נאָר אָט די ברויזנדיקע האַנטווערקער, וואָס האָבן געקענט, אויב עס איז געווען נויטיק, פאַרטיידיקן מיט געווער אין די הענט זייערע רעכט, זיינען ניט געוואָרן די אָנפירער פון דער דאַמאָלסדיקער עקספּלואַטירטער מאַסע. זיי האָבן, אַדראַבע, געהאַט דעמזעלביקן גוירל, וועלכן עס האָבן שפּעטער געהאַט די איינגלישע אָרגאַניזירטע „אויסגעלערנטע" אַרבעטער. זיי זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרבעטער אַריסטאָקראַטיע, וואָס האָט געשטרעבט צו שמאָל עגאָאיסטישע צילן, וואָס פלעגט אַרויסשטעלן זייער מעסיקע פאָדערונגען און פלעגט קוקן פון אויבן אַראָפּ אַף די מאַסע פּראָלעטאַריער, אַף די ניט אָרגאַניזירטע טאָג-אַרבעטער, וואָס זיינען געשטאַנען אַפן סאַמע אונטערשטן טרעפּל פונם דאַמאָלסדיקן סאָציאַלן לייטער. זיי איז ניט געווען פרעמד דער באַוואוסט-

זײַן פון זײער סאָלידאַריטעט מיט דער איבעריקער אַרבעטער מאַסע, נאָר זײ האָבן געקוקט אַף איר מיט פאַראַכטונג און פלעגן מיט גרימצאָרן אָפּוואַרפן דעם דערנידערנדיקן, לויט זײער מײנונג, נאָמען „טאָג=אַרבעטער". אָפּטמאָל פלעגן זײ זיך פאַראײניקן מיט אַנדערע אונטערדריקטע עלעמענטן; ווי דאָס פלעגן אַגעוו, צײטנווײז טאָן אויך די מײסטערס, נאָר זײ פלעגן גיך אַוועקגײן פון זײ, מיט דעם דערקלערט זיך, אַגעוו אורכע, טײלווײז דער דורכפאַל פון די דאַמאָלסדיקע פויערשע אויפשטאַנדן, וואָס פלעגן ניט געפינען קײן גענוגנדיקע שטיצע אין די שטעט, בּיפראַט דער בּארימטער אויפשטאַנד פון די דײטשישע פויערים אין 1525=טן יאָר. נאָר די אינדוסטריעלע רעוואָליוציע, בּאַזונדערס די אַנטוויקלונג פון דער מאַשינען=אינדוסטריע, האָט געמאַכט אַ סאָף מיט דער פּריווילעגירטער לאַגע פון די האַנטווערקער=געזעלן, האָט זײ פאַרוואַנדלט אין פּראָלעטאַריער, האָט צעשטערט זײערע אָרגאַניזאַציעס און האָט זײ אַרײַנגעגאָסן אינעם אַלגעמײנעם שטראָם פון דער אַרבעטער=בּאַוועגונג.

די נײַע פּראָדוקציאָנס=בּאַדינגונגען, די אָפּטײלונג פון די בּאַלעבּאַטים פון די אַרבעטער, דאָס דערשײנען פונם קאַפּיטאַליסט נעבן די אַרבעטער האָבן זיך אַנטוויקלט רײשיס קאָל אינעם בּאַרגווערק און אין דער טעקסטיל=אינדוסטריע. די אַזוי גערופענע מאַנופאַקטור, וואָס איז פאַרבּונדן מיט דער קאָנצענטרירונג פון אַ לפי ערך גרויסער צאָל אַרבעטער אין אײן אונטערנעמונג, איז אויפגעקומען רײשיס קאָל אין די דאָזיקע אינדוסטריע=צווײַגן. אינעם בּאַרגווערק בּאַגעגענען מיר קאַפּיטאַליסטן, בּאַלעבּאַטים פון מעטאַל=גרובּן, און אין דער טעקסטיל=אינדוסטריע—אויפקויפערס, וואָס האָבן זיך אויסגעטײלט פון דער מאַסע קוסטאַרן. צווישן די לעצטע בּאַקומען אַ בּאַזונדערע בּאַדײַטונג די וועבער, בּאַזונדערס פון די וואָלנס=שטאָף, וואָס צווישן זײ אַנטוויקלט זיך דער מאָדערנער פּראָלעטאַרישער גײסט און וואָס הויבּט אָן צו שפּילן אַן אָנגעזעענע ראָלע אין די דאַמאָלסדיקע געזעלשאַפטלעכע בּאַוועגונגען. בּאַ זײ געפינט אַ גינסטיקן בּאָדן די פּרײדיקונג פון קאָמוניסטישע אידײען, וואָס גײט אַרויס פון דער סוויווע פון מאָנאַכן, וועלכע האָבן אין יענער צײַט געשפּילט די ראָלע פון דער איצטיקער אינטעליגענץ.

צום סאָף פונם מיטלאַלטער האָבן די בּאַרגאַרבּעטער געלעבּט פיל בּעסער, אײדער אין דער נײַער צײַט. זײ האָבן געאַרבּעט, לעמאָשל, ניט מער ווי זעקס שאָ אַ טאָג. נאָר אין 16=טן יאָרהונדערט האָט זײער סבירעס אָנגעהויבּן ווערן קלענער און די לאַגע ערגער. און אַזוי ווי לויטן סאַמע מעהוס פון זײער טועכטס זײַנען זײ געווען צונויפגעזאַמלט אין גרויסע מאַסן, דורכגעדרונגען מיט אַ שטאָלצן גײסט און זײַנען געווען בּאַוואָפנט, פלעגן זײ אינעם קאַמף מיט זײערע אונטערדריקער אָנווענדן מער אַנטשלאָסענע מעטאָדן און פלעגן אַפילע מאַכן אויפשטאַנדן. נאָר דורכגעדרונגענע מיטן גײסט פון אָפּגעזונדערטקײט, אָפּגעטײלט פון דער מאַסע איבעריקע אַרבעטער מיט דער לאַגע גופע אין די מעטאַל=גרובּן, וואָס האָבן זיך געפונען ווײַט פון די שטעט, זײַנען די בּאַרגאַרבּעטער אויך ניט געווען דער בּאַהעפטונגס-צענטר פאַר די אַרבעטער פון די

איבעריקע פראפעסיעס. די דאזיקע ראָלע איז אויסגעקומען דער איקער צו שפילן די וועבער, וואָס מיר באַגעגענען זיי אין אלע פאָלקס־אויפרעגונגען אלס פארשיסער פון די סאמע פראגרעסיווע אידייען, וועלכע מע האט דעמאלט אנגערופן „אפיקארסישע", דאס הייסט אזעלכע, וואס גייען זיך פאנאנדער מיט דער לערע פון דער איקערדיקער סאציאלער קראפט פון יענער צייט — פון דער קאטוילישער קירכע.

אין די שטעט פון פלאנדריע, נידערלאנד (האלאנד), פון איינגלאנד און דייטשלאנד האָט די טעקסטיל־אינדוסטריע לעפיערעך פרי אָנגעהויבן אָנצונעמען אַ קאפיטאליסטישן כאראקטער. בײַ די מענטשן פון יענער צייט האבן די וועבער געהייסן פאר די סאמע גײַוועדיקע און ברויזנדיקע האנטווערקער. צונויפגעזאמלטע אין גרויסע מאסן אין די שטעט, פארנומענע אין אזא אינדוסטריע־צווייג, וואָס האָט געאַרבעט אַפן אויסנווייניקסטן מארק, ווערנדיק באזונדערס שטארק עקס־פלואטירט, זיינען די וועבער געווארן דער אוואנגארד פונם דאמאלדיקן פראָלע־טאריאט און זיינען געשטאנען אין די ערשטע רייען פונם רעוואָלוציאָנערן קאמף. אין זייערע רייען ווערן גוט אויפגענומען די לערעס, וואס האבן ראדיקאל אָפּ־געלייקנט דאָס פריוואטאייגנטום, און וואָס האָבן געפאָדערט, עס זאָל געשאפן ווערן אזא געזעלשאפט, וואָס אין איר וועט ניט זיין קיין טיילונג פון מענטשן אף אָרעמע לײַט און גווירים, אף הארן און קנעכט.

די אפיקאָרסישע לערעס, וואָס האָבן באזירט אף די מעסווירעס פונם אורשפרינגלאכן קריסטנטום און וואָס האבן געטראָגן אַ קאָמוניסטישן כאראקטער, זיינען אָרויס פון דער סוויווע פון מאנאכישע אָרדענס און פון דער סוויווע פון די שטאָטישע געמיינדעס, באזונדערס אין איטאליע און דאָרעם־פראנקרייך, פון אָרדענס און געמיינדעס, וואָס האָבן געפירט אַ פארביטערטן קאמף מיט די וועלטלאכע פעאדאלן און מיט די גייסטלאכע, דאָס הייסט מיט די קאטוילישע בישאפן. די מיטלאלטערלאכע געזעלשאפט, וואָס האָט זיך באזירט אף דער בעערעכדיקער עקאָנאָמישער גלייכקייט פון אלע אירע מיט־גלידער, האָט שוין אָנגעהויבן צעקראָכן ווערן, אויסבילדנדיק אף איין פאליוס דעם פראלעטאריאט און אפן צווייטן די קאפיטאליסטן. דאס פויערטום האָט גע־ליטן פון אונטערדריקונג מיצאד די פריצים און איז עקספראָפריאירט געוואָרן. די דאָזיקע באדינגונגען האבן מיטגעווירקט דער אויפקומונג פון פילצאָליקע רעוואָ־ליוציאָנערע באוועגונגען, אין וועלכע די שטעט פלעגן זיך פאראייניקן מיט די דערפער. די דאמאלדיקע קאָמוניסטישע לערעס האבן טאקע אפגע־שפיגלט דעם אומשטאנדהאפטיקן צושטאנד פון דער געזעלשאפט, וואס אין איר זיינען שוין אויפגעקומען שפראָצונגען פון נייע געזעלשאפטלאכע קלאסן. דער פראָלעטאריאט איז נאָך ניט געווען אף אזוי פיל שטארק, ער זאָל זיך קענען דערשלאגן די פארניכטונג פון דער קלאסן־געזעלשאפט, נאָר שוין גענוג גרויס אין צאָל, ער זאָל צווינגען די פראָגרעסיווע מענטשן אוועקצושטעלן די פראגע וועגן אויסראטן די אָרעמקייט און די עקספלואטירונג פון איין מענטשן דורכן צווייטן.

דער דאמאלסדיקער קאמוניזם האט זיך שטארק אונטערגעשיידט פונם איצטיקן. דער איצטיקער קאמוניזם דריקט אויס די שטרעבונגען פונם פראלעטאריאט, וואס שפילט די הויפט-ראלע אין דער אינדוסטריע, און איז געגרינדעט אף דער פארוואנדלונג פון אלע פראדוקציאנס-מיטלען אין געמיינזאם אייגנטום קדיי אויפצוהויבן די פראדוקטיווע קויכעס און קדיי גרעסער צו מאכן די געזעלשאפטלאכע רייכקייט. דער קאמוניזם פון די מאנאכן, פון די האנטווערקער און פויערים האט ניט באריהרט דעם פראדוקציאנס-אויפן, ער האט ניט פארגעלייגט צו פארוואנדלען די ארבעטס-געצייגן אין געמיינזאם אייגנטום און האט ניט געפאדערט, עס זאל איינגעשטעלט ווערן א געזעלשאפטלאכע פראדוקציע. אין העסקעם מיט די דאמאלסדיקע געזעלשאפטלאכע פארהעלטענישן, וואס האבן זיך באזירט אף דער קליינער פראדוקציע פון האנטווערקער און פויערים, האט ער ניט באריהרט די פארם פון פעריזענלאכער ווירטשאפט, ער האט נאר געפאדערט, עס זאל איינגעשטעלט ווערן געמיינזאם אייגנטום אף די געברויכס-פראדוקטן, אדער, ריכטיקער, אף די מויסרעס פון באזונדערע אומאפהייניקע ווירטשאפטן. דעריבער רופט מען אים אן „געברויכס-קאמוניזם”. נאר ער איז געווען פארבונדן מיט א פראטעסט קעגן אומגלייכקייט, קעגן דער אונטערדריקונג מיצאד די שטארקע, באזונדערס מיצאד די פריצים און קירכלאכע הארן, און האט געטראגן דעריבער א רעוואליוציאנערן כאראקטער. און עס איז העכסט מערקווירדיק, וואס דער דאזיקער קאמוניזם האט שוין געטראגן א אינטערנאציאנאליסטישן כאראקטער, ער האט געפריידיקט סאלידאריטעט פון אלע אונטערדריקטע און די נויטיקייט פון זייער געמיינזאמען קאמף, לעבאלאפאכעס אין די גרענעצן פון דער באוואוסטער דעמאלט קריסטלאכער וועלט.

אלע אפיקארסעס פון 14-טן, 15-טן און 16-טן יארהונדערטער האבן געטראגן א מער אדער ווייניקער בוילעט אויסגעדריקטן קאמוניסטישן כאראקטער (ווי די קאטארן אדער וואלדענסן, די אפאסטאלן-ברידער אדער פאטאריער, די בעגארדן, לאלארדן און א. וו.). זייערע אנהייגער האבן זיי רעקרוטירט דער איקער צווישן די נידעריקערע שיכטן פון דער שטאטישער באפעלקערונג, באזונדערס צווישן די וועבער, און טיילוויז צווישן דער פויערשער ארעמקייט. די ראלע פונם „קאמוניסטישן מאניפעסט” האט געשפילט פאר זיי דער טאנאך, וואס האט איינגעהיט לעגענדעס וועגן דעם פארביטערטן קאמף פון דער אוראלטער ארעמקייט קעגן די גווירים און אונטערדריקער און וואס איז פול מיט נעוויאישע אויפדעקונגען פון דער אומגערעכטיקייט און פון די מאכטהאבער. עס איז געשאפן געווארן א גאנצער קאדער פון וואנדערנדיקע פריידיקער פונם דאזיקן קאמוניזם, וואס פלעגן אים פארטראגן אין די סאמע פארווארפענע ווינקלען און וואס פלעגן צוזאמענבינדן אינאיינעם די צעבראקלטע באוועגונגען פון די אונטערדריקטע. זיי פלעגן אפווארפן די טיילונג אף ארעמע לייט און גווירים, די רעכט פון די טיראנען, די מיליטער-דינסט און די שוואוע, האבן געפאדערט גלייכקייט פאר אלע מענטשן, בעסויכאם אויך די אויסגלייכונג פון פרויען מיט די מאנסבילן און א. וו.

פיל פון זיי פלעגן פארפירן א געמיינזאמע ווירטשאפט, האבן געלעבט אין קאָ־מונעס. ב׳איים די אויפרעגונגען פון די אונטערדריקטע קלאסן פלעגן די קאָמוניסטן נאטירלאך זיך שטעלן בערויש פון די דאָזיקע אויפ־רעגונגען.

דער פראָטעסט פון דער פארקנעכטעטער אָרעמקייט קעגן די אומגערעכ־טיקע פריווילעגיעס פון די העכערע קלאסן איז זייער גוט אויסגעדריקט אינם באוואוסטן לידל פון די איינגלישע לאָלארדן:

ווען אָדאָם האט געאקערט
און כאווע האט געשפינט,
וואו איז דאמאלט געווען דער אדעלמאן?

קדיי צו געבן א געוויסן באגריף וועגן דעם כאראקטער פון דער פראָפאַ־גאנדע פון די דאמאלדיקע קאמוניסטן, וועלן מיר ברייגנען אן אויסצוג פון דער דראָשע פון דזשאָן בעלן, וואס דער קיניגליכער כראָניקס־שרייבער פרואסאר רופט אים אן „דער משוגענער גאלאך פון קענט" און וואס האָט אגיטירט אין דער צווייטער העלפט פון 14־טן יארהונדערט.

אין דער דראָשע ווערט געזאָגט: „ליבע ברידער, אין איינגלאנד וועט ניט פארקומען קיין שום פארבעסערונג, קאָל זמאן אלע רייכקייטן וועלן ניט ווערן קיין געמיינזאם אייגנטום, עס וועט ניט זיין ניט קיין לייבאייגענע, ניט קיין אדעל־לייט, קאָל זמאן מיר וועלן ניט ווערן אלע גלייכע מענטשן, און די אדעללייט וועלן ניט האבן קיין גרעסערע לשיוועס, איידער מיר — אלע איבעריקע באַסאָר־וואָדאָם. ווי אזוי זיינען זיך די אדעללייט באגאנגען מיט אונדז? פאר וואס האלטן זיי אונדז אין קנעכטשאפט? מיר שטאמען אלע פון איינע און די זעלביקע אוועס, פון אדאמען און כאווען, מיט וואס קאנען די אדעללייט דערווייזן, אז זיי זיינען בעסער פאר אונדז? עפשער מיט דעם, וואס מיר ארבעטן און פראדוצירן דאס, וואס זיי געברויכן? זיי טוען זיך אָן אין סאמעט, זייד און פוטערס, אונדז דינט אלם האלבאשע גראבער לייוונט. זיי האבן ווייַנען, בסאָמים און פלאדנס, — און מיר עסן נאר קלייַען און טרינקען איין וואסער. אף זייער ביילעק זיינען אָנגע־קומען רייַכקייטן און פראכטפולע פאלאצן, אף אונדזער ביילעק — מי און ארבעט, א רעגן און ווינט אין פעלד, אין דאך איז נאר אונדזער ארבעט דער מאקער פון זייער לוקסוס. אונדז רופט מען אָן קנעכט און מע שלאגט אונדז, אויב מיר איילן זיך ניט טייקעף ניט פארזאמענדיק אויסצופירן אלע זייערע פאָדע־רונגען, און מיר האבן ניט קיין קיניג, וואס זאל מאסקים זיין אויסצוהערן אונדז אדער העלפן אונדז צו פארטיידיקן אונדזער רעכט. נאר אונדזער קיניג איז יונג; לאמיר גיין צו אים, לאמיר אים דערציילן וועגן אונדזער קנעכטישן גוירל און לאמיר אים באווייזן, אז ער (דער גוירל) מוז געענדערט ווערן, אנדערש וועלן מיר אליין געפינען א מיטל, ווי אזוי צו באפרייַען זיך פון אים. אויב מיר וועלן זיך פאראייניקן און וועלן אלע אינאיינעם גיין צו אים, וועלן נאך אונדז נאָכגיין אלע יענע, וועלכע מע רופט אָן עווער־קנאיני און מען האלט אין קנעכטשאפט,

וועלכע ווילן אבער דערשלאגן זיך צו זייער באפרייאונג. ווען דער קיניג וועט
אונדז דערזען, וועט ער מיטן גוטן ווילן באפרידיקן א טייל פון אונדזערע פאָ=
דערונגען, אדער מיר וועלן זיך העלפן אף אן אנדער אויפן".

דאָס אונטערדריקטע פויערטום פלעגט זיך גערן צוהערן צו אזעלכע לע=
רעס, וואָס פלעגן אויסדריקן זיין אומצופרידנקייט מיט זיין לאגע און זיין אומ=
קלארעס רייסן זיך צו באפרייאונג. די קאָמוניסטן פלעגן זיך געוויינטלאך שטעלן
בערויש פון די פויערשע אויפשטאנדן, וואָס זיינען צום סאָף פון מיטלאלטער גע=
ווען גאָר ניט קיין זעלטענע דערשיינונג. נאָר די פויערשע אויפשטאנדן פלעגן
געוויינטלאך טראָגן אן אָרטיקן כאראקטער, אין דער צייט ווען די הערשנדיקע
קלאסן זיינען שוין אויך דעמאָלט געווען בעסער אָרגאניזירט און פלעגן זיך גיך
פאראייניקן קעגן די מוירדים, וואָס האָבן אומפארמיידלאך געמוזט ליידן א מאַ=
פּאָלע. דער שווארצער אינטערנאציאָנאל, וואָס איז אין יענע צייטן געווען פאר=
אייניקט דורך דער קאטוילישער קירכע, האָט שוין אויך דעמאָלט געארבעט בע=
סער פארן רויטן.

אין 1304-טן יאָר האָט אין צאָפן איטאליע אויפגעפלאקערט אן אויפ=
שטאנד פון די פויערים, וואָס בערויש פון אים האָט זיך געשטעלט דער יונגער מאָ=
נאך דאָלטשינאָ פון דער סעקטע „די אפּאָסטאָלן-ברידער". דאָס איז געווען
דער ערשטער פרואוו פון א באוואָפנטן קאָמוניסטישן אויפשטאנד אין מאירעוו=
אייראָפּע, דער פויפסט האָט דערקלערט א קרייץ-צוג קעגן די מוירדים, נאָר
ערשט אין דריי יאָר ארום האָט זיך דער אדלשאפט מיט מאטערניש איינגעגעבן
צו דערשטיקן דעם דאָזיקן אויפשטאנר.

אין איינגלאנד האָט זיך די באוועגונג פון די לאָלארדן אויך צוזאמענגע=
גאָסן מיט אן אויפשטאנד פונם פויערטום. אין 1348-טן יאָר האָט אייראָפע
באזוכט א שרעקלאכער פעסט, וואָס האָט געווילדעוועט קאָרעוו צו 20 יאָר און
האָט אוועקגעטראָגן מיליאָנען מענטשן. דער רעזולטאט פונם פעסט איז, אגעוו
אורכע, געווען דער, וואָס עס האָבן זיך שטארק געהויבן די סכירעס. די רעגי=
רונגען האָבן אָנגעהויבן אָננעמען מיטלען קעגן דעם דאָזיקן וואוקס. די פריצים
האָבן זיך פון זייער זייט געפּרואווט ווידער אויפצושטעלן דאָס לייבאייגנשאפט
קדיי ווידער צו באקומען ביליקע ארבעטס-הענט. דער אויפשטאנד האָט זיך
אָנגעהויבן אין 1381-טן יאָר, און דערביי האָבן אין אים גענומען אן איינטייל
סיי די פויערים, סיי די נידעריקערע שיכטן פון דער שטאָטישער באפעלקערונג,
באזונדערס די וועבער. אין קענט איז בערויש פונם אויפשטאנד געשטאנען דער
ציגלמאכער וואָט טיילאָר. די באוועגונג איז דערשטיקט געוואָרן אראנק דער
אויסגעשפּיצקייט פון די העכערע קלאסן, וואָס ס'האָט זיך זיי איינגעגעבן אריינ=
טראָגן א דעמאָראליזאציע צווישן די מוירדים דורכן צוזאָגן האנאָכעס די פויע=
רים. נאָר די לייב איינגשאפט אין איינגלאנד האָט כאקומען פונם דאָזיקן אויפ=
שטאנד אן ענטגילטיקן קלאפּ.

אין 1419-טן יאָר האָט אויפגעפלאקערט א רעוואָליוציענערע באוועגונג פון
בעמען (טשעכיע), אין וועלכן עס האָבן גענומען אן אנטייל פויערים, דאָס
נידעריקערע שטאָטישע קליינבירגערטום און די פּראָלעטאריער, און וואָס בע=

רוּיש פון אים זײַנען אויך געשטאַנען קאָמוּניסטן. די לעצטע האָבן באַקומען דעם נאָמען „טאַבאָריטן“ פון דער שטאָט טאַבאָר, וואָס איז געוואָרן זייער צענטר און זייער צענטראַלע אָפּעראַציאָנס-באַזע.

די טאַבאָריטן האָבן געלערנט: „אין דער צייט וועט אף דער ערד ניט זײַן ניט קיין קיניג אָדער הערשער, ניט קיין אונטערטעניקער, און אַלע צינזן און שטייערן וועלן פאַרשוואונדן ווערן. קיינער וועט ניט צווינגען דעם אַנדערן צו וואָס ס'ניט איז און אַלע וועלן זײַן גלײַכע ברידער און שוועסטער.“ „פּונקט ווי אין דער שטאָט טאַבאָר איז ניטאָ „מײַנס און דײַנס“, נאָר אַלץ איז אַ געמיינ-זאַם פאַרמעגן, אַזוי דאַרף אויך פאַר אַלע מענטשן אַלץ זײַן געמיינזאַם, און קיי-נער טאָר ניט האָבן זײַן אייגנטום, און ווער עס האָט אַזאַ אייגנטום, דער באַ-גייט אַ טויט-זינד.“ די פאַרוואַלטונג דאַרף זיך געפינען אין די הענט פון'ם פאָלק, עס דאַרפן פאַרטיליקט און אויסגעריסן ווערן מיטן וואָרצל, ווי אומקרויטער, אַלע הערן, מענטשן פון אַדעליקער אָפּשטאַמונג און ריטערס, מע דאַרף אויפהערן צאָלן צינזן און שטײַערן, און אַלע באַזונדערע רעכט פון די מלאכים און מלובעס, פון שטעט און פּויערים דאַרפן אָפּגעשאַפט ווערן, אלס מענטשלאַבע און ניט קיין געטלאַכע שאַפונגען“.

אָט די פאָרגייער פונם מאָדערנעם קאָמוניזם האָבן באַוויזן צו שאַפן פון פּויערים און אַרבעטער אַ שטאַרקע מיליטערישע קראַפט, אַ ענלא-כע צו אונזער רויטער אַרמיי, וואָס דאָס אַדעליקע מיליטער האָט געבאַפט פון איר אַ רייִ שווערע מאַפּאָלעס. פינף קרייץ-צוגן קעגן די הוסיטן (זיי האָבן געטראָגן אַזאַ נאָמען נאָכן פּרײַדיקער הוס, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן אין 1415-טן יאָר) האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ שענדלאַכן פיאַסקאָ. נאָר די דאָזיקע גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון די מאַסן איז אומגעקומען פון אינע-ווייניקסטע סטירעס.

די באַוועגונג איז אין אַלגעמיין געקומען געווען אַ רעוואָלוציאָנער-דעמאָ-קראַטישע. עמעס, די קאָמוניסטן האָבן אין איר געבילדעט דעם סאַמע ענער-גישן, באַוואוסטזיניקן און אַנטשלאָסענעם טייל, נאָר זיי זײַנען אָבער פאָרט גע-ווען די מינדערהייט. די מאַסע פון דער טאַבאָריטישער פּאַרטיי איז באַשטאַנען פון קליינע שטאָטישע באַלעבאַטימלאַך און פּויערים, וואָס האָבן זיך ניט גאָר הײַם באַצויגן צום קאָמוניזם. פאַרן קאָמוניזם האָט דעמאָלט אויסגעפעלט דער הויפּט-יעסאָד — די גרויסע פּראָדוקציע. די דאָמינירנדיקע, אויב ניט די אויסשליסלאַכע פאָרם פון דער דעמאָלסדיקער ווירטשאַפט איז געווען אַ קליינע פּויערשע נאַכלע און אַ קליינער האַנטווערקער-וואַרשטאַט. די באַדינגונגען פון דער פּראָדוקציע האָבן געצויגן ניט צום קאָמוניזם, נאָר צו פּריוואַט אייגנטום. אפילע צווישן די טאַבאָריטן גופע האָט ביסלאַכווייז אָנגעהויבן צו פאַרשוואונדן ווערן די גלײַכקייט און דערבײַ זײַנען אויפגעקומען רײַכע און אָרעמע.

וואָס מער עס האָט זיך פאַרצויגן די מילכאָמע, האָט אַלץ מער אײַנגע-מאַטערטקייט און אַ דורשט נאָך שאָלעם אָנגעהויבן צו באַהערשן אַלע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט. אף די טאַבאָריטן האָט מען אָנגעהויבן קוקן ווי אף די הויפּט-מניע פאַר אַ שאָלעם, און די סינע צו זיי איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער.

דאס האט זיי געצוואונגען אנצואווענדן טעראריסטישע מיטלען קדיי צו ראטעווען די רעוואָליוציע. די עקסטרעמע קאמוניסטן, וואס האבן געפאדערט די פולשטענדיקע איינפירונג פון געמיינזאמען אייגנטום און די פארניכטונג פון דער פאמיליע (די „ניקאלאיטן" אדער „אדאמיטן") זיינען געבליבן אין דער מינדערהייט און זיינען צעקלאפט געווארן.

פיל שאדן דער באוועגונג האבן אויך געבראכט די, וואס האבן זיך צוגעשארט צו איר. די ערפאלגן פון די טאבאריטן האבן צוגעצויגן אין זייערע רייען א מאסע אוואנטיוריסטן, באזוכער פון לייכטע פארדינסטן. די דאזיקע געדונגענע האבן ביסלאכווייז געבילדעט די מערהייט פון די קעמפער. צוזאמען מיט זיי זיינען געגאנגען צו די טאבאריטן אויך די בעדאלעס געווארענע אדלליייט. זיי זיינען געווען וויכטיק אלס ספעציאליסטן פונם מיליטערישן איניען, נאר, עס פארשטייט זיך, אז די אידעאלן פון די טאבאריטן זיינען געווען פרעמד דעם רוב פון די דאזיקע ספעצן, ווי זיי זיינען געווען פרעמד די געדונגענע. דאס איז געווען א וואקלדיקער עלעמענט, וואס איז אין דער צייט פון אומערפאלגן גרייטע געווען צו א פארראט.

אט די אלע דערשיינונגען — די אינעווייניקסטע רייסערייען, די צעשטערנדיקע ווירקונג פון די צוגעשארטע, דער פארראט פון די אדעלליייט — האבן באדינגט די ענטגילטיקע מאפאלע פון דער רעוואליוציאנערער באוועגונג. אין 1434־טן יאר האבן די טאבאריטן אין דער שלאכט באם דארף ליפאן געכאפט פון דער ארעליקער ארמיי א שרעקלאכע מאפאלע. די באוועגונג איז אין טאך גענומען שוין פארענדיקט געווארן דורך דעם. די סעקטע פון די „באהעמישע ברידער", וואס איז ארויסגעקומען פון דער דאזיקער באוועגונג, איז ביסלאכווייז געווארן צו נישט.

די טאבאריטן זיינען געשטאנען אף א אינטערנאציאנאליסטישער פאזיציע. זיי האבן געהאלטן פאר נויטיק א געמיינזאמע ארויסטרעטונג פון אלע אונטערדריקטע, אומאפהענגיק פון נאציאנאליטעט. צווישן די „ברידער" איז ארויסגעזאגט געווארן דער געדאנק וועגן באהעפטן צום „עמעס" די גאנצע קריסטלאכע וועלט דורך פרידלאכע איבערצייגונג און, אויב עס וועט זיין נויטיק, איז אויך דורך דער קראפט פון געווער. די טאבאריטישע עמיסארן פלעגן פארגיין אפילע אין דייטשלאנד. די טאבאריטישע פראקלאמאציעס, די אזוי גערופענע „אפיקארסישע בריוו", אין וועלכע זיי פלעגן רופן אלע קריסטן, אומאפהענגיק פון נאציאנאליטעט און שטאנד, צו אן אויפשטאנד קעגן דער מאכט פון די גאלאכים און אפצונעמען די קירכלאכע פארמעגנס, פלעגן דערגיין אפילע ביז איינגלאנד און שפאניע. פון דער פראנצויזישער פראווינץ דאפינע פלעגט מען שיקן קיין באהעמיע געלט־הילף, און אונטער דער ווירקונג פון די טאבאריטישע לערעס איז דא פארגעקומען א ריי אויפפלאקערונגען, בא וועלכע עס זיינען אויך אויסגעהארגעט געווארן פיל הארן. נאר די אלגעמיינע באדינגונגען פון דער עפאכע האבן ניט געגעבן קיין מעגלאכקייט, עס זאל זיך אויסבילדן אן עמעסע אינטערנאציאנאלע באוועגונג פון די אינטערדריקטע.

אין 1525־טן יאָר האָט אויסגעבראָכן אין דאָרעם־דײַטשלאַנד די גרויסע פּויערים־מילכאָמע. די סאַמע אָנגעזעענע פיגור פון דער דאָזיקער באַוועגונג איז געווען דער גאַלאַך טאָמאַס (פּאָמאַ) מיונצער. ער איז געווען אַן אָנהײַנגער פון די „צוויקאַוער אַפּאָסטאָלן”, פון אַ קאָמוניסטישער סעקטע, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אין צוויקאַו, אינם צענטער פון דער באַרג־און וועבערײַ־אינדוסטריע. צווישן זײַנע מײַנונגס־כאַווײרים האָט זיך מיונצער אויסגעצײַכנט מיט זײַן רעוואָליוציאָנערער ענערגיע. ער פלעגט דערווײַזן, אַז נאָר מיט געוואַלט קאָן מען זיך דערשלאָגן דעם טריאומף פון די עוואַנגעלישע אידײען, און האָט אַפּעלירט צו אַלע רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן פון יענער צײַט, ניט באַגרענעצנדיק זיך מיט פּראָפּאַגאַנדע אין דער שמאָלער געמײַנדע פון גלויביקע. באַזונדערס האָט ער געזוען אײַנצושטעלן אַ פאַרבינדונג מיט די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, ביפּראַט מיט די וועבער. אַרויסזאָגנדיק זיך קעגן דער פײַנדשאַפט צווישן באַזונדערע פעלקער, האָט מיונצער אין דער אײגענער צײַט אַנערקענט דעם קלאַסנקאַמף אין די גרענעצן פון אײן פאָלק און איז געווען פאַר בירגער־קריג.

די אַלץ ערגער ווערנדיקע לאַגע פון די פּויערים, וואָס איז, אַגעוו אורכע, אַרויסגערופן געוואָרן דורכן וואוקס פון די נאַטוראַלע און געלטלאַכע אָפּצאָלונגען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַנטוויקלונג פון דער געלט־ווירטשאַפט, האָט געפירט צו אַן אויפשטאַנד. צו די פּויערים איז צוגעשטאַנען דער גרעסטער טײל פון דער באַפעלקערונג פון די שטעט, באַזונדערס פון די קלײנע, און דער איקער, דער פּראָלעטאַריאַט. צו זײ זײַנען אויך צוגעשטאַנען קלײנע אַדעללײַט, וואָס האָבן געגעבן דעם אויפשטאַנד מיליטערישע ספּעציאַליסטן. אַ טײל פון זײ האָט זיך אויפגעפירט העלדיש, ווי, לעמאָשל, פלאָריאַן גײער, און די איבעריקע האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס פאַררעטער, ווי געץ־פאָן־בערליכינגען. די אויפגעשטאַנענע פּויערים זײַנען אויך געשטיצט געוואָרן מיצאַד די באַרגאַרבעטער.

פאַר דעם אויפשטאַנד איז געווען אַ ברײט פאַרצווײַגטע פאַרשווערונג, וואָס אין איר האָט זיך באַטײליקט אויך מיונצער. דעם 17־טן מאַרט פון יאָר 1525 האָט מיונצער מיט זײַן מיטכאַווער פּפײַפער, שטיצנדיק זיך אויף די פּראָלעטאַריער, פאַרכאַפּט די מאַכט אין דער שטאָט מיולהאַוזען און האָבן געגרינדעט דאָרטן אַ קאָמוניסטישע געמײַנדע. די מיולהאַוזענער קאָמונע האָט זיך געהאַלטן צווײ כאַדאָשים, פּונקט ווי די פּאַריזער קאָמונע פון 1871־טן יאָר, וואָס איז אויך פּראָקלאַמירט געוואָרן קימאַט אין דעם אײגענעם טאָג (דעם 18־טן מאַרט). אין אַפּרעל זײַנען אין די אַרץ־בערג אויפגעשטאַנען די פּויערים און די באַרגאַרבעטער. נאָר שאַפן אַ באַוועגונג, וואָס זאָל זײַן פעיִק אַרומצונעמען דאָס גאַנצע לאַנד, און באַזונדערס אַלע לענדער, איז אין יענער צײַט געווען לאַכלוטן אוממעגלאַך. ניט נאָר אײנצלנע געגנטן, נאָר אײנצלנע גרופּעס פון דער באַפעלקערונג אין אײנער און דער זעלביקער געגנט פלעגן האַנדלען יעדערע פאַר זיך, ניט אײנפאַרשטאַנדן, פלעגן אָפּעקגײן פון דער באַוועגונג, ווי נאָר עס פלעגן באַפרידיקט ווערן זײערע ספּעציעלע פאָדערונגען, אָדער, ריכטיקער, ווי נאָר מע פלעגט זײ געבן אַנטשפּרעכנדיקע האַוטאַכעס. אַזוי האָבן געטאָן אין פיל אָרטער

די פויערים, אזוי האבן אויך געטאן די בארג-ארבעטער, וואס האבן שפעטער ביטער געליטן פאר זייער נאאיווע צוטרויליכקייט, ווייל מע האט פארשטייט זיך, כוצפעדיק איוועך געוועזן די געגעבענע זיי האוטאכעס. אין דער צייט ווען דאס פאלק האט געהאנדלט צעבראקלט, ניט קוקנדיק אף די באמיאונגען פון אזעלכע מענטשן, ווי מיונצער, פלעגן די פירשטן ארויסטרעטן סאלידאריש און האבן סאף קאל סאף דערשטיקט דעם אויפשטאנד. דעם 25-טן מאי [1]) האט זיך מיולהאוזען אונטערגעגעבן, און זיינע איינוואוינער האט מען צוגעזאגט צו באגנעדיקן. נאר די פירשטן האבן ניט געהאלטן זייער ווארט און האבן איבערגעגעבן צום טויט פיל שטאטאיינוואוינער, בעסויכאם אויך דעם גרויסן רעוואליוציאנער מיונצערן.

די פירשטן און די פריצים האבן זיך אכזאריש נויקעם געווען אן די מוירדים. דער פירער פון דער בורזשואזער רעפארמאציע מארטין ליוטער האט מיט זיין גאנצן אווטאריטעט געשטיצט די דאזיקע ווילדקייטן פון די טאליאנים און האט אפילע געזועען צו בארעכטיקן זיי אויך אידייאיש. ניט לאנג פאר דעם האט ער אנגערופן די פויערים „ליבע הארן“ און „ברידער“ און האט אנערקענט, אז נאר דער אומדערטרעגלאכער דרוק האט זיי געצוואונגען אויפצושטיין. און איצט האט ער זיי דערקלערט פאר רויבער, ראצכים און משוגענע הינט, און האט רעקאמענדירט אויסצוראטן זיי אן שום ראכמאנעס. דא איז ניט קיין ארט פאר געדולד און ראכמאנעס,—האט ער געשריבן,—עס איז געקומען די צייט פון שווערד און צארן און ניט די צייט פון כעסעד. ווער עס וועט פאלן פאר די מאכט, דער איז אן עמעסער קאדעש פאר גאט. ווער עס וועט פאלן אפן צאד פון די פויערים, דעם איז אף אייביק באשערט העלישער פייער... שטעך, שלאג, שטיק, ווער עס קאן! אויב דו וועסט דערביי געפונען דיין טויט, איז וואויל צו דיר, ווייל מיט קיין הייליקערן טויט וועסטו קיינמאל ניט שטארבן!“

פאר דער לעצטער מאסן באוועגונג פונם אפיקארסיש האנטווערקעריש-פויערשן קאמוניזם דארף מען אנערקענען דעם אויפשטאנד אין מיונסטער.

אין דער וועסטפאלישער הויפטשטאט מיונסטער האט אין 1533-טן יאר דאס דעמאקראטישע קליינבירגערטום, וואס איז געווען פאר דער רעפארמאציע, באקומען די אויבערהאנט איבער די אריסטאקראטישע אנהייגער פון דער קאטוילישער קירכע. צווישן די נידעריקערע שיכטן פון דער שטאטישער באפעלקערונג איז ברייט פארשפרייט געווארן דער אנאבאפטיזם (די לערע פון די איבערטויפער). אין אנהויב פון 1534-טן יאר האבן די אנאבאפטיסטן, שטיצנדיק זיך אפן האמוין, פארכאפט די מאכט. די נייע וואלן האבן זיי געגעבן א מערהייט, און אין מיונסטער איז איינגעשטעלט געווארן א קאמוניסטישע געמיינדע. דאס ערשטע מאל אין דער געשיכטע טרעט אין מיונסטער ארויס דער קאמוניזם אלס א זעלבשטענדיקע קראפט, וואס האנדלט אף איר אייגענע אכראיעס און וואס פארווירקלאכט איר אידעאל.

---

1) דעם 25.-טן מאי איז געפאלן אויך די פאריזער קאמונע פון 1871-טן יאר.

אינגיכן האָט זיך בעריויש פון דער מיונסטערער קאָמונע געשטעלט דער יונגער איאָאַן באַקעלזאָן, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען דער לײַדענער, אַ זון פון אַ לײַבקנעכט. איין צײַט איז ער געווען אַ שנײַדער-געזעל, דערנאָך אַ סויבער, איז אינגיכן בעדאַלעם געוואָרן און איז, לעסאָף, געוואָרן אַ פאַרברענטער קאָמוניסט (אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אונטער דער ווירקונג פון מיונצערס ווערק). קיין מיונסטער איז ער אָנגעקומען פון נידערלאַנד.

ארומגערינגלט פון אַלע זײַטן מיט סאָנים, האָט מיונסטער פאָרגעשטעלט אַ שטאָט, אָן אָפּגעשניטענע פון דער גאַנצער וועלט. קדיי דורכצופירן רעפאָרמעם, האָט דער מיונסטערער קאָמונע אויסגעפעלט צײַט, ווי שפּעטער דער פּאַריזער. מע האָט געדאַרפט טראַכטן, קודעם קאָל, וועגן זעלבסטשוץ, וועגן באַוואָפענונג, וועגן דערנערן די באַפעלקערונג, וועגן אָננעמען מיטלען קעגן די פאַררעטער פון די פריערדיקע הערשנדיקע קלאַסן, וואָס האָבן זיך פאַרבונדן מיט די אויסגווייניקסטע סאָנים. קעגן איין שטאָט האָט זיך אויפגעהויבן די גאַנצע דײַטשישע מלוכע. ניט קוקנדיק אָף די פאַרצווייפלטע רופן פון די מיונסטערער, האָבן די איבעריקע שטעט זיי ניט אונטערגעהאַלטן. איינצעלנע פּרואוון צו קומען זיי צו הילף זײַנען דורכגעפאַלן. נאָך אַ פאַרצווייפלטן ווידערשטאַנד איז די באַזיגטע דורכן הונגער העלדישע שטאָט נעפאַלן דעם 25=טן יוני פון יאָר 1535. די נעקאָמע אָן די באַזיגטע איז געווען אַ שרעקלאַכע. איאָאַן לײַדענער איז שרעקלאַך געפּייניקט געוואָרן. דער העלדישער פּעריאָד פונם קריסטלאַכן קאָמוניזם האָט זיך פאַרענדיקט.

* * *

די לעצטע, אָבער שוין אַ שטאַרק אָפּגעשוואַכטע אַנטפּלעקונג פונם רעליגיעזן קאָמוניזם באַגעגענען מיר ב׳איים דער איינגלישער רע־וואָליוציע אין מיטן פון 17־טן יאָרהונדערט. אזא ריכטונג געפינען מיר אין דער פאַרטיי פון די לעוועלערן (אויסגלייכער), וואָס האָבן באַקומען אזא נאָמען פון זייערע קאָנסערוואַטיווע קעגנער, און וואָס האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך דעם ראַדיקאַלסטן פליגל צווישן די סאָנים פון דער מאָנאַרכיע. די לעוועלערן־פאַרטיי איז, אלס אַ גאַנצעס, גאָר ניט געווען קיין קאָמוניסטישע; זי האָט גיכער פאָרגעשטעלט מיט זיך דאָס, וואָס מען רופט עס אָן איצט בורזשואַזע דע־מאקראַטיע. זייער פּראָגראַם האָט געפאָדערט אַן איינערלאַכן פאַרלאַמענט, וואָס אים דאַרף געהערן די גאַנצע מאַכט; אַלגעמיינעם וואַלרעכט פאַר בירגער, וואָס זיינען אַלט 21 יאָר און וואָס באַקימען ניט קיין נעדאָוויע אָדער(!) סכירעס;[1] פרייהייט פון געוויסן און אָפּטיילן די קירכע פון דער מלוכע; די אָפּשאַפונג פון אַלע צינזן, אָפּצאָלונגען און שטייערן, וואָס דאַרפן פאַרביטן ווערן דורך א די־רעקטן האַכנאָסעס־שטייער; די אָפּשאַפונג פון אַלע פּריווילעגיעס און אויסנאַמס־לאַגעס; די פאַרבייטונג פון דער אַרמיי מיט א פאָלקס־מיליציע; די אויסגעקליבנ־קייט פון די באַאַמטע; דעם געריכט פון געשוואָרענע; די פאַרזאָרגונג פון אָרע־מע לייט, אינוואַלידן און זקיינים אָדער פאַרשאַפונג פון ארבעט פאַר זיי. אין פיל פּראָטים האָט די דאָזיקע פּראָגראַם פאָראויסגעזעען די צוקונפטיקע פּראָגראַם פון די טשאַרטיסטן.

דער שטיצפונקט פון די לעוועלערן איז געווען די רעוואָליוציאָנערע אַרמיי. די דאָזיקע אַרמיי האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך די אָרגאַניזירטע דעמאָק־ראַטיע פון איינגלאַנד. איר מאַסע האָבן געבילדעט פויערים און האַנטווערקער, ביפראַט ארבעטער פון דער וואָלנס־אינדוסטריע (וועבער און אנד.) און די אָפיצערן זיינען געווען ראַדיקאַלע בורזשואַ אָדער מענטשן, וואָס זיינען ארויס פון דער פאָלקס מאַסע. קדיי צו זיכערן זיך פון אַטענטאַטן מיצאַד די סאָנים פון דער דעמאָקראַטיע, האָט די אַרמיי געשאַפן אַן אינסטיטוט, וואָס דערמאָנט טיילווייז אונדזערע ראַטן פון סאָלדאַטן־דעפּוטאַטן, נעמלאַך, יעדער פאָלק פלעגט אויסקלייבן צוויי „אַגיטאַטאָרן" (דעלעגאַטן) פון די סאָלדאַטן אָדער אונטער־אָפיצערן, און די דאָזיקע אַגיטאַטאָרן פלעגן צוזאַמען מיט די באַש־טימטע פון יעדער פאָלק צוויי אָפיצערן בילדן דעם ראַט פון דער אַרמיי.

נאָר דער אויסדריקער פון די אַמערסטן עקסטרעמע אַנשויאונגען איז געווען ניט די לעוועלערן־פאַרטיי אינגאַנצן גענומען, נאָר איר לינקער פליגל, וואָס איז באַ־

[1] די פּראָלעטאַריער האָבן, הייסט עס, ניט באַקומען קיין וואַלרעכט. אגעוו, האָט דער פּראָלעטאַריאַט דעמאָלט ניט געשפּילט אין איינגלאַנד קיין אַנגעזעענע ראָלע און איז געווען אין א קליינער צאָל.

וואוסט אינטערן נאמען „עמעסע לעוועלערן”. דער דאזיקער פליגל איז טאקע ווירקלאך געווען באפארבט מיט א קאמוניסטישער פארב. ער האט ניט נאר געמאַכט א פרואוו צו ארגאניזירן קאמוניסטישע זעלבסטהילף, נאר האט זיך אויך דערטראכט ביז א פראעקט פון פולשטענדיק איבעראנדערשן די געזעלשאפט אף קאמוניסטישע יעסוידעס.

די פרואוון פון די עקסטרעמע לעוועלערן ארויסצורופן א רעוואליוציאָנערע באוועגונג צווישן די לאנדווירטשאפטלאכע ארבעטער קעגן די ערד-אייגנטימער (א שטרייק, אפצוזאגן זיך צו צאלן די ארענדע און אנד.) האבן זיך ניט איינגעגעבן און זיינען דערשטיקט געווארן. נאר דעם הויפט-קלאפ האבן די עקסטרעמע לעוועלערן באקומען דעמאלט, ווען עס האט זיך ניט איינגעגעבן זייער אויפרעגונג אין דער ארמיי, וואו עס זיינען געווען קאנצענטרירט די אמערסטן אקטיווע עלעמענטן פונם פייערטום און פון די ארבעטער. די רייכע בורזשואזיע פון סיטי האט געפייערט דעם ניצאכן איבער די מויירדים דורך א פייערלאכן באנקעט לעקאוועד דעם דיקטאטאר קראמוועל, וואס האט גערעטעוועט דעם „הייליקן פרינציפ פון אייגנטום”. די באוועגונג פון די לעוועלערן איז דערשטיקט געווארן, און ערשט אין הונדערט פופציק יאר ארום זיינען די איינגלישע ארבעטער ארויסגעטראטן אלס אן אקטיווע קראפט, וואס האט אנגעשריבן אף איר פאן פיל פון די פאדערונגן, וועלכע עס האבן ארויסגעשטעלט די דאזיקע פיאנערן.



## I.

# די אַרבעטער-באַוועגונג אין ענגלאַנד.

ווי מיר האָבן געזאָגט, הויבט זיך די ארבעטער באוועגונג אינם מאָדערנעם זין פון וואָרט ערשט אָן מיט דער אנטוויקלונג פון דער קאפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע אין איר העכסטער פאָרם, דאָס הייסט מיט דער אנטוויקלונג פון דער גרויסער מאַשינען-אינדוסטריע. און אזוי ווי די דאָזיקע אינדוסטריע האָט זיך אנטוויקלט ריישים קאָל אין ענגלאנד, איז די לעצטע געווען דאס געבורטס-לאנד פון דער נייסטער ארבעטער-באוועגונג.

די געאָגראַפישע אנדעקונגען פון 15-טן און 16-טן יאָרהונדערטער, די אויפקומונג פונם וועלט-מאַרק און די אַנטוויקלונג פונם האנדל האָבן געגעבן אַ שטאַרקן שטויס דער קאפּיטאַליסטישער סיסטעם. די אָנזאַמלונג פונם קאַפּיטאַל, די אַנטוויקלונג פון דער טעכניק, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער פאַרברייטערונג פונם מאַרק, פון דעם, וואָס די פּויערים האָבן פארלאָרן זייער ערד, האָבן געשאַפן באַדינגונגען פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע. די מיט געוואלט דורכגעפירטע עקספּראָפּיאירונג פון די פּויערים, וואָס האָט אָנגענומען באזונדערס ווילדע פאָרמען אין ענגלאַנד, אָנהויבנדיק פון 15-טן יאָרהונדערט, די צעפאַלונג פון די קוסטאר-געווערבן, וואָס האָט אויסגעטיילט אף איין עק די קאַפּיטאַליסטן-אויפקויפער, און אַפן צווייטן—אָפּהייננגיקע פון זיי אַרבעטער, האָבן צוגעגרייט ברייטע קאַדרען פונם פּראָלעטאַריאַט. די ערפינדונג פון מאַשינעס, סיי פון אַרבעטס-מאַשינעס (די שפּינערײַ און וועבערײַ-מאַשין), סיי פון באַוועגנדיקע (אוטאָם דאַמף-מאַשין) האָבן געמאַכט אָן אָנהויב פון דער אינדוסטריעלער רעוואָליוציע, אַרויסרופנדיק אַ פולשטענדיקע איבערקערעניש אין די פריערדיקע פּאַטריאַרכאַלישע פּראָדוקציאָנס-פאַרהעלטענישן.

דאָס לעצטע דריטל פונם 18-טן יאָרהונדערט איז געווען די טקופע, ווען ס'איז געבאָרן געוואָרן און עס האָט זיך גיך אַנטוויקלט די מאַשינען-אינדוסטריע. די אַרבעטנדיקע מיט דאַמף מעכאַנישע פאַבריק האָט אָוועקגעהאַרגעט די קליינע האַנטווערקערײַ, וואָס האָט ביז דעמאלט דאָמינירט אין דער אינדוסטריע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן רואינירונג פון די קליינע האַנטווערקער און זייער

פארוואנדלונג אין פראלעטאריער. בלויז האנט־וועבער איז עקספראפריאירט געווארן קארעוו צו א מיליאן. א טייל פון זיי האט געארבעט אין די פאבריקן, די איבעריקע זיינען געווען פארמישפעט אויסצושטארבן פון הונגער און אומגעהערטן דאלעס, וואס האט זיך אנגעהויבן צווישן דער ארבעטער־באפעלקערונג פון איינגלאנד. די ארבעט פון דערוואקסענע מאנסבילן איז ארויסגעשטופט געווארן דורך דער מער־ביליקער ארבעט פון פרויען און קינדער. די קאפיטאליסטן האבן צוגעצויגן צו דער פאבריק־קאזארמע קינדער פונם סאמע צארטן עלטער. די פאמיליע פונם ארבעטער איז צעשטערט געווארן, ער אליין איז ארויסגעווארפן געווארן אפן גאס אדער פארוואנדלט געווארן אין א נעבעכדיקן קנעכט. און ווען ער פלעגט וועלן פראטעסטירן, פלעגט זיך אף אים ארויפווארפן מיט זיין גאנצער לאסט דער אכזארישער בורזשואזער געזעץ. די אלטע פאלי־ציייאישע געזעצן פון על זאבעטעם צייטן, וואס פלעגן נאך ווי ס'ניט איז פארהיטן די אינטערעסן פון די ארבעטער, פלעגן אן צערעמאניעס געשטערט ווערן דורך די טרי־אומפירנדיקע קאפיטאליסטן, און דער פארלאמענט, צו וועלכן די ארבעטער פלעגן זיך ווענדן נאך פארטיידיקונג, האט זיך אינגאנצן געשטעלט אפן צאד פון די באלעבאטים.

די אנטוויקלונג פון דער מאשינען־אינדוסטריע האט געפירט צום גיכן וואוקס פון די שטעט און צו דער אויסבילדונג פון נייע אינדוסטריעלע יישואווים. די קאנצענטרירטע אין די דאזיקע ערטער גרויסע מאסן ארבעטער־פלעגן דורכגעדרונגען ווערן מיט א רעוואלוציאנערן גייסט, עס האט זיך אנגעהויבן א קאמף פון די פאראומגליקטע פראלעטאריער קעגן דער נייער קנעכטשאפט, וואס עס האט פאר זיי געטראגן די גרויסע אינדוסטריע. שוין די ערשטע מאשינעס (נאך אין 17־טן יארהונדערט) האבן ארויסגערופן קעגן זיך אן אויפרעגונג פון די ארבעטער ניט נאר אין איינגלאנד, נאר אויך אפן קאנטינענט. און צום סאף פון 18־טן און פון אנהויב פון 19־טן יארהונדערטער האט די צעשטערונג פון מאשינעס אנגענומען אן עפידעמישן כאראקטער־עם האט זיך געבילדעט א געהיימע געזעלשאפט פון מאשינעס־צעשטערער—די לעדיטן. אין 1812־1811־טע יארן איז דער לעדיזם געווארן א מאסן באוועגונג. די בורזשואזיע איז געווארן אומרואיק און די רעגירונג האט אריינגעטראגן אין פארלאמענט א פראעקט פון א געזעץ, וואס האט געשטראפט מיט טויט פאר צעשטערן מאשינעס. קעגן דעם דאזיקן פראעקט איז ארויסגעטראטן אין דער לארדן־קאמער דער גרויסער פאעט בייראן, נאר דער ביל האט אין מארט פון יאר 1812 באקומען די קראפט פון א געזעץ. פאר ארויסגעבן די לעדיטן איז באשטימט געווארן א באלוינונג ביז 20 טויזנט רובל. מע האט אנגעהויבן צו באשטראפן מיטן טויט ארבעטער אין די צענדליקער. דער דאזיקער ווייסער טעראר האט דערשטיקט אף א צייט די באוועגונג פון די לעדיטן. נאר אין 1816־טן יאר האט זי אויפגעפלאקערט מיט א נייער קראפט, און בייראן האט זיי געווידמעט א ליד, אין וועלכן ער האט זיי פארגליכן מיט די קעמפער פאר דער באפרייאונג פון די פאראייניקטע שטאטן פון אונטערן איינגלישן יאך.

די איינגלישע ארבעטער האבן געפונען אנדערע מיטלען צו פירן א מאסן קאמף מיט זייערע אונטערדריקער. זיי האבן אנגעהויבן בילדן פאראיינען צו פארטיידיקן זייערע געמיינזאמע אינטערעסן. ארבעטער־פאראיינען הייבן זיך אן אויסצובילדן אין איינגלאנד שוין פון אנהויב פון 18־טן יארהונדערט. נאר באזונדערס גיכן וואוקס האבן זיי באקומען צום סאף פון 18־טן יארהונדערט מיט דער אנטוויקלונג פון דער גרויסער אינדוסטריע. די דאזיקע פאראיינען פלעגן עקסיסטירן געהיים אדער האלבלעגאל, פלעגן אפט אויפקומען אין צוזאמענהאנג מיט שטרייקן; זיי פלעגן פונקט אזוי גיך צעפאלן ווערן, ווי זיי פלעגן זיך אויסבילדן. דורכגעדרונגענע מיט א מוירדישן גייסט, פלעגן די אנטיילנעמער פון די דאזיקע פאראיינען זיך ניט אפשטעלן פאר אנווענדן געוואלט־מיטלען בענויגייע צו פאררעטער פון דער ארבעטער סוויווע, און אויך צו באזונדערס אכזארישע אדער ניט נאכגיביקע פאבריקאנטן. די בורזשואזיע האט גלייך פון אנהויב אן דערקלערט די פאראיינען א מילכאמע אף טויט. אין משך פון גאנצן 18—טן יארהונדערט פלעגן קעסיידער ארויסגעגעבן ווערן געזעצן קעגן פאראיינען. א באזונדערע סינע מיצאד דער בורזשואזיע פלעגן ארויסרופן די פאראיינען, וואס פלעגן זיך שטעלן פאר א ציל ארייננצומישן זיך אין איינשטעלן די גרויס פון די סכירעס און די ארבעטס־באדינגונגען. דאס איז אנערקענט געווארן פאר א ניט דערלאזבארן פארזוך קעגן דעם הייליקן פרינציפ פון פרייער קאנקורענץ. אין 1799—טן יאר איז ארויסגעגעבן געווארן א געזעץ, וואס איז באשטעטיקט געווען אין 1800—טן יאר און וואס האט לעגאמרע פארווערט די אויסבילדונג פון פאראיינען אין דער אינדוסטריע. אפן ווארט איז דער דאזיקער פארבאט כאל געווען אף די ארבעטער און אף די באלעבאטים, נאר אין דער טאט פלעגן געטרויידעפט ווערן נאר ארבעטער־פאראייניקונגן.

די ארבעטער פאראיינען איז אויסגעקומען אוועק אין דער אונטערערד. באזיך רעכט מאכן אזא רעכטלאזע לאגע וואס האט שרעקלאך געדריקט די ארבעטער אין זייער קאמף פאר עקסיסטענץ—האבן זיי ניט געוואלט, און האבן אנגעהויבן א קאמף פאר דעם, אז דער געזעץ זאל אנערקענען די פרייהייט פון פאראיינען. די דאזיקע באוועגונג האט זיך איבערגעפלאכטן מיטן אלגעמיינעם פאליטישן קאמף פונם איינגלישן פראלעטאריאט.

אויפגעטרייסלט דורך דער אינדוסטריעלער איבערקערעניש, האט זיך איינגלאנד אריינגעמישט אין די פראנצויזישע איניאנים, און איז געווארן דער הויפט־צענטער פונם קאמף קעגן דער פראנצויזישער רעוואליוציע. אין אט דער שטורמישער צייט האט זיך טאקע אנגעהויבן די ערשטע פאליטישע באוועגונג פון די ארבעטער, וועלכע איז געווארן באפארבט מיט א רעוואליוציאנערער פארב. עס האבן זיך געגרינדעט ראדיקאלע געזעלשאפטן, וואס האבן מיטגעפילט די עקסטרעמע פראנצויזישע רעוואליוציאנערן און האבן געצייל\ט אין זייערע רייען, אכוץ דער דעמאקראטישער אינטעליגענץ, פיל ארבעטער. עס איז באשלאסן געווארן צונויפצורופן אין עדינבורג אן אלגעמיין־בריטאנישן קאגוועגט אף אויסצוארבעטן מיטלען צו ערשבערן אלגעמיינע וואלרעכט און יערלאכע באנייאונג פונם פארלאמענט( די דאזיקע פאדערונגען

וועלן מיר שפּעטער טרעפן אין דער „פאלקס=באַרטויע"). דער קאנווענט האָט זיך צונויפגעקליבן אין נאיאַבר פון יאר 1793, האט דערקלערט זיינע זיצונגען פאר פערמאנענטע, נאר ער איז פאנאנדערגעטריבן געוואָרן דורך א באוואפנטער קראַפט. אבזארישע געריכטלאכע אורטיילן האבן ניט אפּגעשטעלט די באוועגונגען און איין צייט האט זיך געדוכט, אז אין איינגלאנד וועט אויסברעכן א רעוואָליוציע. עס פלעגן זיך צונויפקלייבן גרויסע מיטינגען: אזוי איז אף איינעם פון זיי, וואס איז צונויפגערופן געוואָרן צו באַהאנדלען די פראגע וועגן שיקן אן אדרעס דעם פראנצויזישן קאנווענט, האט זיך צונויפגעקליבן 30 טויזנט מאן, און אין איין דעמאָנסטראַציע אין לאָנדאן האבן גענומען אן אנטייל אפילע 150 טויזנט מאן. אין דעם קיניגלאכן עקיפאזש, וואס איז פארבייגעפארן, האט מען א ווארף געטאן א שטיין, וואס האָט דאָרט אויסגעבראכן א שויב. דעמאלט זיינען פארווערט געווארן פארזאמלונגען, און עס האט זיך אנגעהויבן די ווירקונג פון אויסנאמס=געזעצן. אין 1799=טן יאר זיינען פארווערט געווארן קלובן (דער דאזיקער געזעץ איז געווען גילטיק ביזן 1846=טן יאר און האט שפעטער שטארק געדריקט די טעטיקייט פון די טשארטיסטן), און פון 1800=טן יאר איז ארויס א געזעץ, וואס האט פארווערט קאאליציעס, און די ארבעטער באוועגונג איז אף אזוי אויפן פארשמידט געוואָרן אין קייטן.

נאר די שטימונג פון די ארבעטער איז אויך ווייטער פארבליבן א רעוואָליוציאנערע. אין דער צייט איז צווישן די ארבעטער שטארק פארשפרייט געווען דער טאסט: „זאָל דער לעצטער קיניג דערשטיקט ווערן דורך דער לעצטער קישקע פונם לעצטן גאָלאך!" (ווערטער, וואס באגעגענען זיך אינם באוואוסטן ליד, וועלכן מע שרייבט צו פושקינען). אין דער צייט האט אויך אויפגעבליט די באוועגונג פון די לעדיטן.

די נאפּאָלעאָנישע מילכאמעס האבן זיך פארענדיקט אין 1815=טן יאר. נאָר די רעוואָליוציאָנערע אגיטאציע איז ניט נאר ניט פארשוואונדן געוואָרן מיטן אנקומען פונם שאלעם, נאר זי איז, אדראבע, געוואָרן שטארקער. די שווערע עקאנאמישע לאגע פון די מאסן, די נויט און ארבעטסלאזיקייט, די נידעריקע סכירעס און דער אלגעמיינער יאקרעס, די באזונדערס הויכע פרייזן אף ברויט און אויך די שרייענדיקע פאָליטישע אומגלייכקייט האָבן דערפירט די אומצופרידנקייט פון די ברייטע שיכטן פונם פראָלעטאריאט און פון דער קליינער בורזשואזיע ביז אן אפענער אויפרעגונג. פון 1816=טן יאר טרעט דאס לאנד אריין אין א רעוואליוציאנערן פעריאָד: עס הויבן זיך אן פארזאמלונגען, בעסויכאם אויך מיטינגען פון ארבעטסלאָזע, פאליטישע דעמאָנסטראציעס, וואו ניט וואו פלאקערן אויף ארטיקע בינטן.

די רעגירונג ענטפערט אף דעם מיט פאליציייאישע רעדיפעס מיט טויטשטראפן און מיט צעווילדעוועטן באלעבאטעווען פון פראוואקאטארן, אין נאטינגעם האבן די לעדיטן צעשטערט 30 זאקן=מאשינעס. אין איניקע גראפשאפטן פלעגן די לאנדווירטשאפטלאכע ארבעטער אינטערצינדן קופעס היי, פלעגן ברעכן די דרעש=מאשינעס און פלעגן איינארדענען פראצעסיעס מיט פאנען, אף וועלכע

ס'איז געווען אנגעשריבן: „ברויט, אדער בלוט!". די באַרגאַרבעטער פון ניוקעסטל אפן טייך טאַין האבן אָרגאַניזירט א פראצעסיע קיין לאָנדאָן מיט אן אויפשריפט אף אַ גרויסן פלאַקאט: „מיר זיינען גרייט צו אַרבעטן און ניט צו בעטן נעדאָוועס". די פאליציי האט ניט דערלאזט די פראצעסיע. אין אייניקע ערטער האט דער האַמויִן ראַבירט קראַמען מיט עסנווארג, אין גלעזגאָ איז פארגעקומען א צוזאַמענשטויס צווישן די אַרבעטער מיט דער פאליציי, וואס האט זיך פאַרענדיקט מיט א בלוט פאַרגיסונג.

די אַגיטאַציע האט ניט אויפגעהערט. אירע לאָזונגען זיינען געווען: די אָפּשאַפונגען פון טוואָרע=געזעצן, וואס אַדאַנק זיי איז טייער געוואָרן ברויט, און די איינפירונג פונם אַלגעמיינעם וואַלרעכט, וואס האט געזאלט געבן די אַרבעטער א ווירקונג אף די געזעצגעבונג. איצט איז דער צענטער פון דער אַגיטאַציע אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון לאָנדאָן אין אינדוסטריעלן מאַנטשעסטער. דעם 16—טן אַווגוסט איז אין פּעטערלאָאָ, ניט ווייט פון מאַנטשעסטער, פאַרגעקומען א גראַנדיעזער מיטינג מיטן אַנטייל פון 80 טויזנט מאַן. די הוסאַרן האבן פאַנאַנדערגעטריבן דעם מיטינג מיט שווערדן, און דערביי זיינען פיל אַרבעטער דערהאַרגעט געוואָרן. דאָס האט נאָר צוגעגאָסן אייל אין פייער. אף די וואַקסנדיקע אירונג אין די מאַסן האט די רעגירונג געענטפערט מיט אַרויסגעבן זעקס אַקטן, וואס האבן באַקומען דעם נאָמען געזעצן=קלעמען און וואס האבן פאַרווערט פאַרזאַמלונגען, באַוואָפענונג און מיליטערישן אונטעררי‌כט פון בירגער, וואס האבן פאַרשטאַרקט די מאַכט פון דער פאליציי און פון די געריכטן און וואס האבן, דער איקער, געמאַכט פאַר אוממעגלאַך אַרויסצוגעבן ביליקע פּאָליטישע ליטעראַטור.

אַ טייל פון די עקסטרעמע ראַדיקאַלן האבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן פאַרשווערונגען מיט טעראָריסטישע צילן. דאָס האבן אויסגענוצט פּראָוואָקאַטאָרן, וואס האבן אויפגעגעבן די פאַרשווערער דעם געדאַנק אויפצורייסן דעם פּאַרלאַמענט און וואס האבן זיי אין דער געהעריקער רעגע אַרויסגעגעבן דער פאליציי. פינף פאַרשווערערס זיינען אויפגעהאַנגען געוואָרן. קדיי אַריינצוטראָגן אַ שפּאַלטונג אינם לאַגער פון דער אָפּאָזיציע, האט די רעגירונג, פון דער אַנדער זייט, דורכגעפירט עטלאַכע טיילווייזע רעפאָרמעס. איינע פון זיי איז געווען די אָפּשאַפונג פון די פאַרבאָט=באַשלוסן קעגן אַרבעטער קאָאַליציעס, וואס איז דורכגעפירט געוואָרן אין 1824=טן יאָר. די פּראָטעסטן פון די באַלעבאַטים האט געפירט צו דעם, אַז אין אַ יאָר אַרום איז דער געזעץ איבערגעקוקט געוואָרן אין אַ ווייניקער גינסטיקן פאַר די אַרבעטער זין. דער געזעץ פון 1825 יאָר האט דערלויבט אַרבעטער=קאָאַליציעס, נאָר אויסשליסלאַך אף איינצושטעלן די גרויס פון די שכירות און די לייַנג פונם אַרבעטס=טאָג. אַריינמישן זיך אין אַזעלכע פראַגן, ווי באַשטימען די צאָל לערן=אינגלאַך אָדער באַזייטיקן שטיקשכירות, און אויך דערשלאָגן זיך צום פאַרגרעסערן די שכירות דורך גוואַלט, דראָאונגען, אָנשרעקענישן, באַליידיקונג אָדער שטערעניש איז געווען פאַרווערט, און די שולדיקע אין דעם פלעגן פאַרמישפּעט ווערן צו דריי כאָדאָשים צוואַנגסאַרבעט. די געריכטן פלעגן ברייט אָנווענדן דעם דאָזיקן אומקלאָרן פּאַראַגראַף,

פארמישפטנדיק צו ארעסטאנטן־ראטעס ארבעטער, וואס פלעגן פארווארפן די שטרייקברעכערס, וואס ארבעטן אין דער צייט פון א שטרייק.

ניט קוקנדיק אף די כעסרוינעס און האלבקייט פונס געזעץ, האבן די ארבעטער זיך געאיילט אויסצוניצן אים. אין אלע אינדוסטריע־געביטן האבן זיך אנגעהויבן ארגאניזירן פאראיינען, וואס האבן באקומען דעם נאמען טרעד־יוניאנס. נאר די ארבעטער האבן זיך גאר גיך אנטטוישט אין די ליכטיקע האפענונגען, וואס זיי האבן פארבינדן מיט די דאזיקע פאראיינען. עס איז אנגעקומען א אינדוסטריעלער קריזיס, און די שטרייקן, וואס די ארבעטער פלעגן איינארדענען קדיי צו העכערן די סכירעס, פלעגן זיך דאס ראוו ניט איינגעבן. די ארבעטער האבן זיך אף דאס ניי אומגעקערט אפן וועג פון פאליטישער אגיטאציע.

די ליבעראלע בורזשואזיע האט ניט אויפגעהערט צו קעמפן פאר א וואלרעפארם. זי האט ניט געפאדערט, עס זאל איינגעפירט ווערן אלגעמיינע וואלרעכט, וואס עס האבן נאך דא ניט לאנג געוואלט דערשלאגן זיך די ראדיקאלן און די ארבעטער. זי האט נאר געוואלט אזא פארברייטערונג פונס וואלרעכט, וואס זאל געבן א פארשטייערשאפט די גרויסע אינדוסטריעלע צענטרן, וואס זיינען אויפגעקומען נאך דער אינדוסט־יעלער רעוואליוציע און וואס זיינען ניט פארגעשטעלט געווען אינעם פאררעפארמדיקן פארלאמענט. די ארבעטער־מאסן פון די אינדוסטריעלע צענטרן האבן געגעבן די וויגן (ליבעראלן) יענעם האמוין, וואס פלעגט גייען אף מיטינגען, פלעגט אנטייל נעמען אין די דעמאנסטראציעס און א. וו. נאר די ארבעטער זיינען אין זייערע פאליטישע פאדערונגען געגאנגען ווייטער פון דער ליבעראלער בורזשואזיע. פון 1831־טן יאר איז אין לאנדאן געגרינדעט געווארן א נאציאנאלער פא־באנד פונס ארבעטער קלאס וואס האט זיך געשטעלט פאר א ציל צו עראבערן אלגעמיין וואלרעכט און דורכצופירן מאסמיטלען וועגן כעוורעס און קאאפע־אטיוון. בערוויש פונס פארבאנד זיינען געשטאנען אוועניסטן, ראבערט אוענס אנהייגנער.

ראבערט אוען, איינער פון די גרויסע אוטאפיסטן, האט געפרעדיקט א פרידלאכן קאמוניזם. א סוינע פון פריוואטאייגנטום און פון קאפיטאליזם, איז אוען געווען פאר דער אײַנארדענונג פון א נײַער געזעלשאפט, וואס אין איר זאל הערשן פולשטענדיקע גלייכקייט, עס זאל ניט זײַן ניט קיין עקספלואטאציע, ניט קיין אונטערדריקונג. נאר ער האט ניט אנערקענט קיין קלאסנקאמף, ער האט ניט פארשטאנען דעם היסטארישן באַרוף פונס פראלעטאריאט און האט געמיינט, אז אפילע מיליאנערן און קיניגן קאנען דורכגעדרונגען ווערן מיט סאציאליסטישע אידייען און מיטהעלפן זייער פארווירקליכונג, אויב נאר מע זאל זיי איבערצײַגן אין דער שלעכטקייט פון דער עקסיסטירנדיקער ארדענונג. דעריבער פלעגט ער זיך ארויסזאגן קעגן קלאסנקאמף, קעגן פאליטישער אגיטאציע און פלעגט רעקאמענדירן די ארבעטער א ריין עקאנאמישן וועג פון באפרײַאונג. טכילעס האט ער זיך געפרואווט אײַנצוארדענען קאמוניסטישע פאבריקן און קאלאניעס, און דערנאך אסאציאציעס, פראדוצירנדיקע און קאאפעראטיווע.

ניט קוקנדיק אף דעם, וואס בערויש פונם נאציאנאלן פארבאנד זיינען געשטאנען אועניסטן, האט ער ביסלעכווייז אנגעהויבן אנצונעמען אלץ א מער רעוואליוציאנערן כאראקטער. זיין ווירקונג אף די ארבעטער-מאסן איז געווען א גאנץ באדייטנדיקע. אין אקטיאבר האט מען שוין געהאלטן זיי פאר קאמוניסטן, וואס שטייען אפילע אפן באדן פון קלאסנקאמף. זיי איז אויך ניט פרעמד געווען דער גייסט פון אינטערנאציאנאליזם: דער פארבאנד פלעגט איינארדענען יאמטוווים לעקאוועד דער פראנצויזישער רעוואליוציע און דעם פוילישן אויפשטאנד און האט געשענדעט די פאליטיק פון פאלמערסטאנען, אלם אזוינע, וואס האנדלט לויט די באפעלן פונם צאריזם (שפעטער האט אויך מארקס איבערגעכאזערט די דאזיקע באשולדיקונג). אין דער צייטונג פונם פארבאנד „דער שוימער פונם ארעמאן" פלעגן געגעבן ווערן אנווייזונגען, ווי אזוי צו בויען באריקאדן און צו פירן א גאסן-שלאכט מיטן מיליטער. און צום סאף פון 1831-טן יאר איז דאס ערשטע מאל אויפגעקומען די אידייע וועגן אן אלגעמיינעם רעוואליוציאנערן שטרייק, וועלכע עס האט געפריידיקט דער שוסטער, בוכהענדלער און שיינקער וויליאם בענבאו. דאס איז געווען א טיפישער פארשטייער פון יענע אווטאדידאקטן, וועלכע עם האט דעמאלט ארויסגערוקט די איינגלישע ארבעטער-סוויווע, פון יענער ארבעטער-אינטעליגענץ, וואס האט געשפילט אן אנגעזעענע ראליע ב'איים דער טשארטיסטישער באוועגונג. זיין בראשיור וועגן אן אלגעמיינעם שטרייק איז צום סאף פון די דרייסיקער יארן געווען זייער פאפולער צווישן די פירער פונם טשארטיזם. אין איר דערווייזט ער, אז אזוי ווי די ארבעט פון די ארבעטער-מאסן איז דער מאקער פון געזעלשאפטלאכער רייכקייט, איז קאנען זיך די ארבעטער דערשלאגן צו דער באפרידיקונג פון זייערע פאדערונגען מיצאד די הערשנדיקע קלאסן, אויב זיי וועלן ארגאניזירן א „שטרייקן-כוידעש" און וועלן אפשטעלן די ארבעט. שפעטער פלעגט מען פריידיקן די דאזיקע אידייען אף אלע טשארטיסטישע פארזאמלונגען און דערביי מיט בענבאוס ווערטער.

די אגיטאציע לעטויוואס דער וואלרעפארם האט זיך פארענדיקט מיט א פשארע צווישן דער אריסטאקראטיע מיט דער גרויסער בורזשואזיע. דורכן געזעץ פון 1832-טן יאר איז דאס וואלרעכט עטוואס פארברייטערט געווארן. בא די קליינע („פוילע") שטעטלאך האט מען אפגענומען זייער פארשטייערשאפט, וואס איז איבערגעגעבן געווארן די גרויסע אינדוסטריעלע צענטרען. די צאל וויילער איז געשטיגן פון 435 טויזנט ביז 662 טויזנט. דער פארלאמענט איז געווארן עטוואס מער בורזשואזיש, די ארבעטער זיינען ווי פריער געבליבן אן וואלרעכט. די אנטטוישונג פון דער ארבעטער-מאסע איז געווען גרויס. פון ייעש האבן די ארבעטער אפגעווארפן ניט נאר די געגעבענע וואלרעפארם, נאר אויך יעדן פארלאמענטאריזם ביקלאל. דער נאציאנאלער פארבאנד און זיין צייטונג האבן גיך פארלארן זייערע אנהייגער און אין 1835-טן יאר האבן זיי פארענדיקט זייער עקסיסטענץ.

ווי עס טרעפט זיך שטענדיק, ב'איים די ארבעטער אנטטוישן זיך אין פאליטיק, האבן זיך די מאסן אוואָרף געטאן אן א זייט פון פאליטישן

קאמף, זיי האבן אנגעהויבן זוכן ארעטונג אין ריין עקאנאמישע
מיטלען. די ארבעטער האבן זיך אנגעהויבן מיט מער אויפמערקזאמקייט צו=
הערן צו די דראשעס פון די אועניסטן, וואס זיינען, ווי מיר ווייסן, געווען פיינט=
לאך געשטימט צו פאליטיק. צוזאמען מיט דעם האבן זיך די ארבעטער ווידער
געווענדעט צו די פראפעסיאנעלע פאראיינען, וואס פון זיי האבן זיי איצט דער=
ווארט ניט נאר די פארבעסערונג פון זייער עקאנאמישער לאגע, נאר אויך די
פולשטענדיקע באפרייאונג פונם קאפיטאל, די פארניכטונג פון לוין=ארבעט. אין
העסקעם מיט דעם האט דער טרעד=יוניאניזם באקומען א סינדיקאליסטישן
כאראקטער, דאס הייסט, ער האט אנגעהויבן שטרעבן צו א סאציאלער רע=
וואליוציע דורך ריין עקאנאמישע מיטלען, אויסער און אן א זייט פון פאליטישן
קאמף. נאר ער איז פונדעסטוועגן געווען באצייכנט מיט א רעוואליוציאנערן כא=
ראקטער און איז געווען באפארבט מיט עלעמענטן פון קלאסנקאמף, צום אונ=
טערשייד פונם פרידלאכן אועניזם, וואס האט אפגעווארפן דעם דאזיקן קאמף.
דער רעזולטאט פון זייער צונויפמישונג איז געווען דער, וואס עס האט זיך בא=
קומען א פארפלאנטערטע אומקלארע סיסטעם, אין וועלכער עס האט דאמינירט
איין גרונט=שטריך: דער עקל פון די ארבעטער צו פאליטיק און זייער אומ=
צוטרוי צו באפרייאונג דורך א פאליטישער רעוואליוציע.

אועןן האט רעקאמענדירט צו גרינדן אסאציאציעס, געברויכערישע אסא=
ציאציעס און פראדוצירנדיקע. די לעצטע האט ער צוגעגעבן א באזונדערע בא=
דייטונג, ווייל ער האט געמיינט, אז זייער אנטוויקלונג וועט מאכן פאר איבעריק
דעם קאפיטאליסטן=קלאס און וועט אף א פרידלאכן אויפן מאכן א סאף צו דער
קאפיטאליסטישער עקספלואטאציע. צוזאמען מיט דעם האט ער זיך ארומ=
געטראגן מיט דער אידייע וועגן „אויסטויש=מערק”, אף וועלכע די ארבעטער
זאלן קאנען אן דער פארמיטלונג פון געלט און סאכרים אויסטוישן די פראדוקטן
פון זייער ארבעט. עס איז געמאכט געווארן א ריי פרואוון איינצוארדענען
אזעלכע אסאציאציעס און אויסטויש=ביינק, נאר זיי פלעגן זיך געוויינטלאך ניט
איינגעבן. נאר די געברויכס=אסאציאציעס (קאאפעראטיוון), וואס פון זיי איז
באזונדערס בארימט געווארן די אסאציאציע פון די „ראטשדעלער גערעכטיקע
פיאנערן”, וואס איז געגרינדעט געווארן אין 1844=טן יאר, האבן געהאט אן
ערפאלג און האבן געמאכט אן אנהויב צו דער קאאפעראטיווער בא=
וועגונג. די לעצטע, האגאם זי האט ניט געשפילט יענע ראלע, אף וועלכע עס
האט געהאפט אועו, האט זיך דאך ארויסגעוויזן פאר איינעם פון די געצייגן
אינם קאמף פונם ארבעטער=קלאס, אבער נאר פאר א הילפס=געצייג, פאר א
געצייג, וואס איז אונטערגעווארפן אלגעמיינעם פראלעטארישן קלאסנ=
קאמף.

די פראפעסיאנעלע באוועגונג האט אין יענעם פעריאד באקומען אן אנטי=
פארלאמענטארישן און א רעוואליוציאנערן כאראקטער, דאס הייסט, זי איז גע=
ווארן א סינדיקאליסטישע. מיט דער הילף פון די טרעד=יוניאנס האבן די ארבע=
טער איצט געהאפט צו דערשלאגן זיך צו יענע צילן, וועלכע זיי האבן ניט גע=
קאנט דערגרייכן אפן פארלאמענטארישן וועג. די ווירקונג פון אועען, וואס האט

דעמאלט גענומען אן אקטיוון אנטייל אין דער ארבעטער-באוועגונג, האט אריינגעטראגן אין איר עלעמענטן פון אוטאפיזם, נאר זי איז געווען נוצלאך אין דעם פראט, וואס זי האט אונטערגעהאלטן די אידייע פון א ברייטער פאראייניקונג פון די צעבראקלטע פאראיינען און אפילע דעם געדאנק וועגן שאפן אן איינהייטלאכן פארבאנד, וואס זאל ארומנעמען אלע פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס איבער גאנץ איינגלאנד. די אלגעמיינע שטרעבונג פונע איינגלישן ארבעטער-קלאס איז געגאנגען אין דער אייגענער ריכטונג, און אף אזא אופן זיינען אין דעם פעריאד, וועלכן מיר באטראכטן, געמאכט געווארן די ערשטע פרואוון צו שאפן אן אלגעמיינע נאציאנאלע פעדעראציע פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען.

אין אקטיאבער פון יאר 1833 האט זיך אין לאנדאן צונויפגעקליבן א צוזאמענפאר פון פארשטייער פון די קאאפעראטיוון און פון די טרעד-יוניאנס צו באהאנדלען דעם אועניסטישן פלאן וועגן פארוואנדלען די פראפעסיאנעלע פאראייגען אין אסאציאציעס, וואס האבן געזאלט מיט דער הילף פון אויסטויש-בייַנק מיטהעלפן דער באפרייאונג פונם פראלעטאריאט פון אונטערן יאך פונם קאפיטאל. די אונטערנעמונגע אין אזא גייסט פראפאגאנדיסטישע קאמפאניע האט געהאט א גרויסן ערפאלג צווישן די ארבעטער. גלייכצייטיק האט אנגעהויבן ווערן פאפולער די אידייע וועגן אן אלגעמיינעם שטרייק, נאר דערביי האט מען שוין אפן גערעדט וועגן קלאסנקאמף, וועגן א מילכאמע צווישן קאפיטאל מיט ארבעט, און די ארבעטער האבן זיך אנגעהויבן צו באפרייען פון אונטער דער ווירקונג פון די פרידלאכע אועניסטישע דראשעס. אנגעשראקן מיט די רעוואליוציאנערע טענדענצן פון די ארבעטער האט אוען אין נאיאבער פון יאר 1833 געגרינדעט א „פארבאנד פאר נאציאנאלער אויפלעבונג", וואס האט געזאלט צום ערשטן מארט פון יאר 1834 דערשלאגן זיך אן אכטשאאיקן ארבעטס-טאג דורך אן אפמאך צווישן די ארבעטער מיט די אונטערנעמער. נאר די טרעד-יוניאנס האבן פארשטאנען די זאך אזוי, אז צו דער אנגעוויזענער דאטע דארף זיך אנהויבן אן אלגעמיינער שטרייק מיטן צוועק ארויסצורייסן בא די פאבריקאנטן זייער הסכאמע צו פארקירצן דעם ארבעטס-טאג ביז 8 שא.

אין פעווראל פון יאר 1834 זיינען זיך אין לאנדאן צונויפגעפארן דעלעגאטן פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען, וואס האבן געמאכט אן אנהויב פון דער גרויסער נאציאנאלער פאראייניקונג פון די טרעד-יונאנס. דער נייער פארבאנד, וואס האט פאראייניקט קארעוו צו א העלפט פון די ארגאניזירטע ארבעטער פון גרויסבריטאניע, האט זיך געשטעלט פאר א ציל די פולשטענדיקע באפרייאונג פון די ארבעטער פון דער טיראניע פונם קאפיטאל. אין א משך פון עטלאכע וואכן האבן זיך איינגעשלאסן אין דעם פארבאנד קארעוו צו א האלבן מיליאן מיטגלידער, בעסויכעם צענדליקער טויזנטער לאנדווירטשאפלאכע ארבעטער און פרויען. עס האט זיך געדאכט, אז די צוקונפט איז גינסטיק פארן פארבאנד. ער האט זיך געשטעלט פאר א ציל צו ארגאניזירן אן אלגעמיינעם שטרייק. נאר די בורזשואזיע האט אים דערקלערט א מילכאמע ניט אף לעבן, נאר אף טויט. טיילווייזע שטרייקן און לאקאוטן האבן בארעוו געמאכט די קויכעס פון די

טרעד־יוניאָנס. די פּרעסע האָט געפאָדערט אַ שטרייַנגע אָנווענדונג פון די געזעצן וועגן פאַראייַנען, און די געריכטן פלעגן אַרויסטראָגן דראַקאָנישע אורטיילן קעגן זייערע אָנטייַלנעמער. אַ באַזונדערס שווערן איינדרוק אָף די אַרבעטער האָט געמאַכט דער פאַקט, וואָס מע האָט פאַרמישפּעט זעקס דאָרטשעסטערער לאַנדאַרבעטער צו זיבניאָריקער פאַרשיקונג נאָר דערפאַר, וואָס באַם אַרייַנטרעטן אין פאַרבאַנד האָבן זיי געגעבן די געוויינטלעכע שוואוע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּראָטעסט־אַגיטאַציע קעגן אָט דעם מוירעדיקן פּסאַק־דין, וואָס מיט אים האָט די רעגירונג געוואָלט טעראָריזירן די אַרבעטער מאַסע. עס איז פאַרטראַכט געוואָרן אַ קאָלאָסאַלע פּראָצעסיע כדיי צו דערלאַנגען דעם מיניסטער אַ פּעטיציע לטובת די פאַרמישפּעטע. דאָס איז געווען די ערשטע פון די גרויסע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, וואָס האָבן אינגיכן געזאָלט אַ דאַנק די טשאַרטיסטן ווערן אַ מאָדע. אין דער דעמאָנסטראַציע האָבן גענומען אָן אַנטייל, לויטן בעשבן פון די אַרבעטער, פון 100 ביז 200 טויזנט מאַן (אַפילע די בורזשואַזע פּרעסע האָט אָנערקענט 30 טויזנט אָנטיילנעמער), און אונטער דער פּעטיציע איז צונויפגעקליבן געוואָרן העכער אַ פערטל מיליאָן אונטערשריפטן. נאָר די רעגירונג איז געבליבן טויב צו אַלע פּראָטעסטן און באַקאָשעס.

אַ שטאַרקן קלאַפּ דעם גרויסן נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד האָבן געגעבן די אומגעלונגענע שטרייַקן, באַזונדערס דער אַלגעמיינער שטרייַק פון די לאָנדאָנער שניידער און דער לאָקאַוט פון די בוי־אַרבעטער, וואָס זייַנען געווען געצוואונגען צוגעבן אַן אונטערשריפט וועגן ניט נעמען קיין אַנטייל אין פאַראייַנען (די אַזוי גערופענע „פאָדערונג פון אַ דאָקומענט"). די אָרגאַניזאַציעס האָבן אָנגעהויבן צעפאַלן צו ווערן, און אינגיכן איז אונטערגעגאַנגען אויך דער גרויסער פאַרבאַנד אַליין, צוזאַמען מיט אים זייַנען צעשפּרייט געוואָרן, ווי אַ רויך, די אויסטויש־בייַנק, די קאָאָפּעראַטיוון, דער אַכטשאָאיקער אַרבעטס־טאָג. דער רעוואָליוציאָנערער סינדיקאַליזם האָט געכאַפּט אַ מאַפּאַלע, און אַן אַפּאַטיע האָט באַהערשט די ענגלישע אַרבעטער. נאָר ניט לאַנג האָט געדויערט דער יערידע־פּעריאָד: די צייַט איז געווען אַ צו שטורמישע צו דערלויבן דעם אַרבעטער קלאַס באַרואיקן זיך אָף אַ לאַנגע צייַט און אַראָפּצוגיין פון דער סצענע. שוין צום סאָף פון 1835־טן יאָר האָט זיך אָנגעהויבן צו באַמערקן אַן אויפלעבונג אין די אַרבעטער קרייזן. עס האָט זיך דערנעענטערט די צייַט פונם טשאַרטיזם, פון דער גרויסער סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פונם ענגלישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט שאַרף אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן דער עראָבערונג פון דער מאַכט דורכן אַרבעטער קלאַס.

# דער טשארטיזם.

אז וויקטאריע איז געווארן קעניגין, האט די ראדיקאלע פארטיי אין 1837-טן יאר ווידער אנגעהויבן צו פאדערן א וואל-רעפארם. די רעגירונג האט אנטשלאסן אפגעווארפן די דאזיקע פאדערונג, און די אגיטאציע האט זיך ווידער אנגעהויבן. מיט דער אנטטוישונג פון די ארבעטער אינם סינדיקאליזם, האט דער נעדאנק וועגן ערהאבערן אלגעמיין וואלרעכט באגעגנט צווישן זיי דעם לעבעדיקסטן מיטגעפיל. איצט האבן זיי געהאפט צו דערשלאגן זיך אפן פאליטישן וועג צו דעם, וואס זיי האט זיך ניט איינגעגעבן צו דערגרייכן מיט דער הילף פון דער פראפעסיאנעלער ארגאניזאציע. דער פארלאמענט איז קעגן די ארבעטער—וועלן זיי זיך דערשלאגן צו א מערהייט אין פארלאמענט, און דעמאלט וועלן די געזעצן ארויסגעגעבן ווערן לעטוויוואס די פאראומגליקטע מאסן. אט דאס איז געווען די פראגראם, וואס האט אף לאנגע יארן איינגאנצן פארנומען די אויפמערקזאמקייט פון די ברייטע שיכטן פונם איינגלישן פראלעטאריאט.

זומער פון יאר 1836 איז אין לאנדאן געגרינדעט געווארן אן ארבעטער ארגאניזאציע, וואס האט זיך געשטעלט פאר אן אויפגאבע צו ארגאניזירן א זעלבשטענדיקע ארבעטער-פארטיי. אין באשטאנד פון דער ארגאניזאציע, וואס האט זיך פארשפרייט אירע פארצווייגונגען אויך אין דער פראווינץ, פלעגן דערלאזט ווערן אויסשליסלאך ארבעטער. עס איז ארויסגעלאזט געווארן א מאניפעסט צו די ארבעטער, וואס האט אנגעוויזן אף דער שרייענדיקער פאליטישער אומגלייכקייט און וואס האט רעקאמענדירט די ארבעטער צו דערשלאגן זיך צו אלגעמיינעם וואלרעכט, קדיי צו באקומען א מעגלאכקייט אויסצוקלייבן פארשטייער פון זייער אייגענער סוויווע. צווישן דער אסאציאציע און די פארלאמענט-ראדיקאלן האבן זיך איינגעשטעלט פארבינדונגען. פון ביידע גרופן איז אויסגעקליבן געווארן א קאמוטעט, וואס אף אים איז ארויפגעלייגט געווארן איבערצוגעבן אין דער פארם פון א ביל (געזעצפראעקט) די צילן פון דער באוועגונג. דער דאזיקער ביל איז באשטאנען פון זעקס פונקטן: 1) אלגעמיינע וואלרעכט פאר מאנסבילן 2) יערלאכע באנייאונג פונם פארלאמענט; 3) געהיימע אפשטימונג; 4) געצאלטס די דעפוטאטן; 5) אפשאפינג פונם צענז און 6) גלייכמאסיקע פארטיילונג פון די וואל-קרייזן. די דאזיקע זעקס פונקטן האבן באקומען דעם נאמען פון דער פאלקס-כארטיע, וואס לויט איר נאמען האבן אירע אנהייגנער באקומען דעם נאמען כארטיסטן, און לויט דעם איינגלישן אויסרייד טשארטיסטן. אט אזא איז געווען פון דער אויסערלאכער זייט די פאן, וואס אונטער איר איז געגאנגען די גרעסטע באוועגונג אין דער געשיכטע פונם איינגלישן פראלעטאריאט.

די ערשטע צייט איז דער טשארטיזם געווען א פאראייניקטע באוועגונג פונם פראלעטאריאט און פון דער קליין-בורזשואזיע. די ראדי-

קאלע דעפוטאטן פונם פארלאמענט האבן אונטערגעהאלטן די באוועגונג לעטויוואס דער פאלקס-כארטיע. איבערגעבנדיק די כארטיע דעם סעקרעטאר פון דער אסאציאציע לאוועטן, האט אים דער דעפוטאט א׳קאנעל געזאגט: „אט איז אייער כארטיע, אגיטירט פאר איר און באפרידיקט זיך ניט מיט קיין קלענערער זאך“. נאר אינגיכן איז אט דער זעלבער א׳קאנעל ארויסגעטראטן קעגן די טשארטיסטן און האט ניט אויפגעהערט צו קעמפן מיט זיי ביזן סאף. אזוי האבן אויך געטאן פיל אנדערע פון די לעכאטכילעדיקע בורזשואזע אנהייגער פון דער כארטיע. נאר דערפאר זיינען די ארבעטער געבליבן געטריי ביזן סאף.

צו דער צייט, וואס מיר באטראכטן, האט זיך פון דער ארבעטער סוויווע ארויסגערוקט א גאנצע ריי אנגעזעענע פראלעטארישע פירער. נעבן אזעלכע אפשטאמער פון דער בורזשואזער און אריסטאקראטישער סוויווע, ווי פירגוס א׳קאנאר, וואס האבן פארבינדן זייער גורל מיטן אונטערדריקטן קלאס, האבן זיי אנגעפירט מיט דער באוועגונג פון זייערע מיטברידער מיט דער גרעסטער קענטשאפט און איבערגעגעבנקייט. אזעלכע גלענצנדיקע פארשטייער פון דער ארבעטער אינטעליגענץ איז געווען דער טישלער וויליאם לאוועט, דער סעקרעטאר פון דער אסאציאציע, דער זעצער העגרי ווינסענט און אנד. די דאזיקע מענטשן, וואס האבן געקענט די ארבעטער-סוויווע, וואס האבן אליין איבערגעלעבט איר לעבן, וואס האבן געוואוסט ווי צוצוגיין צו דער מאסע און וואס האבן פארשטאנען איר פסיכאלאגיע, האבן זיך ארויסגעוויזן פאר פייאיק צו פאראייניקן די צעבראקלטע שטרעבונגען פון באזונדערע שיכטן פונם ארבעטער-קלאס און צו שאפן א באוועגונג, וואס האט אין שפראצלינג אנטהאלטן אין זיך קימאט אלע צוקונפטיקע פארמען פונם סאציאליסטישן קאמף פונם פראלעטאריאט.

דעם 28-טן פעווראל פון יאר 1837 איז אין לאנדאן פארגעקומען א פארזאמלונג, אף וועלכער עס זיינען געווען 3 טויזנט מאן, די סוילעס פון די לאנדאנער ארבעטער, און אף וועלכער עס איז אנגענומען געווארן די פאלקס-כארטיע. די כארטיע איז פארעפנטלאכט געווארן דעם 8-טן מאי פון יאר 1838. אינם לאנד איז צו יענער צייט די פאליטישע פירונג געגאנגען מיט איר פולן גאנג. די טשארטיסטישע אגיטאטארן פלעגן ארומפארן איבער דער פראווינץ. דארטן האט זיך געבילדעט א ריי קאמיטעטן, וואס האבן געפירט אן אגיטאציע לעטוויוואס רער וואלרעפארם. די אגיטאציע איז גוט אויפגענומען געווארן פון די ארבעטער, וואס האבן געליטן פון עקאנאמישן קריזיס. אין פארשיידענע פונקטן זיינען אויפגעקומען פעריאדישע אויסגאבן, וואס האבן פארטיידיקט דעם איניען פונם טשארטיזם. פון זיי איז באזונדערס באוואוסט דער „צאפ-שטערן“, וואס האט אין א מעשעך פון פיל יארן געשפילט די ראלע פונם איקערדיקן קאמפס-ארגאן פון דער רעוואליוציאנערער ארבעטער-באוועגונג. איין צייט האט זי דערגרייכט א טיראזש פון 50 טויזנט עקזעמפליארן.

עס איז צונויפגעשטעלט געווארן א *נאציאנאלע פעטיציע* פון דעפוטאטן-קאמער, וועלכע האט געפאדערט די איינפירונג פונם אלגעמיינעם וואלרעכט און פון די איבעריקע פונקטן פון דער פאלקס-כארטיע. איצט האט מען זי געדאדפט אפגעבן אפן מישפעט פונם פאלק. מיט דעם צוועק איז פאר=

טראכט געווארן א גראנדיעזע מיטינגען-קאמפאניע איבערן גאנצן לאנד. עס האט זיך אנגעהויבן אן אומגעזעצנע אין איינגלאנד געזעלשאפטלאכע באוועגונג, וואס בערויש פון איר האט זיך געשטעלט דער גרויסער רעדנער און אגיטאטאר פירגוס א'קאנאר, א אירלענדישער אריסטאקראט און א דעפוטאט פונם פארלאמענט. לויט זיינע אנשויאונגען איז ער גיכער געווען א רעוואליוציאנערער פאלקיסט, איידער א קאמוניסט. די באפרייאונג פונם ארבעטער-קלאס פונם קאפיטאל האט זיך אים פארגעשטעלט אין דער פארם פון אומקערן זיך צו דער ערד, און פון דער פארוואנדלונג פון די ארבעטער אין קליינע ערדאייגנטימער. אינם דאזיקן פראט האט זיך אף אים אפגערופן די ווירקונג פון די אירלענדישע באדינגונגען. נאר די דאזיקע נעגאטיווע שטריכן פון זיין וועלט-אנשויאונג זיינען קלאר געווארן פיל שפעטער, ווען די טשארטיסטישע באוועגונג האט שוין אנגעהויבן גיין בארג אראפ. אבער אין דעם מאמענט, וואס מיר באטראכטן, איז דער דאזיקער רייז מיט א דונערדיקער שטים און מיט ענטוזיאזם, וואס ווייסט גיט פון מניעס, געווען א לעבעדיקע פארקערפערונג פון דער ווילדער ענערגיע און צארן, וואס האט זיך אנגעקליבן אין די הערצער פון די פאראומגליקטע פראלעטאריער, און האט זיי געפירט אין שלאכט קעגן דער הארצלאזער אליגארכיע פון אריסטאקראטישע פריצים און זשעדנע פאבריקאנטן.

די אגיטאציע לעטוויוואס דער פאלקס-כארטיע האט זיך אנגעהויבן מיט א מיטינג אין גלעזגא דעם 27-טן מאי פון יאר 1838. קארעוו צו 200 טויזנט ארבעטער מיט 40 כארן מוזיק און 200 פאנען זיינען זיך צונויפגעקומען אף דער דאזיקער דעמאנסטראציע, וואס איינגלאנד האט נאך ביז דעמאלט ניט געזען עטוואס ענלאכס צו דעם. די רעדנער האבן געשראקן מיט א אלגעמיינעם הייליקן שטרייק אין פאל, אויב דער פארלאמענט וועט אפזאגן, און האבן אויסגעדריקט די האפענונג צו דערשלאגן זיך צו זייער ציל מיט מאראלישע, ד. ה., פרידלאכע, מיטלען, האגאם זיי האבן אונטערגעשטרייכט, אז דאס פאלק האט אויך גענוג פיזישע קייכעס. אפן מיטינג אין ניוקעסטל, וואו עס האט זיך צונויפגעקליבן 80 טויזנט מאן, האבן די רעדנער געזאגט, אז דאס פאלק וועט זיך דערשלאגן צו זיינע רעכט ניט נאר מיט געזעצלאכע, נאר אויך מיט אלע מיטלען. דא האבן זיך שויז געהערט רעפובליקאנישע רעדעס, און אייניקע מעלדונגען זיינען אפילע געווען באפארבט מיטן גייסט פון איגטערנאציאנאליזם, וואס איז ביקלאל שטארק געווען אינם טשארטיזם. אזוי האט דער ארבעטער אייער געזאגט: „די אינטערעסן פונם ארבעטער-קלאס זיינען אומעטום איינע און די זעלבע, און די אונטערדריקער וועלן דערזעען, אז איצטער ווילן די ארבעטער זאומעטום זיך פאראייניקן. קענטעניש גיט מאכט, פאראייניקונג גיט קראפט. און די קענטעניש צוזאמען מיט די פאראייניגן, וואס וואקסן איצט צווישן דעם פאלק, וועלן אין דער נאענטער צוקונפט אויסראטן די אריסטאקראטיע אין דער גאנצער וועלט.“ אפן זעלבן מיטינג איז ארויסגעטראטן אויך פירגוס א' קאנאר, וואס איז אזוי ווי באשאפן געווארן פאר אזעלכע שטורמישע און קאלאסאלע פאלקס-פארזאמלונגען. ב'איים זיין רעדע האט זיך באוויזן מיליטער, וואס האט ארויסגערופן פון אים דאס באוויערן, וואס דאס לעסאטע נאך אום-

באוואפנטע פאלק איז ניט אימשטאנד צו ענטפערן מיט געוואלט אף געוואלט, נאר ווייטער האט ער געזאגט: לאזן די אריסטאקראטישע אויסוואורפן וויסן, אז אויב זיי וועלן האבן די כוצפע צו שטערן דעם פאלק צו פארזאמלען זיך און וועלן אנווענדן געווער, וועלן זיי אונטער די שווארצע רעק טרעפן פונקט אזעלכע מוטיקע הערצער און געזונטע הענט, ווי אונטער די רויטע". (די סאלדאטן האבן דעמאלט געטראגן רויטע מונדירן)׳

מיטינגען פלעגן פארקומען אין אלע עקן פונם לאנד. צו דער באוועגונג זיינען צוגעשטאנען פרויען און די יוגנט. אף איין דעמאנסטראציע האבן לערן-אינגלאך געטראגן א פאן מיט דעם אויפשריפט: „וען דער אלטער האן קרייעט, איז דער יונגער לערנט זיך." בירמינגעם מיט זיין געדיכטער ארבעטער-באפעלקערונג איז געווען איינער פון די הויפט-צענטרען פון דער באוועגונג. אין לאנדאן איז די באוועגונג געווען שארפער. די טאנגעבער זיינען געווען די אינדוסטריעלע שטעט, וואס האבן זיך אנטוויקלט נאך דער אינדוסטריעלער רעוואליציע, און וואס האבן קאנצענטרירט אין זיך גרויסע מאסן פונם פראלעטאריאט. עס זיינען געווארן אומרואיק אויך די בארג-אינדוסטריעלע קרייזן. דער טאן פון די רעדעס איז געווארן אלץ געהויבענער. אפן לאנדאנער מיטינג האט דער דעלעגאט פון מאנטשעסטער ריטשארדסאן, אנגעהויבן רייידן אין פיתגום א׳קאנארם גייסט: „אויב די פאדערונגען וועלן צו קיין זאך ניט פירן,—האט ער געזאגט—, וועט דאס פאלק פון לאנקאשיר מיט געווער אין די הענט פארטיידיקן זיין פרייהייט, דאס פאלק האט זיך אנגעהויבן צו באוואפענען... אויב די פעטיציע וועט ניט האבן קיין ערפאלג, קאן מען ניט גאראנטירן פאר די רעזולטאטן, מע וועט אנהויבן אנצולאדן די ביקסן".

עס האט זיך געבילדעט א נייע געזעלשאפט מיטן נאמען „דעמאקראטישע אסאציאציע". בערויש פון איר איז געשטאנען דער יונגער ראדיקאל יוליאן הארניי, וואס האט אין זיינע אויפרופן צום פאלק געפרייידיקט א באוואפנטן אויפשטאנד צו פארטיידיקן די פאלקס-רעכט. באזונדערס גרויס איז געווען איר ווירקונג אף די וועבער פון ספיטעלפילדס, וואס זיינען דורכן דאלעס דערפירט געווארן ביז ייעש. די מאנופאקטור-גראפשאפטן פון לאנקאשיר און יארקשיר האבן זיך ביקלאל אויסגעצייכנט מיטן שארפן כאראקטער פון זייער אגיטאציע. אין די דאזיקע קרייזן האט באזונדערס שטארק זיך ארויסגעוויזן די ווירקונג פונם נייעם געזעץ וועגן ארעמע לייט, וועלכער איז געווען איינע פון די סיבעס, וואס האבן ארויסגערופן די טשארטיסטישע באוועגונג. לויט דעם דאזיקן געזעץ זיינען אפגעשאפט געווארן די אלטע געזעצן פון עליזאבעטעס צייטן, און הילף די ארעמע לייט איז אוועקגעשטעלט געווארן אין זייער דערנידערנדיקע באדינגונגען. מער פון אלץ האט פאתביטערט די ארבעטער, וואס זיינען געבליבן אן ארבעט און וואס זיינען געווען געצוואונגען צו ווענדן זיך צו געזעלשאפטלאכער צדאקע, דאס, וואס מע פלעגט זיי ניט אנדערש ארייננזעצן אין ענלאכע צו טפיסעס „ארבעטער-הייזער", דערביי פלעגט מען צעשיידן מאן און ווייב. קינדער פלעגט מען אפטיילן פון די עלטערן. דער פראטעסט קעגן די ארבעטער-הייזער, וואס צו אים זיינען צוגעשטאנען אפילע אזעלכע מענטשן, ווי דער טא-

ריער (קאנסערוואטאר) אסטלער, האט צוגעגעבן א באזונדערע שארפקייט דער טשארטיסטישער אגיטאציע. צווישן די לאנקאשירער אגיטאטארן איז ברייט בארימט געווארן דער גאלער סטעפענס, וואס האט געפריידיקט אין די גאסן און אף די מארק-פלעצער, און וואס האט געהאלטן פלאמיקע רעדעס, וואס האבן געטראגן א האלב רעליגיעזן, האלב פאליטישן כאראקטער.

סטעפענס איז געווען א „רעוואלוציאנער פון פייער, א רעוואליוציאנער פון מעסער, בלוט און טויט". ער האט באשולדיקט די הערשנדיקע קלאסן און געזעצן, וואס זיי גיבן ארויס, אין הארצלאזער באציאונג צו די ארעמע לייט. מיט דער גרעסטער ענערגיע פלעגט ער אנפאלן אפן געזעץ וועגן ארעמע לייט. „דאס פאלק וועט עס ניט אריבערטראגן, און אט וואס עס וועט זאגן: פריער איידער מע וועט צעשיידן די פרוי מיט איר מאן, און דעם פאטער מיטן זון, איידער מען וועט זיי פארשפארן אין טפיסע און מע וועט זיי צווינגען צו דערנערן זיך מיט די קאהאלשע איפעש-יויך, פריער, איידער מע וועט אנטאן די פרוי און טאכטער אין טפיסע-קליידער, איז ניוקעסטל מוז און וועט פארוואנדלט ווערן דורכאויס אין א שרייפע-בורווע, וואס פארגיסן זי וועט מען קאנען נאר מיטן בלוט פון יענע, ווער עס האט אונטערגעהאלטן די דאזיקע שרעקלאכע מיטלען". אויב די מאכט שאפט ניט אפ רעם דאזיקן אכזאישן געזעץ, האט געזאגט סטעפענס, דעמאלט וועט זיין געזעצלאך, אז יעדער מענטש זאל נעמען א ביקס, א מעסער, א שווערד, א פאר רעוואלווערן אדער שפיז, אז יעדע פרוי זאל נעמען א שער, און יעדער קינד א פעקל שפילקעס אדער נאדלען, און זאלן אט די אלע מענטשן מיט א סטורקאטש אין איין האנט און מיט א קינזשאל אין דער צווייטער דערקלערן טויט יעדערן, ווער עס וועט האבן די האזע צו צעשיידן מאן און ווייב".

אין אזא גייסט איז געווען די גאנצע פראפאגאנדע פונם מוירדישן גאלאך. מ'קויאך דעם געזעץ וועגן ארעמע לייט האט ער געזאגט: „איך וועל זאגן יעדן איינוואוינער פונם דאזיקן לאנד: אנשטאט אויפצוהויבן דיין שווערד פאר דעם געזעץ, ווענדע אים קעגן דעם געזעץ; אנשטאט צו שיסן פון א ביקס פארן געזעץ, שיס פון אים קעגן דעם געזעץ". אנווייזנדיק אף א פאבריק, פלעגט ער אויסשרייען: „איר זעט דארט די פאבריק מיט א קאלאסאלן קוימען? יעדער איר ציגל איז פארפעסטיקט מיט בלוט פון פרויען און קליינע קינדער". און א צווייטן מאל האט ער געזאגט אף א מיטינג: „אויב די רעכט פון ארעמע לייט ווערן געטראטן מיט די פיס, איז אראפ מיטן טראן, אראפ מיט דער אריסטאקראטיע, אראפ מיט די בישאפן, אראפ מיט די גייסטלאכע! פארברענט די קלויסטערס, מאכט א טעל פון אלע שטאנדן, פון אלע טיטולן, פון אלע פריווילעגיעס!".

אפן מיטינג אין מאנטשעסטער דעם 25-טן סענטיאבר איז געווען 300 טויזנט מענטשן, אפן מיטינג אין פיפ-גרין 250 טויזנט מענטשן. די דאזיקע מיטינגען, וואס ענלאכע צו זיי האט ניט געזען דאס אלטע איינגלאנד, האבן זיך פארוואנדלט אין מיליטערישע פאראדן פון דער טשארטיסטישער פארטיי. איינגיכן האט זיך אף זיי אנגעהויבן אנצומערקן א שפאל-

טונג צווישן צוויי ריכטונגען אינם טשארטיזם. איינע פון זיי, די אזוי גערופענע פארטיי פון מאראלישער קראפט איז געווען אויסשליסלאך פאר פרידלאכע קאמפס-מיטלען, פאר איבערצייגן די קעגנער, פאר געזעצלאכע אגיטאציע. צו איר האט אנגעהערט די קליין בורזשואזיע און די אינטעליגענץ, וואס האט אונטערגעהאלטן דעם קאמף פאר דער וואלרעפארם. דאס ראווע ארבעטער, באזונדערס די וועבער און די קוילנגרעבער, און אויך די מינדערהייט פון די אינטעליגענטישע אנהייגער פונם טשארטיזם זיינען געווען אנהייגער פון רעוואליוציאנערע קאמפס-מעטאדן, ביז א באוואפנטן אויפשטאנד. זיי האט מען גערופן די פארטיי פון פיזישער קראפט. בערויש פון דער דאזיקער פארטיי איז געשטאנען פירגוס א'קאנאר. אן איר האבן זיך אויך אנגעשלאסן דער צווייטער אנגעזעענער טעארעטיקער פון דער באוועגונג דזשעמס בראנטער א'בראיען (אויך א אירלענדער לויט זיין אפשטאמונג) און דער ארבעטער ריטשארד מארסדען, וואס איז געווען פארביטערט דורך פיל יארן צארעס און וואס האט ארויסגעטראגן פון זיין שווערן לעבן א טיפע איבערצייגונג, אז נאר מיט געוואלט-מיטלען קאן דער פראלעטאריאט אראפווארפן פון זיך דעם יאך פון די קאפיטאליסטן. די קאמיטעטן פלעגן זיך ארויסזאגן קעגן דער רעוואליוציאנערער אגיטאציע פון די אנהייגער פון פיזישער קראפט, נאר די מאסע איז געווען פאר זיי, ווי דאס איז קלאר געווארן אויף א מיטינג אין בירמינגעם, וואו פירגוס א'קאנאר האט צעקלאפט זיינע קעגנער און האט דורכגעפירט זיין רעזאליוציע. דער קאמף פון די צוויי קעגנזעצלאכע טענדענצן פלעגט אפשוואכן די באוועגונג און האט שטענדיק דערלאנגט איר א קלאפ. נאך לעסאטע האבן ביידע פארטייען מיט א גלייכער האסמארע געפירט די אגיטאציע לטובת דער נאציאנאלער פעטיציע. די פארטיי פון מאראלישער קראפט האט געהאפט צונויפצוקלייבן אונטער דער פעטיציע א מיליאן צוויי אדער דריי אונטערשריפטן און מאכן דורך דעם א דרוק אויפן פארלאמענט און דערשלאגן זיך א פרידלאכע רעפארם. די פארטיי פון פיזישער קראפט איז געווען זיכער, אז די פעטיציע וועט אפגעווארפן ווערן און דעמאלט וועט דאס פאלק פארשטיין, אז עס פארבלייבט נאר צו דערקלערן דעם אונטערקויפלאכן פארלאמענט און דעם קלאס, וואס שיצט אים, א מילכאמע אף מעסערם.

די ליידנשאפטן האבן אלץ מער אויפגעפלאקערט. אזוי ווי באטאג זיינען די ארבעטער פארנומען, האט מען פון סאף 1838-טן יאר אנגעהויבן צונויפרופן די פאלקס-פארזאמלונגען באנאכט בא סטורקאטש-ליכט. אין איין מאנופאקטור-שטאט נאך דער צווייטער האבן זיך אנגעהויבן צונויפקלייבן אט די צארנדיקע נאכט-פארזאמלונגען, וואס פלעגן דורכגיין בא דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט פון די אנטיילנעמער. די פראצעסיעס, וואס פלעגן גיין צום ארט פון דער פארזאמלונג, זיינען באשטאנען פון צענדליקער טויזנטער מענטשן, וואס פלעגן גיין איבער די הויפט-גאסן, אנפילנדיק די לופט מיט באגריסונגען זייערע פירער און מיט קלאלעס קעגן דער בורזשואזיע. דאס אויסזעען פון אט די צענדליקער טויזנטער ארבעטער, וואס זיינען געקומען גלייך פון דער ארבעט, באדעקטע מיט סאזשע און שווייס, די פאנען מיט דראענדיקע אויפשריפטן און

מיט געמעלן פון שארבנס, באלויכטענע מיטן פייער פון סטורקאטשן, די רעדעס פון די רעדנער, וואס פלעגן רופן צו אן אויפשטאנד, — דאס אלץ פלעגט מאכן אן אומגעווייניטלאכן רושעם. דעם פאלק פלעגט מען רעקאמענדירן צו באוואפענען זיך און מע פלעגט אים צוזאגן, אז די סאלדאטן וועלן ניט גיין קעגן זייערע ברידער. סטעפענס האט אף איין מיטינג געאייצעט די ארבעטער צו באזארגן זיך מיט גרויסע קיך-מעסערס, וואס מיט זיי איז באקוועם צו שניידן פעטס און בא א געלעגנהייט קאן מען אויך דורכשטעכן דעם האלדז די סאניס פונם פאלק. צום סאף פון זיין רעדע האט סטעפענס געפרעגט זיינע צוהערער, צי זיינען זיי באוואפנט. אלס ענטפער האט זיך דערהערט צוויי-דריי שאסן, „דאס איז אלץ?״ — האט ער געפרעגט. דעמאלט האט זיך דערהערט א גרויסע שיסעריי. דער רעדנער האט איינגעלאדן אלעמען, וואס ווילן באקומען געווער, אויפצוהויבן די הענט. עס האט זיך אויפגעהויבן א גאנצער וואלד הענט, און עס האט ווידער אנגעהויבן צו דונערן א שיסעריי. נאכדעם ווי ער האט זיי געאייצעט צו באזארגן זיך מיט ביקסן, שפיזן, רעוואלווערן און מיט קאלערליי אנדערע זאכן, וואס רייסן העכער פאר קאלערליי רעדעס, האט ער פארענדיקט מיט די ווערטער: „איך זע, אז אלץ איז אין ארדנונג, און איך ווינש אייך א גוטע נאכט״.

די רעגירונג איז געווארן אומרואיק און האט באשלאסן צו געבן א קלאפ, איידער די באוועגונג איז צייטיק געווארן. זי האט געאייצעט דעם בורזשואזיע, זי זאל זיך אויך צוגרייטן צום קאמף און האט איר פארגעלייגט געווער. אף די באקאשעס פון די ארבעטער ארויסצוגעבן זיי געווער, פלעגט די רעגירונג, פארשטייט זיך, קיין שום אויפמערקזאמקייט ניט ווענדן. די סטורקאטש-מיטינגען זיינען פארווערט געווארן און סטעפענסן האט מען ארעסטירט מיט דער באשולדיקונג, אז ער העצט אויף צו אן אויפשטאנד. צוזאמען מיט דעם האט די בורזשואזיע געמאכט א פרואוו אפצוציען די אויפמערקזאמקייט פון די ארבעטער פונם קאמף פאר אלגעמיינעם וואלרעכט און צו פארנעמען זייער אויפמערקזאמקייט מיטן קאמף פאר די אפשאפונג פון די טוואוע געזעצן, ד. ה. פון די הויכע טאמאזשניע-אפצאלונגען אף די אריינגעפירטע טוואוען. נאר דאס פאלק האט זיך ניט געלאזט אפנארן דורכן דאזיקן שפיצל. ער האט געוואוסט, אז די אפשאפונג פון די טוואוע-געזעצן וועט דער איקער ברייגנען נוצן די אינדוסטריעלער, און ווען די ארבעטער וועלן זיך דערשלאגן צו א ווירקונג אין דער געזעצגעבונג, וועלן זיי אפשאפן סיי די טוואוע-געזעצן, סיי אויך אנדערע געזעצן, וואס זיינען שעדלאך פארן פראלעטאריאט.

די טשארטיסטן האבן קיין איין מאל ניט פארמולירט באשטימט זייער סאציאלע פראגראם. דאס איז נאך שווערער געווען צו טאן דערפאר, ווייל דער טשארטיזם האט זיך ביזן סאף ניט אויסגעבילדעט אין א באשטימטע פאליטישע פארטיי מיט אן אייגנארטיקן באשטאנד. די פאלקס-פארטיע, וואס האט אנטהאלטן ריין פאליטישע פאדערונגען, און דאס אויך דער איקער אזוינע, וואס האבן א שייכעס צו די באדינגונגען פון די וואלן אין פארלאמענט, איז געווען די געמיינזאמע פאן פאר אלע ראדיקאלע עלעמענטן. נאר אז די ארבעטער-מאסע, וואס האט געבילדעט די מערהייט צווישן

די אָנהייגגער פון דער פּאַרטיע, האָט פאַרבינדן מיט איר אירע סאָציאַלע שטרעבונגען, אָדער, ריכטיקער, איר סאָציאַלע אומצופרידנקייט, — דערין איז קיין שום ספק ניטאָ. די מאַסע האָט געוואָלט פאַרבעסערן איר לאַגע, זי האָט געהאַסט די קאַפּיטאַליסטן און זייערע געזעצן, נאָר זי האָט געמיינט, אַז מע מוז ריישים קאָל באַזייטיקן די פּאָליטישע אומגלייכקייט, און, אַז ווייבאַלד זי וועט זיך דערשלאָגן צו אַלגעמיינע וואַלרעכט, וועט זי באַקומען אַזאַ ווירקונג אַפן גאַנג פון די מלוכע-איניאַנים, באַ וועלכן זי וועט דורכפירן די געוואונשענע פאַר איר איבעראַנדערשונגען.

ווען די לייענער פון דער טשאַרטיסטישער פּרעסע האָבן געפאָדערט אַרטיקלען וועגן דער פאַרהעלטעניש צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט, האָט בראָנטער אָ'בראיען געשריבן, אַז עס האָט קיין זין ניט צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן אַרבעט און קאַפּיטאַל, איידער עס איז ניט געלייזט געוואָרן די פראַגע וועגן אַלגעמיינעם וואַלרעכט. און ווען אָ'בראיען האָט, לויט אָ'קאָנאָרס פאָדערונג, דאָך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן איינגנטום, איז די צייטונג מיטן דאָזיקן אַרטיקל צעכאַפּט געוואָרן דורכן אוילאַם. דאָס האָט באַוויזן, מיט וואָס עס האָט זיך אינטערעסירט די מאַסע, וואָס איז נאָכגעגאַנגען נאָך די טשאַרטיסטן. וועגן דעם ענדציל פון דער באַוועגונג האָבן די פירער אויסגעמיטן צו שרייבן, נאָר אַלע האָבן אים געהאַט אין זינען און ער איז באַצייכנט געוואָרן מיטן כאַראַקטעריסטישן אָנרוף, דער „הינטערגעדאַנק“. איין ראַדיקאַלער פּובליציסט האָט געזאָגט, אַז אינם יעסאָד פון דער באַוועגונג ליגן אָוועניסטישע אידייען, און איין קאָנסערוואַטאָר האָט ריכטיק אָנגעוויזן, אַז די באַוועגונג איז געווענדעט קעגן די קאַפּיטאַליסטן אינגאַנצן גענומען. דאָס איז אַ בונט קעגן דער בורזשואַזיע. די פּאָליטישע פאָדערונגען פון די טשאַרטיסטן שטעלן זיך פאַר אַ ציל צו שאַפן אַזאַ געזעלשאַפטלאַכע אָרדענונג, באַ וועלכע עס וועט ניט זיין ניט קיין קאַפּיטאַל, ניט קיין לוין-אַרבעט.

דער „צאָפן-שטערן“, דער צענטראַל-אָרגאַן פון די טשאַרטיסטן, האָט געשריבן, אַז דער סאָציאַליזם (ווי מע האָט דעמאָלט גערופן דעם אָועניזם) און דער טשאַרטיזם שטרעבן צו איינעם און דעמזעלבן ציל, נאָר מיט פאַרשיידענע מיטלען. די אָועניסטן אַליין, לעכאָלאַפּאָכעם דער אָרטאָדאָקסאַלער טייל פון זיי, און אָוען גופע, האָבן זיך נעגאַטיוו באַצויגן צום טשאַרטיזם פאַר זיין רעוואָלוציאָנער-קלאַסנדיקן כאַראַקטער. אַזאַ איז געווען דער גוירל פון אַלע אוטאָפּיסטן, וואָס האָבן ניט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון דער ווירקלאַכער אַרבעטער-באַוועגונג און וואָס האָבן ניט אָנערקענט דעם קלאַסנקאַמף. אַף איינעם פון די מיטינגען אונטער מאַנטשעסטער האָט סטעפענס אַזוי באַשטימט די צילן פונם טשאַרטיזם; „די פראַגע וועגן אַלגעמיינעם וואַלרעכט איז סאָף קאָל סאָף אַ פראַגע פון מעסער און גאָפל, אַ פראַגע פון ברויט און קעז, וואָס מע זאָל וועגן דעם ניט ריידן. און אויב ווער ס'ניט איז וואָלט מיך געפרעגט, וואָס באַטייט אַלגעמיינעם וואַלרעכט, וואָלט איך אים געזאָגט: דאָס באַטייט, אַז יעדער אַרבעטער האָט רעכט צו טראָגן גוטע קליידער, צו האָבן אַ באַקוועמע דירע פאַר זיך און פאַר זיין פאַמיליע, צו האָבן אַ גוטן מיטאָג צום טיש, ניט מער אַרבעטן

ווי דאָס דערלאָזט דאָס געזונט, און אַזעלכע סכירעס, וואָס דערלויבט צו באַנוצן זיך מיט אַלע באַקוועמלאַכקייטן פונם לעבן, וואָס יעדער מענטש האט מיט פאַרשטאַנד רעכט צו ווינשן״.

עס איז קלאָר, אַז סטופענס אידעאַל קאָן פאַרווירקלאכט ווערן ניט באַ דער הערשאַפט פונם קאַפּיטאַל, נאָר אויסשליסלאַך אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. נאָר דער טשאַרטיזם אינגאַנצן גענומען האט אין ערגעץ ניט און קיינמאל ניט געמעלדעט, אַז ער שטרעבט צו פאַרניכטן די בורזשואזע אָרדענונג, וואָס איז געגרינדעט אַף פּריוואַט-אייגנטום, און צו פאַרבייטן מיט אַ קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, וואָס איז געבויט אַף דער אָנגעהעריקייט פון דער ערד און פון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען צום גאַנצן ארבעטער-קלאַס. די אָועניסטן, אָדער, ווי מע האָט זיי דעמאלט גערופן, די סאציאליסטן, האבן געהאט אַזאַ אידעאַל פון אַ נייער געזעלשאַפט, נאָר זיי האבן זיך באַצויגן נעגאַטיוו צום פּאָליטישן קאַמף און צו רעוואָליוציאָנערע מעטאָדן, און אין דער טשארטיסטישער באַוועגונג גופא האבן בלי ספק גענומען אַן אנטייל אויך בורזשואזע ראַדיקאַלן. צווישן די ארבעטער-מאַסן גופא האבן געהערשט סאַמע אומקלאָרע פאַרשטעלונגען וועגן די צילן פון דער באַוועגונג און וועגן די צוקונפטיקע מאָסמיטלען אין פאַל פון אַ ניצאָכן. דאָס קאָן מען זען פון די מעלדונגען פון די פירער, וועלכע זיי פלעגט אויסקומען צו מאַכן צוליב פאַרשיידענע געלעגנהייטן.

די פּראָגראַם פונם רעכטן פליגל פונם טשאַרטיזם איז אויסגעדריקט געוואָרן דורך אַטוואודן, וואָס איז געשטאַנען בעריש פונם בירמינגעמער פּאָליטישן פאַרבאַנד, איינער פון די וויכטיקסטע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציעס פון איינגלאַנד. לויט אַטוואודס מיינונג, איז ווען דער פאַרלאַמענט וועט זיין אין די הענט פון די טשאַרטיסטן, וועלן זיי דורכפירן פאָלגנדיקע מאָס-מיטלען: די אָפּשאַפונג פון די טוואוע-געזעצן און פונם געזעץ וועגן אָרעמע לייט (די פאַרמאַכונג פון די פאַרהאַסטע ארבעטער-הייזער), די געלט-רעפאָרם און דאָס איבערקוקן די פאַבריק-געזעצן. דערביי איז ניט געזאָגט געוואָרן קלאָר, אין וואָס פאַר אַ גייסט עס וועלן געענדערט ווערן די געזעצן וועגן געלט-צירקוליאַציע און וועגן ארבעט-שוץ. נאָר ניט מער קלאָר איז אויך געווען די פּראָגראַם פונם לינקן, פונם פּראָלעטאַרישן פליגל. אָ'בראַיען, וואָס האט רעדאַגירט די ארבעטער-צייטונג „דער שוימער פונם אָרעמאַן״ און וואָס איז געווען דער סאַמע סאָציאַליסטישער פון די טשאַרטיסטישע פירער, איז געווען אַן אָנהייגער פון אַ סאַמע פאַרפלאָנטערטן סאָציאַליזם מיט אַן אַגראַר-שאַטירונג. פון איין זייט, האט ער געפּרײַדיקט די נאַציאָנאַליזירונג פון דער ערד, פון דער אַנדער זייט — אַ נייע סיסטעם פון אויסטויש און פון געלט-צירקוליאַציע אין אָועניסטישן גייסט.

פירגוס אָ'קאָנאָר האט אַף דער פראַגע, וואָס וועלן טאָן די ארבעטער, ווען זיי וועלן באַהערשן דעם פאַרלאַמענט, געענטפערט, אַז זיי וועלן פאַרקלענערן די שטייערן, זיי וועלן אָפּשאַפן אָדער פאַרקירצן די אַרמיי, וועלן אָפּטיילן די קירך פון דער מלוכה און וועלן איינפירן פרייַהייט פון ארבעטער פאַראיינען. שפּעטער האט אָ'קאָנאָר אָנגעהויבן צו פּרײַדיקן די נויטיקייט צו באַטיילן די ארבעטער

מיט קליינע ערד=נאַכלעס. אַט אַזאַ איז געווען די פּראָגראַם פונם גרעסטן פירער פון דער באַוועגונג. לויט אונזער איצטיקן קוק איז עס אַ ריין קליינבירגערלאַכע דעמאָקראַטישע פּראָגראַם. אַזעלכע אַנשויאונגען זיינען אויך אויסגעדריקט אין דער נאַציאָנאַלער פּעטיציע, וואָס איז געבויט אויפן געדאַנק וועגן אַן אויסגלייך צווישן די קלאַסן=אינטערעסן. דער באַלעבאַטישער קאַפּיטאַל האָט רעכט אויף רעוואַך, און דער אַרבעטער אויף אַן אַנשטענדיקער באַלוינונג, ווערט דאָרט געזאָגט. דאָס איז אייגנטלעך דער גאַנצער לאָזונג פון די טרעד=יוניאָניסטן: גערעכטע סכירעס פאַר אַרבעט פון פאַרשטאַנדיקן דויער. און די פירער פון די טשאַרטיסטן פלעגן ניט איינמאָל דורכפירן אין זייער אַגיטאַציע די דאָזיקע אַנשויאונג פון די מעסיקע פּראָפעסיאָנאַליסטן.

אין אַזאַ פאַרפלאָנטערטקייט און אומבאַשטימטקייט פון די אַנשויאונגען זיינען ניט געווען שולדיק די פירער פון דער באַוועגונג. דאָס אַלץ האָט אַנטשפּראָכן דער דאַמאָלסדיקער מאַדרייגע פון דער באַוועגונג און דער אַנטוויקלונגסשטופע, וואָס איז דערגרייכט געוואָרן דורך די אַרבעטער=מאַסן. נאָר אַגעוו איז די קראַפט פונם טשאַרטיזם באַשטאַנען ניט אין דער טעאָריע, נאָר אין דער באַוועגונג גופע פון די מאַסן. ווען דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט זיך דערשלאָגן צו זיין ציל און וואָלט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דער מלוכע=מאַכט, וואָלט ער געוואוסט ווי אויסצונוצן זי אין זיינע אינטערעסן און וואָלט שוין געפינען די געהעריקע וועגן צו זיין באַפרייאונג. אַזוי האָבן געקוקט אויף דעם אויך די אָנטיילנעמער פון דער באַוועגונג, האָגאָם מע דאַרף זאָגן, אַז זיי האָבן שוין איבערגעכאַפּט די מאָס אין זייער פאַראַכטונג צו טעאָריע. נאָר דער איקער איז געווען פאַר זיי דערשלאָגן זיך צו דער פאַרווירקלאַכונג פון דער פאָלקס=כאַרטיע.

ניט האָבנדיק קיין פאָרשטייערשאַפט אין פּאַרלאַמענט, האָבן די אַרבעטער באַשלאָסן צונויפצורופן אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט, וואו עס האָבן געזאָלט געפינען אַן אויסדרוק די געדאַנקען און שטרעבונגען פון די פּאָליטיש רעכטלאָזע מאַסן. אַזוי איז אויפגעקומען די אידייע וועגן אַ קאָנווענט, וואָס די וואָלן צו אים פלעגן פאָרקומען אויף גרויסע פאָלקס=פאַרזאַמלונגען. עס האָט זיך באַקומען עטוואָס ענלאַכעס צו אַ צוזאַמענפאָר פון ראַטן און אַרבעטער דעפּוטאַטן, נאָר פון ראַטן, וואָס האָבן קיין מאַכט ניט. דער קאָנווענט האָט זיך געעפנט אין לאָנדאָן דעם 4=טן פּעוורואַל פון יאָר 1839 אין באַשטאַנד פון 53 דעלעגאַטן פון פאַרשיידענע שטעט. די פּאַרטיי פון מאָראַלישער קראַפט איז געווען אין דער מינדערהייט, די פּאַרטיי פון פיזישער קראַפט האָט געהאַט אַ מערהייט. דער קאָנווענט האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג פון קאָבעטס גרופּע צו באַגרענעצן זיך מיט דערלאַנגען די נאַציאָנאַלע פּעטיציע. די מערהייט האָט אַנערקענט, אַז דער אַרבעטער=קלאַס וואַרט פון זיי ניט נאָר דאָס. די מיטינגען וואָס פלעגן זיך צונויפקלייבן באַ'איים די זיצונגען פונם קאָנווענט, האָבן געפאָדערט, ער זאָל זיך שטעלן בערוויש פון אַ געוואַלט=איבערקערעניש. אויף וויפל די אַטמאָספער פלעגט זיך אָנגליען, איז די מעסיקע מיטגלידער פונם קאָנווענט, וואָס האָבן געהערט צו דער בורזשואזער פּאַרטיי פון מאָראַלישער קראַפט, האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגיין פון זיין באַשטאַנד. דעם 13=טן מאַי איז דער קאָנווענט

אריבערגעפארן קיין בירמינגעם, קדיי צוגעפינען זיך צווישן דעם געדיכטן אינדוסטריעלן פראלעטאריאט, וואס האט געבילדעט דעם הויפט-שטיצפונקט פונם טשארטיזם. עס איז באשלאסן געווארן פאנאנדערצושיקן דאס ראוו מיטגלידער פונם קאנווענט צו ארגאניזירן פאלקס-פארזאמלונגען, אף וועלכע מע האט געהאט בעדייע אוועקצושטעלן אזעלכע פראגן, ווי ארויסצונעמען די דעפאזיטן פון די ביינק, אפצוהאלטן זיך פון ספירט-משקאות, באיקאטירן אלע פיינטלאכע צום טשארטיזם סוחרים, וועגן באוואפענונג און אלגעמיינעם שטרייק. די רעגירונג האט אנגעהויבן אנצונעמען אירע מיטלען. קיין בירמינגעם האט מען איבערגעשיקט די לאנדאנער פאליציי; די מאכטהאבער האבן ארויסגעוויזן די קאוואנע ניט צו דערלאזן די אנגעמערקטע פארזאמלונגען און האבן אפן פראוואצירט צוזאמענשטויסן. דאס האט געצוואונגען דעם קאנווענט אנצונעמען דעם 16-טן מאי א רעזאלוציע קעגן באוואפנטע מיטינגען און צו רעקאמענדירן זיינע אנהייגער אויסגעהאלטנקייט און פארשטאנדיקע אויפפירונג. נאכדעם האט דער קאנווענט אפגעלייגט זיינע זיצונגען ביזן 1-טן יולי. עס האט זיך אנגעהויבן א נייע קאמפאניע פון גרויסע פאלקס-פארזאמלונגען. אין דער דעמאנסטראציע אין קארסאל-מורע האבן אנטייל גענומען לויט דעם חשבון פון די טשארטיסטן א האלבער מיליאן מענטשן, לויט דער מיינונג פון איין בורזשואזער צייטונג—300 טויזנט מענטשן. אין אועסט-ראידינג האט זיך פארזאמלט 200 טויזנט מאן. אף דער דאזיקער פארזאמלונג האט א'בראיען ארויסגערוקט די אריגינעלע אידייע וועגן אלדאאסאצמעדיקע וואלן אין פארלאמענט אף מיטינגען. די אויסדערוויילטע אף אזא אויפן דעפוטאטן האבן זיך געזאלט צונויפקלייבן אין בירמינגעם אונטערן שוץ פון 500 טויזנט ווילער און בילדן „א געזעצלאכן פארלאמענט אונטער דער אנפירונג פון דער קיניגין". אין ניוקעסטל אפן טייך טאין האבן זיך צונויפגעקליבן 100 טויזנט מאן. אין אועלס, וואס איז ניט אפגעשטאנען פון אנדערע אין רעוואליוציאנערער באגייסטערונג, האבן זיך אף די מיטינגען אין בלאקוד און מאנמוסשיר צונויפגעקליבן פון 400 ביז 500 טויזנט ארבעטער. דא איז דער הויפט-טוער געווען דער שאלעם-ריכטער פראסט, וואס איז צוגעשטאנען צו דער באוועגונג פונם פראלעטאריאט מיטן גאנצן ברען פון זיין ערלאכער נשמה און וואס די רעגירונג האט אים דערפאר אפגעזאזט פון זיין שטעלע. אף אט די אלע מיטינגען האט די רעגירונג מאביליזירט אן א שיר מיליטערישע און פאליצייאישע קויכעס. אזעלכע פארזאמלונגען, אף וועלכע מע פלעגט אנטוויקלען די גרונט-פרינציפן פונם טשארטיזם און מע פלעגט פארלייגן די פאלקס-כארטיע, פלעגן אף צולאכעס אלע פארבאטן פון דער רעגירונג פארקומען אין אלע שטעט און דערפער פון איינגלאנד.

דעם 1-טן יולי האט דער קאנווענט באנייט זיינע זיצונגען אין בירמינגעם און האט באשלאסן איבערצוקלייבן זיך צוריק קיין לאנדאן, אלס אינם פאליטישן צענטר פונם לאנד. עס איז באשלאסן געווארן צו דערקלערן, אויב דער פארלאמענט וועט אפווארפן די פעטיציע, אן אלגעמיינעם שטרייק, האגאם וויט ניט אלע מיטגלידער פונם קאנווענט האבן געגלויבט אין זיין ערפאלג.

די רעגירונג איז פאר דער צייט איבערגעגאנגען אין אנגריף. עס האבן זיך אנגעהויבן ארעסטן פון טשארטיסטישע אגיטאטארן און אויך פון געוויינטלאכע טשארטיסטן, וואס האבן זאך געלערנט צו באנוצן זיך מיט געווער. אין בירמינגעם איז, נאכדעם ווי מ'האט מיט געווער פאנאנדערגעטריבן א מיטינג, פארגעקומען א מערידע, נאך וועלכער עס זענען געגאנגען נייע ארעסטן. אלס רעזולטאט זענען דעם 15 יולי אויסגעבראכן אין שטאט נייע אומארדנונגען, בא וועלכע עס זענען צעראבירט געווארן קראמען. אינם גאנצן לאנד האט געהערשט א געוואלטיקע אויפרעגונג.

דעם 14-טן יוני האט אטוואוד פארגעשטעלט די פעטיציע אין פארלאמענט, און דעם 12-טן יולי איז דער פארלאמענט צוגעטראטן צו באהאנדלען זי. אונטער דער פעטיציע איז געווען סאכאקל 1,280,000 אונטערשריפטן. מיט א מערהייט פון 189 שטימען קעגן 48 איז די פעטיציע אפגעווארפן געווארן. אף מארגן האט זיך צונויפגעקליבן דער קאנווענט און האט באשלאסן אנצוהויבן דעם 12-טן אווגוסט אן אלגעמיינעם שטרייק. נאר אין דריי טעג ארום האט דער קאנווענט באשלאסן אפצושאפן זיין באשלוס און צו ווענדן זיך צום פאלק מיט אן אויפרוף, אין וועלכן עס ווערט פארגעלייגט, דאס פאלק זאל אליין באשטימען, צי וויל ער אנהייבן דעם „הייליקן כוידעש" און ווען אנהויבן. די מערהייט, וואס האט געשטימט פאר אט דעם א'בראיענס פארשלאג, איז באשטאנען פון פארשטייער פון די סאמע באפעלקערטע קרייזן. דאס איז געווען א שלעכטער סימען, ווייל דאס האט באוויזן, אז די דעלעגאטן צווייפלען אין דער פייאיקייט פון דער מאסע דורכצופירן א אלגעמיינעם שטרייק. פון זיין זייט האט זיך פראסט געווענדעט צום קאנווענט מיט א בריוו, אין וועלכן ער האט געמעלדעט, אז דאס פאלק וועט ניט שטרייקן, און אז אועלם ביפראט איז ניט צוגעגרייט צום שטרייק. אזוי אדער אנדערש, נאר די באוועגונג איז אראפגעריסן געווארן, און דער קאנווענט האט באקומען א שטארקן מאראלישן קלאפ.

די רעגירונג איז נאכדעם געווארן נאך כוצפעדיקער. איבערן גאנצן לאנד האבן זיך אנגעהויבן אונטערזוכונגען, ארעסטן, עס זיינען פארווערט געווארן פארזאמלונגען און א. וו. די געשוואוירענע ריכטער פלעגן פארמישפעטן די טשארטיסטן צו שווערע שטראפן, און אין די טפיסעס פלעגט מען זיך אכזאריש מיט זיי באגיין. רעאגירן אף די דאזיקע ווילדקייטן פון דער רעאקציע מיט א געהעריקן ווידערשטאנד איז געווען אוממעגלאך. אז דער קאנווענט האט באהאנדלט די ידיעס, וואס זיינען דערגאנגען צו אים, האט ער אנערקענט, אז ס'איז ניטא קיין האפענונג דורכצופירן אן אלגעמיינעם שטרייק, און האט באשלאסן איינצוארדענען א דעמאנסטראטיוון שטרייק אף 2—3 טעג, באשטימענדיק דעם 12-טן אווגוסט פאר א טאג פון א נאציאנאלער פרידלאכער דעמאנסטראציע. צוזאמען מיט דעם האט זיך דער קאנווענט געווענדעט צו די פראפעסיאנעלע פאראיינען מיט א באקאשע, זיי זאלן שטיצן דעם דאזיקן שטרייק און די דעמאנסטראציע, קדיי אויסצומיידן די פארשטארקונג פון דער רעאקציע. פאקטיש איז עס געווען די אנערקענונג פון זיין מאפאלע. עס איז קלאר געווארן די ניט

געוועגנדיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע און דאָס אויספעלן פון אַן איינגער פאַרבינדונג מיט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. וואָס האָבן בּיקלאַל ניט גענוג געשטיצט דעם טשאַרטיזם. דער שטרייק האָט זיך ניט איינגעגעבן, האָגאָם דער 12-טער אווגוסט איז ניט דורכגעגאַנגען אָן קליינע אויסבּראָכן אין אייגצעלנע ערטער. די אַגיטאַציע פון די טשאַרטיסטן האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר אַן אויבּנאוי-פּיקע. קיין שום פּאַרטיי-ארגאַניזאַציע איז הינטער איר ניט געשטאַנען. די שטימונג פון די מאַסן איז אין דער ווירקלאַכקייט געווען ניט קיין רעוואָליוציאָנערע. אין דער פּראָווינץ האָט זיך די מערהייט ווידער אַרויסגעזאָגט פאַר פּרידלאַכע מיטלען, און דער קאָנווענט האָט איינגיכן פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אָפּגעשפּילט זיין ראָלע און אַז אים פאַרבּלייבּט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי פאַנאַנדערצוגיין זיך. דעם 6-טן סעפּטיאַבּר האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער גרויסער פאַרלאַמענט פונם איינגלישן פּראָלעטאַריאַט.

די מיטינגען זיינען געגאַנגען ווייטער, נאָר אין פאַרמאַכטע לאָקאַלן, און דאָס האָט שוין איינגענטלאַך געהייסן אָפּטרעטן. נאָר דער ערשטער אַקט פון דער אַלוועלטלאַך-היסטאָרישער דראַמע האָט זיך ניט געקאָנט פאַרענדיקן אַזוי רואיק. די פאָלקס-אויפרעגונג, וואָס איז דערפירט געוואָרן בּיז פּאַראַקסיזם דורך דער פריערדיקער אַגיטאַציע, האָט לעפאָכעס אין איין פּונקט אויסגעבּראָכן מיט אַ פּרואוו פון אַן עמעס'ן אויפשטאַנד. די באַרגאַרבּעטער פון אועלס זיינען געוואָרן טיף אויפגערעגט פון דעם, וואָס מע איז זיך אַכזאָריש באַגאַנגען מיט די איינגעשפּאַרטע אין מאַנמוּט טשאַרטיסטן. עס קאָן זיין, אַז די מאַכט וואָס האָט געוואָלט געבּן אַ קלאַפּ דעם רעוואָליוציאָנערן שלאַנג, האָט פּראָוואָצירט די באַוועגונג. ווי די מייסע איז, נאָר דעם 4-טן נאָיאַבּר פון יאָר 1893 איז אַ גרויסער האַמוין אַרבּעטער (קאָרעוו צו 10 טויזנט), טיילווייז באַוואָפנטע מיט בּיקסן, שפּיזן, הייגאַפּלען און דרייגגלאַך, בּאַ דער נאַכט אוועק אָף דער שטאָט ניופּאָרט און האָט זיך אין דערפרי געפּרואווט איינצונעמען מיט שטורעם די טפיסע. נאָר ער איז צעשפּרייט געוואָרן דורך דער שיסעריי פון דער שמירע. בּאַ איין דערהאַרגעטן אין געשלעג 18-יאָריקן באָכער האָט מען געפונען דעם פאָלגנדיקן בּריוו צו זיינע עלטערן, וואָס באַווייזט, אין וואָס פאַר אַ באַגייסטערטער שטימונג עס האָבן זיך געפונען די אָנטיילנעמער פון דער באַוועגונג: „טייערע עלטערן! איך האָף, אַז דער דאָזיקער בּריוו וועט אייך טרעפן אין פּונקט אַזאַ גוטן געזונט, ווי איך געפין זיך איצט. היינט בּאַ נאַכט גיי איך אין רומפּולו קאַמף פאַר פרייהייט. אויבּ איך וועל געפינען בּאַ גאָט גנאָד, איך זאָל בּלייבּן לעבּן, וועל איך אייך איינגיכן ווידער זעען; און אויבּ ניט, טאָ איז האָט ניט קיין אַגמעסנעפעש וועגן מיר, איך וועל שטאַרבּן פאַר אַ איידעלער זאַך, זייט געזונט! דער איבּערגעגעבּענער אייך דזשאָרדזש שעל“.

אַן ענטפער אָף דעם אויפשטאַנד אין ניופּאָרט זיינען געווען מאַסן-ארעסטן, וואָס בּעסויך אַנדערע איז אויך פּראָסט ארעסטירט געוואָרן, אים צוזאַמען מיט צוויי אַנדערע כאַווייִרים האָט מען פאַרמישפּעט צום טויט, וואָס איז פאַרבּיטן געוואָרן דורך פאַרשיקונג. פּונקט אַזוי האָט מען זיך נויקעם געווען אויך אין אַנדערע ערטער. אַלע פירער פון די טשאַרטיסטן, בּעסויכאָם אייך אַ'בּראַ-

יען און פירגוס א׳קאנאר, זיינען ארייינגעזעצט געווארן אין טפיסע. מע האט אנגעהויבן רוידעפן אויך די טשארטיסטישע פרעסע. און ביקלאל האט די באוועגונג באקומען א שטארקן קלאפ.

די רעגירונג האט געפייערט א ניצאכן. זי האט געמיינט, אז דער שטארטיזם איז געשטארבן. אין דער עמעסן איז נאר פאריבערגעגאנגען די ערשטע כוואליע, עס האט זיך אנגערוקט די צווייטע.

די דערפארונג פונם ערשטן פעריאד האט באוויזן די טשארטיסטן, אז איינע פון די סיבעס פון זייער מאפאלע איז געווען דאס אויספעלן פון א פעסטער ארגאניזאציע. דעם 20-טן יולי פון יאר 1840 האט זיך אין מאנטשעסטער צונויפגעקליבן א צוזאמענפאר, וואס האט באשלאסן צו פאראייניקן אלע ארטיקע געזעלשאפטן אין איין צענטראלע אסאציאציע אונטערן נאמען „די נאציאנאלע טשארטיסטישע אסאציאציע״ די דאזיקע ארגאניזאציע האט געהאט מער א צענטראליזירטן כאראקטער, איידער די פריערדיקע, טשארטיסטישע קאמיטעטן בערויש פון אים איז געשטאנען אן אויספיר-קאמיטעט, וואס ווערט אויסגעקליבן אלע יאר דורך אלע מיטגלידער פונם פארבאנד. אלס איר פראגראם איז ווי פריער פארבליבן די פאלקס-כארטיע. דערביי איז אויסגערעדט געווארן, אז די פארטיי וועט זיך דערשלאגן צו דערגרייכן די דאזיקע פראגראם אויסשליסלאך מיט פרידלאכע און קאנסטיטוציאנעלע מיטלען, מיט אגיטאציע, פעטיציע און א. וו. דער ארגאניזאציאנס-פלאן איז באוויליקט געוואן דורך די טשארטיסט פונם לאנד, נאר די ערשטע צייט האבן זיך איינגעשלאסן אין דער אסאציאציע סאכאקל קארעוו צו 20 טויזנט מיטגלידער, דאס הייסט, ווינציקער, ווי צו די פריערדיקע קאמיטעטן. די צווייטע כוואליע איז געווען נידעריקער פאר דער ערשטער.

דער אויפלעבונג פון דער באוועגונג האט מיטגעהאלפן די באפרייאונג פון פיל טשארטיסטישע פירער, וואס זיינען אפגעקומען זייער שטראף, בעסויכאם אויך פון לאוועטן, מ׳דועלן און אנד. די ארבעטער פלעגן זיי אומעטום אויפנעמען מיט גרויס באגייסטערונג. מען האט ווידער אנגעהויבן איינצוארדענען מיטינגען און דעמאנסטראציעס, און די אלטע האפענונגען האבן ווידער אנגעהויבן אויפצולעבן אין די הערצער.

זומער פון יאר 1841 האבן געזאלט פארקומען אלגעמיינע וואלן אין פארלאמענט. אזוי ווי די טשארטיסטן האבן פארלארן די האפענונג צו דערשלאגן זיך צו דער מאכט מיט איין קלאפ, האבן זיי זיך געשטעלט די פראגע, ווי אזוי דארפן זיי זיך אויפפירן ב׳איים די פארשטייענדיקע וואלן.

די טשארטיסטישע קאנפערענץ, וואס איז פארגעקומען אין לאנדאן אין מאי האט געגעבן אן אייצע צו שטימען קעגן די קאנדידאטן פון דער הערשנדיקער ליבעראלער פארטיי (די וויגן) אלס פאררעטער קעגן דער דעמאקראטיע. א׳קאנאר איז נויטע געווען צו דער דאזיקער טאקטיק. די לאנדאנער האבן, אדראבע, רעקאמענדירט צו שטימען פאר די ליבעראלן און דעמאקראט

צוליב דעם פוילעט רעאקציאנערן כאראקטער פון די טאריער (פון דער קאנסערוואטיווער פארטיי). א׳בראיען האט ארויסגעשטעלט א דריטע טאקטיק: ניט פאר די טאריער, ניט פאר די וויגן, נאר אויסשליסלאך פאר יענע קאנדידאטן, אלץ איינס פון וואס פאר א פארטיי, וואס וועלן זיך מיסכאיעוו זיין צו שטיצן אף די וואלן א געוויסע צאל טשארטיסטישע קאנדידאטן. דערביי האט אי די קאנפערענץ, אי א׳קאנאר, אי באזונדערס א׳בראיען רעקאמענדירט אף די פאלקס-פארזאמלונגען, וואס זיינען געווען פאר די וואלן אין פינקטלאכן זין פונםווארט, ארויסצושטעלן אייגענע טשארטיסטישע קאנדידאטן. די לעצטע האבן צוליב דער רעכטלאזיקייט פון די מאסן ניט געהאט קיין האפענונג דורכצוגיין אין פארלאמענט, נאר פאר די טשארטיסטן איז געווען וויכטיק אויסצונוצן די וואל-קאמפאניע פאר אגיטאציאנס-צילן און אונטערצופירן א כעשבן פון דער צאל אנהייגנערס, וואס זיי האבן אין די מאסן. די דאזיקע טאקטיק איז טאקע דורכגעפירט געווארן. דערביי האט זיך ארויסגעוויזן, אז בא דעם פארלויפיקן כעשבן אף די פאלקס-פארזאמלונגען פלעגן די טשארטיסטישע קאנדידאטן באקומען א קאלאסאלע צאל שטימען. נאר בא די וואלן, וואו עס האבן געשטימט נאר ווילער, זיינען זיי קימאט אלע דורכגעפאלן. דאס איז געווען אן אויסגעצייכנטער און באשיימפערלאך אגיטאציאנס מיטל, וואס האט אויפגעוויזן די מאסן זייער גאנצע פאליטישע רעכטלאזיקייט. עס איז קלאר געווארן, אז ווען די ארבעטער וואלטן געהאט שטימרעכט, וואלטן די טשארטיסטן דורכגעפירט, אויב ניט די מערהייט, איז זייער פיל פון זייערע קאנדידאטן. פראקטיש זיינען אבער די רעזולטאטן געווען נישטיקע. נאר די טשארטיסטן האט מען אנגעהויבן צו באשולדיקן אין דעם, אז א דאנק זיי, איז צו דער מאכט געקומען א קאנסערוואטיווע רעגירונג. אין דאזיקן באדן האבן זיך צווישן א׳קאנארן מיט א׳בראיענען אנגעהויבן מאכלויקעסן, וואס זיינען, ווי עס טרעפט זיך געוויינטלאך נאך מאפאלעס, איבערגעגאנגען אין אן אלגעמיינער רייסעניש. דער שטרייט אין דער פראגע וועגן דער וועלט-טאקטיק האט זיך ארויסגעוויזן פאר עפשער נאך א טיפערער, איידער די קאנפליקטן צווישן די אנהייגנער פון מאראלישער און פיזישער קראפט.

די צווייטע מיינונגס-פארשיידנקייט איז געווען דער שטרייט וועגן דער באציאונג צו די בורזשואזע ראדיקאלן. א׳בראיען האט זיך ארויסגעזאגט פאר א פשארע מיט די ראדיקאלן. א׳קאנאר איז געווען קעגן דעם. לעסאף, האט אויך די פראגע וועגן דער באציאונג צו די בורזשואזע קרייזן, וואס האבן געקעמפט פאר אפשאפן די טוואוע-געזעצן, צעטיילט די טשארטיסטן. אין אלגעמיין און איננאנצן גענומען האט א׳קאנאר געזעען צו זיין דער אפהיטער פון דער טשארטיסטישער ארטאדאקסיע, האגאם צוליב דער פארפלאנטערטקייט פון זיינע אנשויאונגען פלעגט ער זיין ווייט ניט אויסגעהאלטן.

און דערווייל האט דער אויספירקאמיטעט געגרייט א צווייטע נאציאנאלע פעטיציע, וואס איז געווען צוזאמענגעשטעלט אין א מער ראדיקאלן גייסט, איידער די ערשטע, און וואס האט, א כוץ דער פאלקס-כארטיע, אנטהאלטן נאך

די פאָדערונג וועגן אַ באַזונדערן פּאַרלאַמענט פאַר אירלאַנד, פון 12=טן אַפּרעל ביזן 12=טן מאַי האָט אין לאָנדאָן אָפּגעהאַלטן זײַנע זיצונגען דער נײַער קאָנווענט, וואָס האָט געזאָלט באַהאַנדלען די פראַגע וועגן דערלאַנגען די דאָזיקע פּעטיציע. זי האָט צונויפגעקליבן ניט ווייניקער ווי 3.315.752 אונטערשריפטן. דעם 2=טן מאַי איז די פּעטיציע אין דער באַגלייטונג פון אַ גרויסער פּראָצעסיע צוגעשטעלט געוואָרן דורך דענקאָמבן אין פּאַרלאַמענט. ב'אַיִם זי איז באַהאַנדלט געוואָרן אין פּאַרלאַמענט, האָט אַגעוו אורכע, געהאַלטן אַ רעדע דער ליבעראַלער היסטאָריקער מאַקאָליי, וואָס האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן אַלגעמײַנעם וואַלרעכט, וואָס זײַן צוועק איז, לויט זײַן מײַנונג, אָפּצונעמען דאָס אײַגנטום בײַ די גווירים. פאַר דער פּעטיציע איז געווען 51 און קעגן אי״ר 287 שטימען.

אין יענעם מאָמענט האָט זיך די טשאַרטיסטישע אָרגאַניזאַציע געפינען אין אַ לעפּאָנים=בליעדיקן צושטאַנד. זי האָט געציילט העכער 400 טויזנט אָפּטיילונגען און פערציק טויזנט מיטגלידער. אינם לאַנד האָט געווילדעוועט אַן עקאָנאָמישער קריזיס. די נויט צווישן די אַרבעטער איז געווען קאָלאָסאַל גרויס, נאָר גרויס איז אויך געווען זייער אויפרעגונג. טאַקע אין יענער צײַט איז געשאַפן געוואָרן יענע גײַסטיקע אַטמאָספער, וואָס האָט אונטערגעזאָגט טאָמאָס גודן זיין „ליד וועגן דעם העמד“, דיקענסן זײַנע „ווייַנאַכט=דערציילונגען“ און דעם יונגן פרידריך ענגעלסן זײַן „לאַגע פונם אַרבעטער=קלאַס אין ענגלאַנד“ (דאָס אַלץ איז געווען אָנגעשריבן אין די יאָרן 1843‑1844). אין דער צײַט האָבן ווידער אויפגעלעבט די האָפענונגען אויף אַן אַלגעמײַנעם שטרײַק.

אין אָנהויב אויגוסט האָט אין לאַנקאַשיר אויסגעבראָכן אַ שטרײַק. אָנגעהויבן דעם שטרײַק האָבן די אַרבעטער פון אַשטאָן און סטעליברידזש, וואָס זײַנען געגאַנגען אַראָפּנעמען די אַרבעטער פון די אַרומיקע פאַבריקן. די אַרבעטער האָבן אויף מיטינגען דערקלערט, אַז זיי וועלן שטרײַקן אַזוי לאַנג, ביז די פּאָלקס=כאַרטיע וועט ניט ווערן אַ געזעץ. אַ האַמוין פון עטלעכע טויזנט מאַן איז מיט פאָנען אַרײַנגעדרונגען אין דער שטאָט מאַנטשעסטער און האָט אומעטום געצוואונגען צו וואַרפן די אַרבעט. די מאַכט האָט זיך ניט אַרײַנגעמישט. אין אַ מעשעך פון דרײַ טעג זײַנען אַלע אינדוסטריעלע און האַנדלס=אונטערנעמונגען פון מאַנטשעסטער געווען פאַרמאַכט. פון דאַנען האָט זיך דער שטרײַק גיך פאַרשפּרייט אין אַלע ריכטונגען און האָט אַרומגעכאַפּט לאַנקאַשיר, יאָרקשיר, וואָרוויקשיר, סטאַפאָרדשיר און האָט זיך איבערגעוואָרפן אין וועלס. די טשאַרטיסטן, וואָס פאַר זיי איז די דאָזיקע סטיכישע באַוועגונג געווען לגמרי אומגעריכט, האָבן באַשלאָסן זי אונטערצוהאַלטן און פלעגן זיך געהיים באַנאַכט צונויפקלײַבן אין לאָנדאָן, כדי זיך צוצוגרייטן צו אַן אַרויסטרעטונג. עס האָט זיך געדוכט, אַז בענבאָוס כאַלעם ווערט פאַרווירקלעכט.

דער שטרײַק האָט זיך אָנגעהויבן צוליב אַ קאָנפליקט וועגן סכירעס. נאָר ווען ער האָט זיך פאַרברייטערט און האָט אָנגעהויבן אַרומצוכאַפּן די מאַסן, האָט ער אָנגעהויבן אָננעמען אַ פּאָליטישן כאַראַקטער. דעם 12=טן אויגוסט איז אין מאַנטשעסטער פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון דעלעגאַטן פון די פאַבריק=קרײַזן: עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרוואַנדלען די באַוועגונג פון

א קאמף פאר העכערן די סכירעס און א קאמף פאר די פאלקס-כארטיע. דער דאזיקער פראפעסיאנעלער צוזאמענפאר האט זיך אף אזא אויפן ארויסגעזאגט פאר דעמאקראטיע און סאציאליזם, ווייל אין זיין רעזאליוציע האט זיך גערעדט וועגן א קאמף פאר אזא ארדענונג, בא וועלכער דער ארבעטער וועט זיך באניצן מיטן פולן פראדוקט פון זיין ארבעט. אין דריי טעג ארום האט א צווייטע ארבעטער קאנפערענץ אנגענומען פונקט אזא באשלוס. דעם 16-17-טן אווגוסט האט זיך אין מאנטשעסטער צונויפגעקליבן א טשארטיסטישע קאנפערענץ. די דעלעגאטן זיינען געווען אין דער בעסטער שטימונג: אט זיינען לעסאף די פראפעסיאנעלע פאראיינען צוגעשטאנען צום פאליטיש קאמף פונם פראלעטאריאט! די קאנפערענץ האט זיך ארויסגעזאגט פאר אונטערהאלטן דעם אלגעמיינעם שטרייק ביזן ניצאכן פון דער פאלקס-כארטיע. דער אויספיר-קאמיטעט פון דער נאציאנאלער טשארטיסטישער ארגאניזאציע האט זיך געווענדעט צום פאלק מיט אן אויפרוף, אין וועלכן ער האט אויסגעדריקט זיין גלויבן אין דעם ניצאכן פונם אלגעמיינעם שטרייק, האט באגריסט דאס צושטיין פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען צו דער כארטיע, און אנערקענענדיק די באוועגונג, וואס האט זיך אנגעהויבן, פאר אן „אלוועלטלאכן איניען”, וואס קומט אויף איינמאל אין דורעס, האט ער רעקאמענדירט די ארבעטער צו זיין אויסגעהאלטן און אפצוהאלטן זיך פון געוואלט. א צווייטער טשארטיסטישער אויפרוף, וואס איז געווען אנגעשריבן אין א פיל מער רעוואליוציאנערן גייסט, איז ארויס אן אן אונטערשריפט.

דער שטרייק האט ניט באקומען קיין ווירקלאך אלגעמיינעם כאראקטער. אין איינצעלע ערטער זיינען פארגעקומען צוזאמענשטויסן באם אראפגעמען פון דער ארבעט און באם באגעגענען זיך מיטן מיליטער. די מאכט-האבער זיינען צוגעטראטן צו רעפרעסיעס און צו מאסן-ארעסטן. דער ארבעטער קלאס וואס איז שוין איבערגעוואקסן דעם קאמף פאר טיילווייזע פאדערונגען, איז נאך ניט געווען צוגעגרייט צו אן אנטשלאסענעם שטורעם און איז אפגעטראטן פאר א באוואפנטן אנפאל אף די הערשנדיקע קלאסן. פון דעם מאמענט האט זיך אנגעהויבן די יערידע פונם שטרייק. דער הונגער האט געצוואונגען די ארבעטער זיך אונטערצוגעבן, און ביסלאכווייז האט דער שטרייק אנגעהויבן אפצושטארבן, האגאם אין איינצעלע פונקטן האט ער נאך געדויערט אין סענטיאבר.

מיט זיין ארויסטרעטונג האט דער ארבעטער קלאס נאר געהאלפן דער אינדוסטריעלער בורזשואזיע צו דערשלאגן זיך די אפשאפונג פון די טוואועגעזעצן. ער אליין אבער האט פון איר גארנישט ניט געוואונען. זי האט, אדראבע, ארייננעטראגן אן אומארדענונג אין זיינע רייען. נאך די אורטיילן פון מארט פון יאר 1843 איז די צאל ארגאניזירטע טשארטיסטן געפאלן ביז 3-4 טויזנט. נאר די באוועגונג איז אפגעשוואכט געווארן ניט א דאנק די רעדיפעס, נאר צוליב דער אנגעקומענער אינדוסטריעלער אויפלעבונג.

ווי ס'קומט פאר שטענדיק, האט זיך דער ארבעטער-קלאס, וואס

האט געכאפט א מאפאלע אין זיין אלגעמיינעם אנגריף אף דער בורזשואזער געזעלשאפט, א ווארף געטאן אין פראיעקטמאכעריי, פרואווענדיק זיך צו געפינען א רעטונג ניט אין באהערשן די מלוכע, נאר אין אנווענדן ניסימדיקע און קישעפדיקע מיטלען. אויסדריקנדיק דעם האס פון די ארבעטער צו דער פאבריק-סיסטעם, האבן א׳ בראיען און א׳ קאנאר געשאפן אוטאפיעס, וואס זיינען געווען באפארבט מיט אן אגראר-כאראקטער. א׳בראיאן האט געכאלעמט וועגן דער ערד נאציאנאליזירונג, און א׳קאנאר האט אויסגעארבעט א פאנטאסטישן אגראר-פלאן, וואס איז געווען אויסגערעכנט אף באלדיקע פארווירקלאכונג. „צוריק צו דער ערד!“ איז געווארן זיין קאמפסרוף. פאר א אידעאל האט ער דערקלערט די קליינע פויערשע ווירטשאפט, דאס באטיילן יעדן ארבעטער מיט א שטיקל ערד און פריוואט אייגנטום. דאס איז געווארן א פולשטענדיקער אפזאג ניט נאר פון קאמוניזם, וואס זיינער אן אנהייגער איז א׳קאנאר, אגעוו, קיינמאל ניט געווען, נאר אויך פון סאציאלער רעוואליוציע ביכלאל, פון ברייטן פאליטישן קאמף און פון א ראדיקאלער געזעלשאפטלאכער רעפארם.

א׳קאנארס פלאן איז געווען זייער „פאשעט“. עס בילדעט זיך אן אקציען געזעלשאפט אף איינצוקויפן ערד. ווען עס קלייבט זיך צונויף 2 טויזנט פונט (20 טויזנט רובל), קויפט מען א לאנדגוט, מען צוטיילט עס אף כאלאקים, וואס ווערן פארטיילט דורך א גורל צווישן א טייל אקציאנערן מיטן תנאי זיי זאלן צאלן א געוויסע ארענדע, דערנאך פארמאשקנט מען דאס גוט, מען קויפט א צווייטעס, און אזוי ווייטער, ביז די גאנצע ערד וועט זיך ניט אומקערן צו איר עמעסבאלעבאס—צום פאלק. ניט רייענדיק שוין וועגן דער פולשטענדיקער אומאויספירבארקייט פונם דאזיקן פלאן, באצייכנט ער א שווינדיקן אפזאג פון דער פאלקס-כארטיע און פון א טיפער סאציאלער איבעראנדערשונג פאר דריי יאר, צום אנהויב פון 1848-טן יאר, האט זיך א׳ קאנארן איינגעגעבן צו זאמלען קארעוו צו 94 טויזנט פונט, דערביי האבן זיך אונטערגעשריבן קארעוו צו 100 טויזנט ארבעטער. מע האט געקויפט און צעברעקלט עטלאכע גיטער, נאר סאף קאל סאף האט זיך די גאנצע מייסע פארענדיקט, ווי מע האט געדארפט דערווארטן, מיט א פולשטענדיקן קראך, מיט קענצייטיקע באשולדיקונגען אין שווינדלערײַ און א. וו.

פון 1842 ביזן 1847 י. האט דער טשארטיזם קוים ארויסגעוויזן סימאנים פון לעבן. זיין אויפלעבונג האבן מיטגעהאלפן די פארלאמענט וואלן פון 1847 י. וואס זיינען אנגעקומען נאכן ניצאכן פון די אנהייגער פון פרייען האנדעל. די טשארטיסטן האבן ארויסגעשטעלט פיל קאנדידאטן, בעסויכאם דעם זאקן ראבערט אויענען. נאר זיי זיינען אלע, פארשטייט זיך, דורכגעפאלן א כוץ א׳ קאנארן, וואס איז אויסגעקליבן געווארן אין נאטינגעם, און דעם נייעם פארטיזאן פונם טשארטיזם, ערנסט דזשאנסן, וואס איז אויסגעקליבן געווארן אין גאליפאקס. פון דער אנדערער זייט, האט א שטויס דעם טשארטיזם געגעבן די אגיטאציע פון די פאליטישע עמיגראנטן, וואס האבן געלעבט אין לאנדאן, וועלכער איז דעמאלט געווען דער צענטר פון דער פאליטישער עמיגראציע.

ווי מיר האבן שוין געזעען, איז דער טשארטיזם פון לעבאטכילע אן געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון אינטערנאציאנאליזם, אויב נאך ניט גאר פון פראָלעטארישן אינטערנאציאנאליזם, איז פון דעמאקראטישן. די טשארטיסטן פלעגן זיך ארויסזאגן פאר דער אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט פון די ארבעטער און פון אלע אונטערדריקטע פעלקער זיי פלעגן ארויסטרעטן לעטוווואס די איינגלישע קאלאניעס, לעמאשעל לעטוווואס קאנאדע, זיי פלעגן פארטיידיקן דעם איניען פון אירלאנד, פלעגן אויסדריקן זייער מיטגעפיל דעם פוילישן פאלק און פלעגן שענדן די פאליטיק פון פאלמערסטאנען פאר איר שטרעבונג נויסע פאנים צו זיין באם צאריזם. אין נאיאבר פון יאר 1844 איז די צייטונג „דער צאפן שטערן" אריבערגעטראגן געווארן קיין לאנהאָן, וואו די אנפירנדיקע קרייזן פון די טשארטיסטן זיינען, א דאנק דער ווירקונג פון די עמיגראנטן אריינגעצויגן געוואָרן אין דער איראפייאישער פאליטיק און צוזאמען מיט דעם אויך אין דער אינטערנאציאנאלער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. אין סענטיאבר פון יאר 1844 איז בא די דייטשישע, פוילישע און איטאליענישע עמיגראנטן אויפגעקומען דער געדאנק צו גרינדן א פארבאנד, וואס זאל באקאָנען די איינגלענדער מיט די שטרעבונגען פון דער איראָפייאישער דעמאָקראטיע. דער פארבאנד, וואס האָט באקומען דעם נאָמען „דעמאָקראטישע ברודערשאפט", איז געווען דער פארגייער פונם אינטערנאציאָנאל. לאָוועט האָט אין 1845־טן יאָר צוזאמענגעשטעלט א ווענדונג צו די טשארטיסטן, וואס האָט זיי איינגעלאדן אריינצוטרעטן אין פארבאנד. צום פארבאנד האָבן זיך אנגעשלאָסן ע. דזשאָנס, קופער, הארניי, וואס האָט אָנגעהויבן באזונדערס ענערגיש צו ארבעטן לעטוווואס דער „דעמאָקראטישער ברודערשאפט". שפעטער האָט זיך דער פארבאנד א נאָמען געגעבן „אסאָציאציע", און פון 1847־טן יאָר האָט ער אָנגענומען די אָרגאניזאציאָנס־טאקטיק, וואס האָבן, מיסטאמע, געדינט פאר א מוסטער פארן ערשטן אינטערנאציאנאל. אנשטאט א פארזיצער האָט מען אויסגעקליבן איין גענעראל־סעקרעטאר; אָט די אלע סעקרעטארן צוזאמען מיט די איבעריקע פארשטייער פון די פעלקער (צו איינעם פון יעדן) האָבן געבילדעט דעם צענטראל־קאָמיטעט פון דער ברודערשאפט.—דער גענעראל־סעקרעטאר פאר איינגלאנד איז געווען הארניי, פאר דייטשלאנד—דער קאָמוניסט שאפער. ענגעלס איז נאָך פון 1843־טן יאר געווען באקאָנט מיט די רעדאקטאָרן פונם „צאָפן־שטערן" וואו ער האָט מיטגעארבעט פון 1845־טן יאָר. די ברודערשאפט איז געווען ניט קיין אקציאנס פארטיי (די דאָזיקע ראָלע האָט געהערט דער אסאָציאציע פון די טשארטיסטן), נאָר א געזעלשאפט פאר פראפאגאנדע און אגיטאציע. זי פלעגט, אגעוו־אורכע, איינאָרדענען מיטינגען צו באצייכענען די גרויסע געשעענישן פון דער אלוועלטלאכער רעוואָליוציע אין אָקטיאבר פון יאר 1847־טן האָט די ברודערשאפט ארויסגעלאזט אן אויפרוף צו דער איראָפייאישער דעמאָקראטיע, אין וועלכן זי האט פארגעלייגט צונויפצורופן אין 1848 יאָר א אינטערנאציאנאלן קאָנגרעס פון דער רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראטיע אלס קעגנגעוויכט קעגן דעם אינטערנאציאָנאלן

צוזאמענפאר פון די בורזשואזע אָנהײַנגער פון פרויען-האנדל אין בריוסעל. דער דאָזיקער געדאנק איז מיט היספּאילעס אויפגענומען געוואָרן אין בריוסעל, וואו עס האָט אויך עקסיסטירט אַן אַנאַלאָגישע דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט. מיט א מאַנדאַט פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט איז געקומען צופאָרן קיין לאָנדאָן קארל מאַרקס (ער איז געקומען צופאָרן א היין קדיי אַנטייל צו נעמען אינם צוזאמענפאָר פונם „קאָמוניסטן-פאַרבאַנד", וואָס וועגן אים זע ווייטער אינם קאַפּיטל „דייטשלאַנד"). ב'איים ער איז אַרויסגעטראָטן אַפן מיטינג, וואָס די „דעמאָקראַטישע ברודערשאַפט" האָט איינגעאָרדנט דעם 29-טן נאָיאבר פון יאָר 1847 לעקאָוועד דעם 17-טן יאָרטאג פונם פּוילישן אויפשטאַנד, האָט מאַרקס אַף זיין שטייגער אויסגעטייטשט דעם פאַרטראַכטן אינטערנאַציאָנאַלן צוזאמענפאָר, אָנרופנדיק אים אַלס א קאָנגרעס פון אַרבעטער פון אַלע פעלקער, און האָט כאַראַקטעריזירט דעם טשאַרטיזם, אַלס א באַוועגונג, וואָס האָט א אינטערנאַציאָנאַלע באַדײַטונג. אַפן מיטינג איז אַרויסגעטראָטן אויך ענגעלס, וואָס האָט מיט שטאָלץ געזאָגט וועגן זיך, אַז ער איז א טשאַרטיסט פון קאָפּ ביז די פיס („מיט דער הויט און האָר") און וואָס האָט אונטערגעשטריכן, אַז דער הויפּט סוינע פונם פּראָלעטאַריאַט איז שוין ניט דער אַדל, נאָר די רויבערישע בורזשואַזיע, וואָס קענען איר דאַרפן די אַרבעטער קעמפן דורך דער פאַראייניקונג פון אַלע זייערע קויכעס.

דער געדאַנק וועגן אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט פון אַלע אונטערדריקטע דורכן קאַפּיטאַליזם איז אַלץ מער פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די טשאַרטיסטן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסבילדן די עלעמענטן פונם רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס זײַנען איבערגעריסן געוואָ־ן דורך דער מאַפּאַלע פון דער רעוואָליוציע פון 1848-טן יאָר און ביפראַט דורכן בורבן פונם טשאַרטיזם.

פון האַרבסט פון יאָר 1847 האָט זיך פון איינגלאַנד ווידער אָנגעהויבן א אינדוסטריעלער קריזיס. צוזאמען מיט דעם האָט זיך ווידער אָנגעהויבן א רעוואָליוציאָנערע אירונג צווישן די אַרבעטער. די אומאַרדענונגען פון די אַרבעטסלאָזע האָבן אָנגענומען א באַזונדערס שטורמישן כאַראַקטער אין גלעזגאָ, וואו דער האַמוין איז געגאַנגען איבערן שטאָט מיט אויסגעשרייען: „ברויט אָדער רעוואָליוציע!". די פּאָליציי האָט ניט געקאָנט בייקומען דעם האַמוין, וואָס איז צוגעטראָטן צו ראַבירן די בעקערייען און די געווערק-ראַמען, און נאָר די אַריינמישונג פונם מיליטער, וואָס האָט געשאָסן אין האַמוין, האָט געמאַכט א סאָף צו די אומאַרדענונגען. ענלאַכע אומאָרדענונגען זיינען פאָרגעקומען אויך אין אַנדערע שטעט פון איינגלאַנד. עס פאַרשטייט זיך, אַז בא אַזא שטימונג פון די מאַסן האָט די ידיעה וועגן דער פעוורואַל-רעוואָליוציע אין פּאַריז אַרויסגערופן בא די איינגלישע אַרבעטער א גרויסן ענטוזיאַזם. איבערן לאַנד האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן פול באַזוכטע מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס. דער אויספיר-קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַלער טשאַרטיסטישער אַסאָציאַציע האָט באַשלאָסן אנצוהויבן אַן אַגיטאַציע לעטוויוואַס א נייער פּעטיציע וועגן איינפירן די פאָלקס-כאַרטיע און צונויפצורופן דעם קאָנווענט קדיי צו דערלאַנגען די דאָזיקע פּעטיציע.

דער טשאַרטיזם האָט ווידער און שוין דאס לעצטע מאל אויפגעפלאַקערט מיט העלן פלאַם. עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן מיטינגען מיט צענדליקער און הונדערטער טויזנטער אנטיילנעמער, וואס זיינען פיל געווען מיט רעוואָליוציאָנערער באַגייסטערונג. אַף זיי פלעגן אָנגענומען ווערן רעזאָליוציעס קעגן דער אריינמישונג פון דער איינגלישער רעגירונג אין די פראנצויזישע איניאָגים, באַגריסונגס=אדרעסן דעם פראַנצויזיש פאָלק, באַשלוסן לעטוויוואַס דער פאָלקס=באַרטיע און דער זעלבשטענדיקייט פון אירלאַנד. נאָר אויך די רעגירונג האָט פון איר זייט אָנגעהויבן אָנצונעמען פארזיכטיקייטס=מיטלען: זי האָט אומעטום פאַנאַנדערגעשיקט אירע שפּיאָנען און פּראוואָקאטאָרן, זי האָט קאָנצענטרירט גרויסע מיליטערישע קויכעס און האָט אָנגעקליבן צווישן דער בורזשואַזיע אַ גרויסע צאָל „פּריוואַטלעכע קאנסטעבלען" (פּאָליציי=לייט); (אַלס אַזוינער האָט זיך, אַגעווארבען, פאַרשריבן אויך דער צוקונפטיקער קייסער פון די פראַנצויזן, לואי באָנאַפּאַרט, וואָס האָט דעמאָלט געלעבט אין לאָנדאָן, אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט).

דעם 4=טן אַפּרעל פון יאר 1848 האָט זיך אין לאָנדאָן געעפנט דער טשאַרטיסטישער קאָנווענט. דער אַלגעמיינער טאָן פון די פאָרטראַגן פון די ערטער איז געווען, אַז דאָס פאָלק איז גרייט צו אַ רעוואָלוציע. דורך אַלע רעדעס פלעגט ווי אַ רויטער פאָדים דורכגיין דער געדאַנק: מיט אַ פרידלאַכן וועג, אויב ס'איז מעגלאַך, מיט געוואַלט, אויב ס'איז נויטיק. צוזאַמען מיט דעם האָבן אַלע דעלעגאַטן דערקלערט די רעוואָליוציאָנערע שטימונג פון די מאַסן מיט זייער שווערער לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אַדאַנק דעם אינדוסטריעלן קריזיס. נאָך לאַנגע וויקוכים האָט דער קאָנווענט באַשלאָסן אין פאַל, ווען דער פאַרלאַמענט וועט אָפּוואַרפן די פּעטיציע, דערלאַנגען דער קיניגין אַ מעמאָראַנדום וועגן פאַנאַנדערלאָזן דעם פאַרלאַמענט און וועגן צונויפשטעלן אַ קאַבינעט פון מיניסטאָרן, וואָס נעמען אָן די פאָלקס=באַרטיע, צונויפרופן אַ נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פון דעלעגאַטן, וואָס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן אַף עפנטלאַכע מיטינגען, מיט דעם, אַז זי זאָל זיך ניט פאַנאַנדערגיין, ביז די באַרטיע וועט ניט ווערן אַ געזעץ, איינצוארדנען איבערן גאַנצן לאַנד אין איין צייט מיטינגען פּרויטיק פאַר פּאַסכע. דעם 21=טן אַפּרעל קדיי אויסצוקלייבן דעלעגאַטן אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, און פאַרצוזעצן די זיצונגען פונם קאָנווענט ביז עס וועט זיך עפענען די דאָזיקע נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. נאָר אַף דורכצופירן די דאָזיקע רעזאָלוציע אין לעבן איז ניט געווען ניט קיין קויכעס, ניט קיין אָרגאַניזאַציע.

דעם 10=טן אַפּרעל האָט מען געהאַט בעדייע צו דערלאַנגען דעם פאַרלאַמענט די פּעטיציע. דעם 7=טן אַפּרעל האָט די רעגירונג אַרויסגעלאָזט אַ ווענדונג, אין וועלכער זי האָט דערקלערט דעם קאָנווענט פאַר אַ מוירדישע אָרגאַניזאַציע און האָט געוואָרנט דעם עולם פון אַנטייל צו נעמען אין דער פּראָצעסיע פון 10=טן אַפּרעל. אין איילעניש זיינען דורכגעפירט געוואָרן בילן (געזעצפּראָעקטן) וועגן באַשיצן די קרוין און די רעגירונג און וועגן אויפלענדער. לאָנדאָן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליטערישן לאַגער (מיליטערישע און פּאָליציייאישע קויכעס איז געווען אין שטאָט קאַרעוו צו 500 טויזנט).

דער קאָנוועָנט האָט פּראָטעסטירט קעגן די דאָזיקע מיטלען, באַהויפּטנדיק. אז די פּראָצעסיע וועט טראָגן א פֿרידלעכן כאַראַקטער. אינם באַשטימטן טאָג איז די פּראָצעסיע אַרויס פֿון אינדערפֿרי; בעררויש פֿון איר זיינען געגאַנגען די מיט־גלידער פֿונם אויספֿיר־קאָמיטעט, עס האָט זיך צונויפֿגעקליבן סאַכאַקל עטלאַכע צענדליק טויזנט מאַן. נאָר אויך זיי האָט מען ניט צוגעלאָזט ביזן סאַמע פּאַר־לאַמענט, און זיי זיינען געוועָן געצוואונגען פֿאַנאַנדערצוגיין זיך נאָכן מיטינג, די פֿירער האָבן זיך ניט באַשלאָסן צו פֿירן די מאַסע אַף א ריכטיקע, ווי זיי האָט זיך געדוכט, שביטע. די פּעטיציע איז אָפּגעפֿירט געוואָרן אין פּאַרלאַמענט אַף דריי פֿורן און איז צוגעשטעלט געוואָרן דורך אָ׳ קאָנאָר, וואָס האָט געמעלדעט, אַז אונטער איר איז פֿאַראַן 5,700,000 אונטערשריפֿטן. נאָר די פּאַרלאַמענטאַרישע אויספּרובירונג־קאָמיסיע האָט דערקלערט נאָכדעם, ווי זי האָט באַטראַכט די פּע־טיציע, אַז זי האָט סאַכאַקל 1,975,496 אונטערשריפֿטן, און דערביי אַן איי־ניקע א בוילעט פֿיקטיווע כאַראַקטער, ווי קורנאָסער, פּעמפּיק, אנקעזמאַן און א. וו. (די פּעטיציע האָט געווויגן 19 פּוד). אָ׳ קאָנאָר האָט באַהויפּטעט, אַז די קאָמיסיע האָט ניט געקאָנט אַזוי גיך איבערציילן אַלע אונטערשריפֿטן און אַז אַלע פֿיקטיווע נעמען און מיעסע צונעמענשין האָבן אַהין אַריינגעשריבן די רע־גירונגס־שפּיאָנען. עס איז פֿאָרגעקומען אַ שווערע סצענע, וואָס ב׳איים איר איז אָ׳ קאָנאָר פּערזענלאַך באַליידיקט געוואָרן. ער האָט אַרויסגערופֿן דעם באַליידיקער אַף אַ דועל, נאָר ער האָט זיך באַגנוגנט מיט זיין אַנטשולדיקונג. דערנאָך האָט אָ׳ קאָנאָר, רעכענענדיק זיך מיט דער געשאַפֿענער אַטמאָספֿער, געמעלדעט, אַז ער פֿאָדערט ניט, אַז די פּעטיציע זאָל טייקעף באַהאַנדלט ווערן. ערשט אין 15 כאַדאָשים אַרום, דעם 3־טן יולי פֿון יאָר 1849, איז די פּעטיציע באַהאַנדלט גע־וואָרן אין פּאַרלאַמענט, וואָס האָט זי אָפּגעוואָרפֿן מיט 222 שטימען קעגן 17.

די מיטינגען אין לאַנד זיינען געגאַנגען ווייטער. דערביי האָט אין איניקע פֿון זיי גענומען אַן אַנטייל זייער אַ גרויסע צאָל מענטשן (100־80 טויזנט). וואו ניט וואו האָט מען אַפֿילע גערעדט וועגן באַוואָפֿענונג און וועגן אָרגאַניזירן א נאַציאָנאַלע גיואַרדיע. נאָר נאָכן 10־טן אַפּרעל האָט די באַוועגונג אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ שוואַכער און שוואַכער. אין פּעטיציעס האָט קיינער מער ניט געגלויבט, און אַף אַן אַנטשלאָסענעם קאַמף מיט דער בורזשואַזער געזעלשאַפֿט איז ניט געווען קיין קויכעס. דער קאָנוועָנט האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען ביזן 24־טן אַפּרעל פֿון יאָר 1848, און דעם 1־טן מאַי האָט זיך געעפֿנט די נאַציאָנאַלע פֿאַרזאַמלונג. זי האָט געפֿירט לאַנגע וויקוכים, פֿלעגט אָנגענומען רעזאָלוציעס, וואָס האָבן רעקאָמענדירט דעם פֿאָלק צו באַוואָפֿענען זיך. נאָר עס האָט זיך געפֿילט, אַז הינטער איר שטייט ניט קיין שום אָרגאַניזירטע קראַפֿט. דעם 13־טן מאַי איז זי זיך אַליין פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, די פֿירער זיינען אַוועקגעפֿאָרן אין דער פּראָווינץ, פֿלעגן צונויפֿקלייבן מיטינגען, שרעקן, אַז זיי וועלן פֿאָרמירן א נאַציאָנאַלע גוואַרדיע. וואו ניט וואו איז דערגאַנגען ביז אויס־בראַכן. אין אַנדערע ערטער האָבן פּראָוואָקאַטאָרן אָרגאַניזירט פֿאַרשווערונגען. עס זיינען געמאַכט געוואָרן פֿיל אַרעסטן, עס זיינען אַרויסגעטראָגן געוואָרן

שטרייגגע אורטיילן, עס האָט אנגעהויבן הערשן דער פּאָליציייאישער טעראָר, — מיט איין וואָרט, עס איז אנגעקומען אַלץ דאָס, וואס עס קומט פאר בא יעדער מאַפּאלע פון דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג. דעם ענטגילטיקן קלאַפּ דעם טשארטיזם האט געגעבן דער דורכפאל פון א׳ קאנארס אַגראַר־פּראגראם. צווישן די טשאַרטיסטן האָט זיך אויפגעהויבן א שטארקע אָפּאזיציע קעגן דעם אלטן פירער. ער האט ניט אַריבערגעטראגן אלע אומגליקן, וואס האבן זיך א שאט געטאן אף זיין קאָפּ, און איז אראָפּ פון זינען. ער איז געשטארבן אין 1855־טן יאר, נאכדעם ווי ער האט צוויי יאר פאַרבראַכט אין משוגאאים־הויז, און 50 טויזנט ארבעטער האבן באגלייט צום קיווער זייער פריערדיקן טריבון.

דער טשאַרטיזם האט געהאלטן באם שטארבן. ער האט אנגעהויבן צעפאַלן ווערן אַף איינצעלע ריכטונגען. באַ אייניקע האט זיך אַרויסגעוויזן א נעטיע צו א פשארע מיט דער בורזשואזיע. עס איז אויפגעקומען א ריי נייע ארגאַניזאַציעס, וואס האבן קאנקורירט מיט דער טשארטיסטישער ארגאניזאציע, ווי, א שטייגער, די רעפאָרם־ליגע, די אויפּלעבונג־ליגע און א. וו. די אלטע פירער פון דער באוועגונג זיינען געשטארבן אדער אראָפּ פון דער סצענע. אינם דאָזיקן יערידע־פעריאד איז בערויש פון דער באוועגונג געשטאנען דער פּאעט ע. דזשאנס, נאר ער האט, פארשטייט זיך, גארנישט ניט געקאנט אויפטאן, ווייל די באוועגונג האט קלאר אויסגעלעבט זיך אליין. דער ערשטער העלדישער דראנג פונם איינגלישן פראלעטאריאַט אף דער בורזשואזיע האט זיך געענדיקט מיט א מאפּאלע.

## דער ארבעטער־ליבעראליזם.

איצט קומט אָן אַ פעריאד פון אַ ליבעראלער ארבעטער־באוועגונג, וואָס ציט זיך אין א ריינער פאָרם קארעוו צו א האלבן יאָרהונדערט, און אין א געענדערטער פאָרם דויערט זי נאָך ביזן היינטיקן טאָג. דער איינגלישער ארבעטער־קלאַס זאָגט זיך אָפּ אף א לאנגע צייט ניט נאָר פון פאַרכאפּן די מאַכט אין דער מלוכע, נאָר אפילע פון א מער אָדער ווייניקער זעלבשטענדיקער פּאָליטיק. אין אַלע געביטן פונם לעבן, אין פּאָליטישן, עקאנאָמישן און אידייאישן, שלעפּט ער זיך נאָך נאָך דער בורזשואזיע. ער אנערקענט די געזעצלאכקייט פון איר הערשאַפט און פארמעסט זיך ניט אפילע אף די יעסוידעס פון דער איינגעשטעלטער דורך איר געזעלשאפטלאכער אָרדענונג. ער בויט, עמעס, זיינע פאַראייגען, ער פירט אָן איינגעשפּארטן קאמף מיט די באלעבאטים פאר זיינע עקאָנאָמישע אינטערעסן, אַרויסווייזנדיק צייטנווייז אינם דאזיקן קאמף א גרויסע אויסגעהאלטנקייט און אפילע העלדישקייט. נאָר דער דאזיקער קאמף טראָגט א טיילווייזן כאראקטער. ער שטעלט זיך פאר א ציל צו דערשלאגן זיך קלענע פאַרבעסערונגען אין דער לאגע פונם ארבעטער. ער שטרעבט ניט צו באַ־

פרײַען דעם פּראָלעטאַריאַט פון יעטווידער אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע, ער שטעלט זיך ניט פאַר אַ ציל צו גרינדן אַ נײַע געזעלשאַפטלאַכע אָרדענונג, וואָס אין איר זאָל דער אַרבעטער-קלאַס זײַן דער באַלעבאָס פונם לעבן, ער פאַרמעסט זיך ניט אויף דער הערשאַפט פון די קאַפּיטאַליסטן, ער זוכט נאָר אַרויסצורײַסן בײַ זיי טײלווײַזע האַנאָכעס — און דערבײַ אַפילע ניט לעטוויוואָס דעם אַרבעטער-קלאַס אינגאַנצן גענומען, נאָר לעטוויוואָס די אָדער יענע זײַנע גרופּעס, די אַממערסטן פּריווילעגירטע און אָרגאַניזירטע (די אַזוי גערופענע — „אויסגעלערנטע" אַרבעטער). דער באַגריף וועגן אײַנהײַטליכקײט פונם פּראָלעטאַריאַט און וועגן דער סאָלידאַריטעט פון זײַנע אינטערעסן אין די גרענעצן פונם גאַנצן פאָלק און פון דער גאַנצער וועלט ווערט אויף אַ לאַנגע צײַט פאַרשוואונדן. די העכערע שיכטן פון די אַרבעטער איז ניט נאָר זיי איגנאָרירן די אינטערעסן פון זייערע אין ערגערע באַדינגונגען אַוועקגעשטעלטע כאַווײרים (פון די פאַרשטײער פון „ניט אויסגעלערנטער" אַרבעט), נאָר אַפילע אין זײער אײגענער סוויווע ווײַזן זיי ניט אַרויס קײן געהעריקע סאָלידאַריטעט. זיי אָרגאַניזירן זיך לויט באַזונדערע צעכן, קאָנקורירן אײנער מיטן צווײטן, היטן ציטעריק, אַז אײן צעך זאָל זיך ניט אַרײַנרײַסן אינם פאַרבאַטענעם געביט פון זײַן שאָכן, טרעטן אַרויס באַזונדער און האַלטן ניט אונטער די פאַראײַנען פון אַן אַנדער ספּעציאַליטעט. די בורזשואַזיע באַגריסט אַזאַ שטימונג צווישן די אַרבעטער און האַלט זי אונטער, אויף וויפיל ס'איז נאָר אין אירע קויכעס. זי גייט אויף האַנאָכעס בענויגײַע צו די אַממערסטן פּריווילעגירטע גרופּעס אַרבעטער, שטעלט זיי אַוועק אין אַ בעסערער לאַגע, אײדער אין אַנדערע לענדער — און זי קאָן זיך דערלויבן אַזאַ לוקסוס, ווײַל די ענגלישע אינדוסטריע באַקומט אַן אומגעווײנטלאַכן פאַרנעם און פאַרנעמט אויפן וועלט-מאַרק אַן אויסשליסלאַך אָרט, קימאַט אַ מאָנאָפּאָליסטישע לאַגע, ניט מוירע האָבנדיק פאַר קאָנקורענץ.

דער טשאַרטיזם האָט געכאַפּט אַ מאַפּאָלע אין דעם זין, וואָס אים האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו דערשלאָגן זיך צו זײַן איקערדיקן און אוממיטלבאַרן ציל: צו דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל פאַרכאַפּן די מלוכע-מאַכט. נאָר ער האָט איבערגעלאָזט דעם ענגלישן אַרבעטער-קלאַס אין אַ פיל בעסערער לאַגע, אײדער ער האָט אים געטראָפן. אָנגעשראָקן דורך דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג, איז די בורזשואַזיע פאָרט אײַנגעגאַנגען אויף אַ רײ האַנאָכעס פאַר די אַרבעטער. די פּרעסע פרײַהײַט, די געזעצן פון אַרבעטסשוץ פאַר קינדער, ניט דערוואַקסענע און פרויען, דער צענשאָעיקער ביל,[1] די פאַרווײַכערונג פון דער קרימינאַל-געזעצגעבונג, די אָפּשאַפונג פון די אָפּצאָלונגען אויף טוואַוע — די דאָזיקע אַלע מאָס-מיטלען האָבן אָפּגעשוואַכט די הערשאַפט פון דער ערד-אַריסטאָקראַטיע און האָבן געשאַפן אַ גינסטיקן באָדן פאַרן עקאָנאָמישן קאַמף פונם אַרבעטער-קלאַס. פון דער אַנדער זײַט, האָט די טקופע

[1] דער געזעץ וועגן באַגרענעצן די אַרבעטס-צײַט פון פרויען און קינדער מיט 10 שאָ אַ טאָג, וואָס האָט זיך פאַקטיש פאַרשפּרייט אויך אויף די מאַנסבילן.

פונם טשארטיזם איבערגעלאזט דעם פראלעטאריאט קאאפעראטיוון, שטארקער געווארענע פראפעסיאנעלע פאראיינען און האט אים איבערגעלאזט בעצאוואע א גייסט פון קאמף. דאס אליץ איז אויסגענוצט געווארן דורך געוויסע שיכטן פונם ארבעטער-קלאס פאר דער ווייטערדיקער פארפעסטיקונג פון זייערע פאזיציעס — דאס מאל אין די ראמען פון דער בורזשואזער געזעלשאפט.[2])

עס איז שוין לאנג אויפגעוויזן געווארן, אז אין פאליטיש פרייע לענדער שלאגט זיך דורך די זעלבשטענדיקע קלאסן-באוועגונג פונם פראלעטאריאט א וועג מיט א סאך מער שוועריקייטן, איידער אין לענדער, וואו קיין פאליטישע פרייהייטן איז גאר ניט פאראן, אדער וואו זיי עקסיסטירן אין א באגרענעצטער פארם. אפן ערשטן קוק קומט אויס אזא זאך גאנץ משונע, דאך איז עס נאטירלאך. דאס דערקלערט זיך דער איקער מיט צוויי סיבעס.

ערשטנס, זיינען די פאליטיש פרייע לענדער געווינטלאך אויך אזוינע לענדער, וואס די בורזשואזיע האט דערגרייכט אין זיי צו דער גרעסטער קראפט און ארגאניזירטקייט. די בורזשואזיע, וואס האט זיך דערשלאגן צו פולשטענדיקער הערשאפט אדער צו א ברייטער ווירקונג אף די מלוכע-איניאנים, טרעט אריין אין אן אפמאך מיט די פריערדיקע הערשנדיקע קלאסן, לעמאשל, מיט דער ערד-אריסטאקראטיע, און קאן ארויסווייזן א שטארקערן ווידערשטאנד די פאדערונגען פונם פראלעטאריאט. וואו ניט וואו גיט זי א ביילעק אין דער מלוכע-מאכט א טייל פון דער קליין בורזשואזיע און נעמט מיט דעם אפ באם פראלעטאריאט איינעם פון זיינע געווינטלאכע פארבינדעטע אינם קאמף מיט די פריצים און קאפיטאליסטן. נאר אפילע אליין פאר זיך איז אזא אלטע און ארגאניזירטע בורזשואזיע גענוג שטארק, קדיי צו האלטן די ארבעטער א לאנגע צייט אין פאליטישער און אידייאישער פארקנעכטונג, ווייל איר קומט שוין ניט אויס אפצוגעבן א באדייטנדיקן טייל פון איר ענערגיע אפן קאמף מיט דער אליינהערשאפט און מיט דער פעאדאלער אריסטאקראטיע, און זי קאן דעריבער אפגעבן אלע אירע קויכעס צו פארטיידיקן די פאזיציעס, וואס זי האט שוין אויסגעקעמפט. פון דער אנדער זייט, געפינט ניט דער פראלעטאריאט אין אזוינע לענדער מיט אן איינגעשטעלטן „נארמאלן” פאליטישן לעבן קיין גינסטיקע אומשטאנדן פאר זיין קאמף, ווייל אים קומט אויס ארויסצוטרעטן איינער אליין קעגן אלע פאראייניקטע קלאסן פון דער בורזשואזער געזעלשאפט און דערביי אן א האפענונג צו געפינען פארבינדעטע. אזא איז אין אלגעמיין געוועזן די לאגע פונם ארבעטער-קלאס אין דער צווייטער העלפט פון 19-טן יארהונדערט אין איינגלאנד, אין די פאראייניקטע שטאטן, טיילוייז אין פראנקרייך, האלאנד און א. וו. אדראבע, אין אזעלכע לענדער, ווי דייטשלאנד, עסטרייך, אונגארן, רוסלאנד, וואו די ברייטע שיכטן פון דער בורזשואזיע האבן אליין ניט געהאט קיין פאליטישע רעכט און וואו זיי האבן געקעמפט מיטן הערשנדיקן אדל, וואו זיי איז אויסגעקומען צוליב דעם אליין אריינצוציען דעם פראלעטאריאט אינם

[2]) אינם ליבעראלן לאגער איז איבערגעגאנגען ניט נאר די דורכשניטלאכע ארבעטער-מאסע, נאר אויך אזעלכע געוועזענע פירער פונם טשארטיזם, ווי דזשאנס לאוועט, קופער און א.

פּאָליטישן קאַמף, וואו די אַטמאָספערע איז אַף אַזאַ אויפן אין אַ מעשעך פון אַ לאַנגער צײַט געווען אַ רעוואָלוציאָנערע, דאָרטן פלעגט זיך דעם אַרבעטער־קלאַס לײַכטער אײַנגעבן צו שאַפן זײַנע אייגענע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. נאָר אַזוי איז עס, אַגעוו, בעשאַיטוי געווען אויך אין אייגלאַנד, וואו די בורזשואַזיע איז ביז דער וואַל־רעפאָרם פון 1832־טן יאָר און ביז דער אָפּשאַפונג פון די „טוואָוּע־געזעצן" געווען געשטימט אָפּאָזיציאָנעל און האָט געזען אַרײַנצוציען די אַרבעטער אין פּאָליטישן קאַמף, וואָס האָט, אַגעוו אורכע, געגעבן, ווי מיר ווייסן, אַ שטויס דער אויפקומונג פונם טשאַרטיזם; אַזוי איז עס בעשאַיטוי געווען אויך אין פראַנקרײַך, וואו די בורזשואַזיע פלעגט אין די 30־קער און 40־קער יאָרן אַליין אַרײַנציען די אַרבעטער אין פּאָליטישן קאַמף און אַ. וו. נאָר אַז זי פלעגט זיך דערשלאָגן צו אירע צילן, פלעגט זי זיך מיטן גאַנצן פאַראייניקטן פראָנט פון די פאַרמעגלאַכע קלאַסן ווענדן קעגן דעם פּראָלעטאַריאַט און פלעגט פאַראַליזירן זײַנע שטרעבונגען צו זעלבשטענדיקער פּאָליטישער טעטיקייט, וואו מיט געוואַלט און וואו מיט ברייט און בעריעש אָרגאַניזירטער אידעיִשער אויפווירקונג.

צווייטנס, איז אין לענדער פון פּאָליטישער פרייהייט פילט ניט דער אַרבעטער קלאַס אַזוי ווייטאַקדיק זײַן פּאָליטישע רעכטלאָזיקייט, ווי אין לענדער, וואָס האָבן ניט קיין פּאָליטישע פרייהייט. ווי די פאַרמעגלאַכע קלאַסן זאָלן זיך ניט באַמיען אויסצונוצן די פּאָליטישע פרייהייטן אויסשליסלאַך פאַר זיך, מוזן פונדעסטוועגן אייניצעלנע ברעקלאַך אַנקומען אָפּטמאָל אויך דעם אַרבעטער קלאַס. דער פּראָלעטאַריאַט שטויסט זיך ווייט ניט מיט אַמאָל אָן אַף די גאַנצע אויסגעשפּיצטע מעכאַניק פון דער „ליבעראַלער" און „דעמאָקראַטישער" אַפּאַראַט. אין פעריאָדן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, ווען פאַר דער הערשאַפט פון די פאַרמעגלאַכע קלאַסן שטייט אַ געפאַר, וואַרפן זיי אָפּ אָן צערעמאָניעס אָן אַ זײַט אַלע פאַלשע צאַוואָעס פון „פרײַהייט" און ווענדן אָן קעגן די מוירדים די אומבאַגרענעצטע דיקטאַטור פונם קאַפּיטאַל, זיי שאַפן אָפּ די פּאָליטישע פרייהייטן, פירן איין מיליטערישן און באַלאַגערונגס־צושטאַנד און אַ. וו. נאָר אין נאָרמאַלע פעריאָדן פון בורזשואַזער עקספּלואַטאַציע האָבן די אַרבעטער אין די אַזוי גערופענע פרייע לענדער די מעגלאַכקייט צו באַנוצן זיך מיט אייניקע פרייהייטן אין אַזאַ מאָס, אַף וויפיל דאָס רייסט ניט אונטער די גרונט־איקרים פון דער בורזשואַזער הערשאַפט. אַזוי, האָבן אין אייגלאַנד פון מיטן פון 19־טן יאָרהונדערט די אַרבעטער געהאַט בירגערלאַכע פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג, אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס פּאָליטישע פרייהייטן, פרייהייט פון פרעסע, פון פאַרזאַמלונגען, פון פאַראייניגען און אַ. וו.; זיי האָבן געמעגט אָרגאַניזירן זייערע פראָפעסיאָנעלע פאַראײַניגען, אייגאָרדענען קאָאָפּעראַטיוון, פירן אָן עקאָנאָמישן קאַמף, פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן קעגן די באַלעבאַטים, זיי האָבן אין אַ גרעסערער מאָס, ווי אין אַנדערע לענדער, געהאַט שוין מיצאַד דער געזעצגעבונג. בא אַזעלכע באַדינגונגען האָבן זיי ניט אַזוי שטאַרק געפילט די פּאָליטישע אומגלייכבאַרעכטיקונג, ווי פאַר דער טשאַרטיסטישער באַוועגונג. און פון 1867־טן יאָר האָבן די פנויי פונם אַרבעטער קלאַס באַקומען אַפילע וואַלרעכט. דאָס אַלץ האָט גע־

שטערט דער שאפונג פון אַן אייגענער פּאָליטישער ליניע און דער זעלבשטענדיקער קלאַסנדיקער פּאָליטישער ארגאַנזירונג פונם איינגלישן פּראָלעטאַריאַט. נעמענדיק אין באַטראַכט די מאָנאָפּאָליסטישע לאַגע פון דער איינגלישער אינדוסטריע אפן וועלט=מארק, האָבן די איינגלישע אַרבעטער געהאַלטן, אז פאַר זיי לוינט בעסער אויסצונוצן דאס וואלרעכט, וואָס זיי האָבן באַקומען, ניט פאַר זעלבשטענדיקע פּאָליטישע אקציעס, נאָר כּדי צו דריקן אַף איינע פון די צוויי קעמפנדיקע בורזשואזע פּאַרטייען (ליבעראלן און קאנסערוואַטארן), צווינגנדיק זיי איינע נאָך דער אנדערער צו גיין אַף די אדער אַנדערע האַנאָכעס די אַרבעטער. מיט דעם דערקלערט זיך די איבערוואג פון דער עקאָנאָמישער זייט איבער דער פּאָליטישער אין דער איינגלישער אַרבעטער באַוועגונג און אויך די פּאָליטישע גלייכגילטיקייט פונם בריטישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס האט זיך אזוי לאַנג איינגעהאַלטן.

מיר האָבן געזען, אַז פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס פון די אַרבעטער האָבן מיט זעלטענע אויסנאַמען קימאַט ווי ניט געשטיצט דעם טשאַרטיזם. נאָך דער מאַפּאָלע פון דער באַוועגונג פון די 40=קער יאָרן באַהערשט די פּאָליטישע גלייכגילטיקייט נאָך שטאַרקער די איינגלישע אַרבעטער. דערצו האָט, פון איין זייט, מיטגעהאָלפן די אויפבליאונג פון דער אינדוסטריע, אנהויבנדיק פון די 50ק=ער יאָרן. אויב די 20=קער, 30=ער און 40=קער יאָרן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער אפטקייט און שטאַרקייט פון די קריזיסן, איז ווערט איצט דער וואוקס פון דער אינדוסטריע אַף אַ גאַנצע ריי יאָרן אַ מער שטאַנדהאַפטיקער. די ארגאַניזירטע אַרבעטער נוצן אויס די דאָזיקע גינסטיקע קאָניונקטור פאַר דער בעהאַדראַגעדיקער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע. די קאַפּיטאַליסטן גיבן ביז אַ געוויסער מאָס נאָך די פאָדערונגען פון די אַרבעטער, און די לעצטע פאַרגעסן ביסלאַכווייז ניט נאָר וועגן סאָציאַליסטישן אידעאַל, נאָר אויך וועגן זייער פּאָליטישער אומגלייכבאַרעכטיקונג. זייער באַוועגונג באַקומט אַ ריין עקאָנאָמישן און אַ מעסיק=רעפאַרמאַטאָרישן כאַראַקטער.

שוין פון 1843=טן יאָר הויבן די אַרבעטער אָן צו ווענדן אַ פאַרשטאַרקטע אויפמערקזאַמקייט אַף דער פּראָפעסיאָנעלער ארגאַניזירונג. אין 1844 יאָר קומען אויף די ערשטע אמאַלגאַמירטע (דאָס הייסט, וואָס פאַראייניקן אַלע אדער פיל פאַראיינען פון איין פאַך איבערן גאַנצן לאַנד) פאַרבאַנדן פון די זעצער און גלאָז=אַרבעטער. אין 1851=טן יאָר קומט אויף די אמאַלגאַמירטע געזעלשאַפט פון מאַשינענבויער (מעכאַניקער, „אינזשענערן”, לויט דער איינגלישער טערמינאָלאָגיע), וואָס האָט געדינט פאַר אַ מוסטער צו שאַפן פונקט אַזעלכע פאַראייניקטע פאַרבאַנדן אין די איבעריקע אינדוסטריע-צווייגן. אַלע די דאָזיקע פאַראיינען האָבן געטראָגן אַ זייער מעסיקן כאַראַקטער. אַפילע די נייע אַלגעמיין=איינגלישע אָרגאַניזאַציע, די „נאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע פון די פאַראייניקטע אַרבעטער=פאַראיינען צו פאַרטיידיקן די אַרבעט”, וואָס איז אויפגעקומען אין 1845=טן יאָר, האָט געטראָגן פונקט אַזאַ כאַראַקטער. אין דעם אַריינטריטס=פּאַראַג, וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער דאַ=

זיקער אסאציאציע, זיינען אויסגעדריקט געווארן די בורזשואזע געדאנקען, וואס זיינען אף א לאנגע צייט געווארן דאס פארמעגן פין דער איינגלישער ארבעטער-באוועגונג. דארט האט זיך גערעדט וועגן דער סאלידאריטעט פון די ארבעטער און פון די באלעבאטים, וועגן דער וואוילטעטיקייט פון א גוטער איינפארשטענדעניש צווישן זיי, וועגן דער נויטיקייט מיטצ העלפן א פרייינטלאכער פשארע מיט די פאבריקאנטן און א.וו. עס איז רעקאמענדירט געווארן די גרעסטע פארזיכטיקייט און ביפראט אפגעהאלטנקייט פון פאליטישע פראגן. דער געדאנק וועגן אן אלגעמיינעם שטרייק איז לעגאמרע אפגעווארפן געווארן, און אפילע וועגן שטרייקן ביקלאל האט מען זיך ניט צו גוטן אפגערופן אפן צוזאמענפאר. נאר אפילע אזא מעסיקער און פינקטלאכער אלגעמיינער פארבאנד האט אויך ניט ארויסגערופן קיין סימפאטיעס מיצאד דער מאסע, און נאכדעם, ווי ער האט אין א מעשעך פון עטלאכע יאר געפירט א נעבאכדיקע עקסיסטענץ, איז ער געשטארבן מיט א שטילן טויט.

אף וויפל די פאראיינען פלעגן זיך איינווארצלען און שטעלן אף די פיס, האט זיך צווישן זיי אנגעהויבן צו אנטוויקלען א פראפעסיאנעלע ארבעטער-ביוראקראטיע אין דער פערזאן פון געצאלטע סעקרעטארן, ארגאניזאטארן און א. וו. אין צוזאמענהאנג מיט די שמאלע אויפגאבן, וועלכע ס'האט זיך געשטעלט די פראפעסיאנעלע באוועגונג, האט זיך צווישן די דאזיקע פראפעסיאנעלע באאמטע אנטוויקלט דער סאמע באגרענעצטער האריזאנט און א שמאלער פראקטיציזם. אין זייער געביט האבן זיי געהאט גרויסע ידיעות (וועגן די באדינגונגען פונם מארק, וועגן דער נאכפראגע און אנבאט פון ארבעט, וועגן די ווירקנדיקע געזעצן און א. וו.) און פלעגן צייטנווייז ארויסווייזן א קאלאסאלע שטאנדהאפטיקייט און איבערגעגעבנקייט זייער זאך, נאר דער געביט איז דאך בא זיי געווען א צו שמאלער און די זאך א צו קליינלאכע, האגאם א וויכטיקע. די נייע ארבעטער פירער פלעגן פיינטלאך און מיט אומצוטרוי זיך באציען אפילע צו שטרייקן, צו דעם איינציק ווירקלאכן מעטאד פונם ארבעטער קאמף, באם אפזאג פין פאליטיק, און האבן זיך געשטעלט אף א פולשטענדיק געשעפטמאכערשן סאברישן שטאנד פונקט. זיי האבן אבער גענומען דעם גרונט-קלאל פון דער בורזשואזער עקאנאמישער וויסנשאפט, וואס זאגט, אז דער פרייז פון יעדער סכוירע ווערט באשטימט דורך דער פארהעלטעניש צווישן דער נאכפראגע נאך דער דאזיקער סכוירע מיט איר אנבאט, און האבן זיך באמיט אנצווענדן דעם דאזיקן קלאל צו ארבעט, וועלכע זיי פלעגן צוזאמען מיט די קאפיטאליסטן באטראכטן ווי א געוויינלאכע סכוירע. אזוי ווי פארגרעסערן די נאכפראגע אף ארבעט איז געווען אפהייניק ניט פון זיי, האבן זיי געווענדעט זייער הויפט-אויפמערקזאמקייט אף קלענער צו מאכן דעם אנבאט פון ארבעט. דעריבער האבן די פראפעסיאנעלע פאראיינען אנגעהויבן צו קעמפן דער איקער פאר באגרענעצן די צאל לערן-אינגלעך, פאר ניט דערלאזן „ניט אויסגעלערנטע" ארבעטער, פאר אפשאפן די אויבער שטונדן און פאר שאפן א איבערוואנדערונגס-פאנד אף ארויסצושיקן קיין אויסלאנד די איבעריקע ארבעטער. עס פארשטייט זיך, אז ניט שטענדיק איז די זאך געגאנגען אזוי גלאט, ווי עס האט זיך געוואלט די איבער-

געשפּיצטע פירער. פון צייט צו צייט פלעגן אויסברעכן שטרייקן, נאר אין אלגעמיין און אין גאנצן גענומען טראגט די באוועגונג אין די יארן, וואס זיינען געגאנגען נאכן כורבן פון טשארטיזם, א זייער נעבאכדיקן כאראקטער. עמעס, אין אט דעם פעריאד איז געלייגט געווארן דער יעסאד פון מעכטיקע פאראייניקטע פאראיינען (פון מעכאניקער, וועלכע מיר האבן שוין דערמאנט, פון טשעסלערס, שניידער און אנד.), נאר אט די פאראיינען גופע, וואס האבן גרופירט ארום זיך די פניי פון די „איסגעלערנטע" ארבעטער, זיינען געווארן דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון אויסשליסלאכקייט, וואס איז געוועזן געווענדעט קעגן דער דורכשניטלאכער ארבעטער-מאסע. אזוי, פלעגן די מעכאניקער דערלאזן אין זייער סוויווע נאר ארבעטער, וואס האבן דורכגעמאכט דעם איינגעשטעלטן דורכן געזעץ טערמין פאר פאבריק-שילעריי.

דער פאראיין פון די מעכאניקער גופע האט אנגעהויבן זיין עקסיסטענץ פון א שטרייק צוליב אויבערשטונדן און שטיקארבעט. אינם דאזיקן שטרייק, וואס האט זיך געצויגן דריי כאדאשים, האט ער געכאפט א מאפּאלע, נאר, צום אלגעמיינעם באוואונדערן, האט זיך די דאזיקע מאפּאלע ניט אפּגערופן קלאגעדיק אף זיין גוירל, ווי דאס פלעגט זיין פריער. פּונקט אזוי האט אויך דער שטרייק פון די בויארבעטער אין 1860-טן יאר, וואס איז, ווי דער פריערדיקער, ארויסגערופן געווארן דורך א לאקאוט מיצאד די באלעבאטים, ניט נאר ניט געבראכט קיין שאדן דעם פאראייניקטן פאראיין פין די טשעסלערס, נאר האט, אדראבע, פארפעסטיקט זיינע רייען. עס איז קלאר, אז די אלגעמיינע עקאנאמישע באדינגונגען פון דער טקופע זיינען געוועזן גינסטיק פאר דער אויסבילדונג פון פּראפעסיאנעלע פאראיינען און פאר זייער קאמף.

די אידיליע, וואס האט זיך איינגעשטעלט אין דער איינגלישער אינדוסטריע איז געשטערט געווארן דורכן קריזיס, וואס האט זיך אנגעהויבן אין דער צווייטער העלפט פון די 50-קער יארן. עס האט זיך אנגעהויבן א טקופע פון שטרייקן. וואס פלעגן אפט אויפקומען קעגן דעם ווילן פון די פירער, וועלכע זיינען געזעסן אין די קאמיטעטן. די דאזיקע קליינע שטרייקן פלעגן זיך געווינטלאך ענדיקן מיט א ניצאכן פון די ארבעטער, און אין פיל ערטער פלעגן זיי פירן צום אננעמען די אזוי גערופענע „ארבעטער סטאטוטן", דאס הייסט, קאלעקטיווע אפּמאכן צווישן די ארבעטער און די אונטערנעמער. דאס איז געוועזן א נייע דערשיינונג אינם אינדוסטריעלן קאמף, וואס האט שפּעטער באקומען א ברייטע אנטוויקלונג.

צווישן די פילצאליקע צוזאמענשטויסן פונם פעריאד, וועלכן מיר באטראכטן, האט א גרויסע ראלע געשפּילט דער שטרייק פון די בויארבעטער אין לאנדאן אין 1860—1859-טן יארן. די ארבעטער האבן געפאדערט א 9-שאאיקן ארבעטסטאג. די באלעבאטים האבן געענטפערט מיט א לאקאוט און מיט דער „פאדערונג פון א דאקומענט", דאס הייסט מיט א אונטערשריפט וועגן ניט געהערן צו א פאראיין. דאס איז געוועזן אן ארויסרוף דעם גאנצן ארבעטער קלאס. ווי דאס פלעגט זיך אפט טרעפן, פלעגן די קאפּיטאליסטן מיט זייערע געוואלטטאטן אליין ארייננקלאפּן אין די מויכעס פון די ארבעטער

דעם געדאנק וועגן פראלעטארישע סאלידאריטעט. אלע ארגאניזירטע ארבעטער האבן געאיילט קומען צו הילף די שטרייקער. די געלט הילף, וואס איר אויספעלן האט זיך שטארק געפילט ב'איים די פריערדיקע שטרייקן, האט דאס מאל געגעבן די ארבעטער די מעגלאכקייט צו האלטן זיך פעסט. האגאם די ארבעטער האבן זיך ניט דערשלאגן צו דעם וואס זיי האבן געוואלט, נאר די באלעבאטים זיינען אבער אויך געצוואונגן געווארן נאכצוגעבן. דער שטרייק האט זיך געענדיקט מיט גארנישט פאר ביידע צדאדים. נאר ער האט אויפגעהויבן דעם סאלידאריטעט-גייסט צווישן די ארבעטער, האט געגעבן א שטויס צו דער אויסבילדונג פון דער פאראייניקטער בויארבעטער געזעלשאפט און האט אומדירעקט געמאכט אן אנהויב פונם „געווערב-ראט" פונם לאנדאנער דאט פון ארבעטער-פאראיינען, וואס האט געשפילט א באדייטנדיקע ראלע אין דער ארבעטער באוועגונג פון די 60-קער יארן. ב'איים דעם דאזיקן שטרייק איז באריימט געווארן דער סעקרעטאר פונם שעפילדער טשעסלער-פאראיין עפלגארט, שפעטער איינער פון די גרינדער ונם אינטערנאציאנאל.

דער יארצענדליק 855—1865 איז געווען באצייכנט מיט דער אויפקומונג פון שטענדיקע ראטן פון ארבעטער-פאראיינען אין די וויכטיקסטע אינדוסטריעלע צענטרן. די דאזיקע ראטן וואס פלעגן אפט אויפקומען פון שטרייקן אדער אין צוזאמענהאנג מיטן פארטיידיקן די אלגעמיינע אינטערעסן פונם טרעד-יוניאניזם, פלעגן פאראייניקן די ארטיקע באוועגונג און פלעגן ביז א געוויסער מאס פארבייטן די אויספעלנדיקע פאליטישע ארגאניזאציע פונם פראלעטאריאט. אין אנהויב פון די 60-ער יארן האבן אזעלכע ראטן עקזיסטירט אין גלעזגא, שעפילד, ליווערפול און עדינבורג, און אין 1861-טן יאר איז אזא ראט געבילדעט געווארן אויך דורך די לאנדאנער פראפעסיאנעלע פאראיינען.

אין דער צייט שטעלט זיך בערויש פון דער ארבעטער באוועגונג א גרופע מענטשן, וואס באקומט דער נאמען כונטא אדער יונטע[1]: אין דער דאזיקער גרופע זיינען אריין דער סעקרעטאר פונם פאראייניקטן פאראיין פון די מעכאניקער וויליאם אלאן, דער סעקרעטאר פונם פאראייניקטן פאראיין פון די בויארבעטער ראבערט עפלגארט, דער פירער פון די לאנדאנער ראדיקאלע ארבעטער שוסטער דזשארדזש אדזשער, וואס איז געווארן דער סעקרעטאר פונם לאנדאנער געווערב-ראט, און אויך עטלאכע אנדערע ווירקונגספולע פירער פון דער ארבעטער באוועגונג, בעסויכאם אויך דער דייטשישער עמיגראנט, דער שניידער עקאריוס, א געוועזענער מיטגליד פונם „קאמוניסטן-פארבאנד" פון 1847 יאר. די דאזיקע גרופע האט געזוכט צו פארברייטערן דעם שמאלן האריזאנט פונם איינגלישן טרעד-יוניאניזם און צוציען אים צום אנטייל אינם פאליטישן קאמף. צוליב דעם צו קאנסערוואטיוון כאראקטער פון די טרעד-יוניאנס, וואס זייער אפאראט איז לאכלוטן ניט געווען אויסגערעכנט אף צו פירן א פאליטישן קאמף, האבן זיך די נאיוואטארן געפרואווט ווירקן דורך די געווערב ראטן. אונטער

[1]) א שפאניש ווארט, וואס באטייט א ראט, קאמיטעט, ביקלאל א קאלעקטיוו.

זייער ווירקונג האָבן טכילאַס די לאָנדאָנער, און דערנאָך אויך די פּראָווינציעלע פאַראיינען גענומען אָן אַנטייל אין אַ גאַנצער ריי פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען און אין דער אַגיטאַציע פאַר פּאָליטישע רעפאָרמעס ווי: פאַרברייטערונג פונם וואַלרעכט, די רעפאָרם פון דער געזעצגעבונג וועגן פאַראיינען, די אָפּשאַפונג פונם געזעץ „וועגן האַרן און דינער", וואָס האָט געשטעלט די אַרבעטער אין אַן אונטערגעוואָרפענע און דערנידערנדיקע לאַגע און אַ. וו.

דער לאָנדאָנער ראַט האָט געשפּילט אַן אָנגעזעענע ראָלע אינם אָרגאַניזירן דעם פייערלאַכן קאַבאָלאָס-פּאָנים פון גאַריבאַלדי, ב'איים ער האָט באַזוכט לאָנדאָן. אין 1862-טן יאָר האָט ער צונויפגערופן אַ גרויסן מיטינג אַף אויסצודריקן מיטגעפיל די צאָפן שטאַטן און צו פּראָטעסטירן קעגן דער אויפפירונג פון דער איינגלישער בורזשואַזיע, וואָס האָט ניט באַהאַלטן אירע סימפּאַטיעס צו די דאָרמדיקע קנעכטאייגנטימער. ביקלאַל זיינען די אינטערנאַציאָנאַליסטישע געפילן וואָס דער טשאַרטיזם האָט איבערגעלאָזט בעצאַוואָע, ניט אָפּגעשטאָרבן צווישן די אַרבעטער. זיי פלעגן אויסדריקן זייער מיטגעפיל אַלע פעלקער וואָס האָבן געקעמפט פאַר זייער פרייהייט, דעם איטאַליענישן, פּוילישן און א. וו. אַגעוו אורכע, האָבן די מיטגעפיל-מיטינגען דעם פּוילישן פאָלק אַפילע געגעבן אַ שטויס דער אויסבילדונג פונם אינטערנאַציאָנאַל. די ערשטע צייט האָט זיך דער אינטערנאַציאָנאַל געשטיצט דער איקער אַף די איינגלישע פּראָפפאַראיינען, באַזונדערס אַף יענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון דער „יונטע", און די הויפּט-טוער פון דער לעצטער זיינען אַפילע אַריין אין גענעראַל-ראַט. שפּעטער האָט זיך, אַגעוו, אַרויסגעוויזן, אַז דאָ האָבן זיי אויך געהאַט אין זינען נאָר זייערע אייגענע צילן און האָבן געהאָפט אויסצונוצן דעם אינטערנאַציאָנאַל אין די אינטערעסן פונם איינגלישן טרעד-יוניאָניזם.

דאָס, וואָס די פּאָליציי האָט פאַנאַנדערגעטריבן דעם מיטינג-פּראָטעסט קעגן דעם, וואָס די איינגלישע רעגירונג האָט פון 1864-טן יאָר אַרויסגעשיקט גאַריבאַלדי, האָט ווידער איינגעוועקט אין די אַרבעטער דעם אינטערעס צו פּאָליטיק און ביפֿראַט צו דער וואַל-רעפאָרם. די לאָנדאָנער טוער פון דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אונטערגעהאַלטענע דורכן גענעראַל-ראַט פונם אינטערנאַציאָנאַל האָבן אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע לעטויוואַס די פאַרברייטערונג פונם וואַל-רעכט. אין פרילינג פון 1865 יאָר האָט זיך געבילדעט די „רעפאָרם-ליגע" וואָס אין איר אַרוואַלטונג האָבן גענומען אַן אַנטייל פיל איינגלישע מיטגלידער פונם גענעראַל-ראַט פונם אינטערנאַציאָנאַל. די ליגע האָט אָרגאַניזירט אַ ריי קאָלאָסאַלע מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס און האָט צונויפגערופן אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ, וואָס האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַלגעמיינע און געהיימע אָפּשטימונג (נאָר פאַר מאַנסבילן). דער פּרואוו פון דער טאָרישער רעגירונג אָפּצולייגן די רעפאָרם אין דער לאַנגער באַנק האָט אַרויסגערופן אינם לאַנד אַן אויפרייס פון רעוואָליוציאָנערער שטימונג, און די רעגירונג איז געווען געצוואונגען נאָכצוגעבן. דעם 15-טן אויגוסט פון יאָר 1867 איז אַרויסגעגעבן

געוואָרן א נעזעץ, וואס האט געגעבן וואלרעכט אין די שטעט די ארבעטער, וואס צאלן ניט ווייניקער ווי 10 פונט (100 רבל) א יאר דירע געלט. דאס איז נאך גיט געווען קיין אלגעמיינער וואל רעכט, נאר א באדייטנדיקער טייל פון די שטאטישע ארבעטער האט פארט באקומען שטימרעכט. צום באדויערן, האבן די ארבעטער ניט געקאנט עס אויסנוצן אין זייערע אינטערעסן, און די רעפארם האט געבראכט דירעקטע נוצן נאר דעם בורזשואזן ליבעראליזם, וואס אין זיין עק האט זיך געשלעפט דעמאלט און נאך א לאנגע צייט נאכדעם דאס ראוו פונם איינגלישן פראלעטאריאט.

די פאליטישע ארגאניזאציע פון די ארבעטער,[1]) וואס פלעגן אויפקומען פון יענער צייט אן, האבן געטראגן א פולשטענדיק בורזשואזן כאראקטער. וועגן זעלבשטענדיקע אויפגאבן פונם פראלעטאריאט, וועגן קלאסנקאמף, וועגן סאציאליזם איז גאר קיין רייד ניט געווען. דערשלאגנדיק זיך צו ארבעטער־פארשטייערשאפט, האבן זיי פשוט געוואלט האבן אין פארלאמענט מענטשן, וואס זיינען גוט באקאנט מיט די פראגן פון ארבעטער־געזעצגעבונג, ביפראט מיט דער לאגע פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען, און וואס זאלן קאנען אין פאל, ווען ס'איז נויטיק, פארטיידיקן דעם שטאנדפונקט פון דער ארגאניזירטער ארבעטער־אריסטאקראטיע. אין אלץ דאס איבעריקע פלעגט אט די קליינע צאל ארבעטער־פארשטייער קנעכטיש נאכגיין נאך דער ליבעראלער פארטיי און פלעגט דורכפירן אויסשליסלאך א בורזשואזע פאליטיק. צו פאראיינען פון אזא מין געהערט אויך דער אזוי גערופענער „פארלאמענט־קאמיטעט”, וואס ווערט אויסגעקליבן דורך די צוזאמענפארן פון די טרעד־יוניאנס, וואס עקסיסטירן פון 1868־טן יאר און וואס שטעלן מיט זיך פאר ביז דער לעצטער צייט די הויפט פאליטישע ארגאניזאציעס פונם איינגלישן פראלעטאריאט (אויך דא קאן אנגעווענדעט ווערן דער טערמין „ארגאניזאציע”).

דער איינגלישער טרעד־יוניאניסטישער קאנגרעס האט א קנאפע שייכעס מיט געווינטלאכע צוזאמענפארן פון פראפעסיאנעלע פאראיינען. ער איז ניט אויסגעוואקסן ארגאניש פון דער פראפעסיאנעלער באוועגונג און פארנעמט זיך זייער ווייניק מיט פראפעסיאנעלע איניאנים לויטן טאג. זיין ציל באשטייט גיכער אין פארשטייערשאפט און פארטיידיקונג פון די פאליטישע אינטערעסן פון די פראפעסיאנעל ארגאניזירטע ארבעטער, אבער אינטערעסן, וועלכע ער פארשטייט ניט אין קלאסן־זין, נאר אין קארפאראטיוון און שמאל־פראקטישן זין. דער אויספיר־ארגאן פונם קאנגרעס פון די טרעד־יוניאנס איז דער פארלאמענט־קאמיטעט, וואס ווערט אויסגעקליבן יעדעס יאר, וואס זיין פליכט איז דורכצופירן די פאליטישע רעזאלוציעס פונם קאנגרעס. נאר ער פארווירקלאכט די דאזיקע אויפגאבע ניט דורך א זעלבשטענדיקן קלאסנקאמף פונם פראלעטאריאט, נאר דורך לויפעניש איבער

דער לאנדענער ארבעטער־פאראיין (1866.-1868), די ליגע פון ארבעטער פארשטייער־שאפט (1869-1880), די ארבעטער וואל־אסאציאציע (1886-1895).

די מיניסטאָרישע פֿאָרערציטערן און דורך אונטערהאַנדלונגען מיט אנגעזעענע
און ווירקונגספֿולע טוער פֿון די בורזשואזע פּאַרטייען. דאָס אַלץ איז זייער כאַ-
ראַקטעריסטיש פֿאַר דער נידעריקער מאַדרייגע פֿון דער פּאָליטישער אַנטוויקלונג
פֿון די איינגלישע אַרבעטער, פֿאַר זייער אונטערגעוואָרפֿנקייט אונטער דער פּאָ-
ליטישער אָנפֿירונג פֿון דער בורזשואזיע. גלייך די ערשטע אַרבעטער קאַנ-
דידאַטן, וואָס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן נאָכדעם, ווי ס'איז אַרויסגעגעבן
געוואָרן דער געזעץ פֿון 1867=ן יאָר, פֿלעגן אַרויסטרעטן אַלס לינקע לי-
בעראַלן. דאָס זיינען געווען אָדזשער, דער פּאָרזיצער פֿונם גענעראַל-ראַט פֿונם
אינטערנאַציאָנאַל, קרעמער, דער פֿריערדיקער סעקרעטאַר פֿונם דאָזיקן ראַט,
און האַרטוועל, דער סעקרעטאַר פֿונם לאָנדאָנער „אַרבעטער-פֿאַרבאַנד". פֿון די
דאָזיקע דריי אַרבעטער-קאַנדידאַטן איז קרעמער דורכגעפֿאַלן, באַקומענדיק אַ
קליינע צאָל שטימען, און האַרטוועל און אָדזשער האָבן אַראָפּגענומען זייערע קאַנ-
דידאַטורן, און דער לעצטער האָט עס דערביי געטאָן אונטער דער ווירקונג פֿון די
ליבעראַלן. בכלל איז מאַרקסן אויסגעקומען זייער גיך צו אַנטוישן זיך אין זיינע
ניטלאַנגאָניקע מיטקעמפֿער, און אויפֿן האַאַגער קאָנגרעס פֿונם אינטערנאַציאָנאַל
אין 1882=טן יאָר האָט ער געמאָלדן, האָבנדיק אין זינען די פֿאָרשטייער פֿון
דער ליבעראַלער אַרבעטער פּאָליטיק, אַז אין איינגלאַנד איז צו זיין ניט קיין אָנ-
ערקענטער „פֿירער" פֿון די אַרבעטער אַ קאָוועד, ווייל אַלע אַזוי גערופֿענע „אַר-
בעטער פֿירער" ווערן אויסגעהאַלטן דורך דער בורזשואזיע. בעשאַיטאָם
האָבן די דאָזיקע שאַרפֿע ווערטער אַרויסגערופֿן אַן אויפֿרייס פֿון צוויפֿעלדיקן
צאָרן, נאָר די גאַנצע ווייטערדיקע געשיכטע פֿון דער אַרבעטער-באַוועג-
גונג האָט באַוויזן, אַז וויפֿיל ס'איז געווען ריכטיק מאַרקס שטרייַנגער
פּסק־דין.

אין דעמזעלביקן גייסט איז אויך ווייטער געגאַנגען דער אָנטייל פֿון די
איינגלישע אַרבעטער אינעם פּאָליטישן קאַמף. דאָס אַרט פֿונם שלימאַזלדיקן לאָנ-
דאָנער „אַרבעטער-פֿאַרבאַנד" האָט אין 1869=טן יאָר פֿאַרנומען די „ליגע פֿון אַר-
בעטער-פֿאָרשטייערשאַפֿט", וואָס האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַן אויפֿגאַבע אויסצומיידן
„אוטאָפּיסטישע טעאָריעס" און „פֿאַלשע שאַטנס", און ברייַנגען אין הסכּם די
אינטערעסן פֿון די אַרבעטער מיט די אינטערעסן פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט.
פֿון דער דאָזיקער ליגע איז אין 1870=טן יאָר אַרויסגעטראָטן אַלס קאַנדידאַט
דער זעלבער אָדזשער און איז ניט אויסגעקליבן געוואָרן. דער קאַמף פֿאַר באַזיי-
טיקן די געזעצגעבערישע באַגרענעצונגען פֿאַר די טרעד-יוניאָנס האָט איינגע-
אָטעמט אין דער ליגע עטוואָס לעבן, ווייל די דאַמאָלדיקע איינגלישע אַרבע-
טער פֿלעגן זיך אָנהייבן אינטערעסירן מיט פּאָליטיק יעדעס מאָל, ווען די בור-
זשואזיע פֿלעגט אוממיטלבאַר אָנרירן זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן, כדי ווידער
אָפּצורוקערן זיך פֿון פּאָליטיק, ווי נאָר זיי פֿלעגט זיך איינגעבן אויסצוקעמפֿן בייַ
די קאַפּיטאַליסטן אַ וואָסערע ס'ניט איז טיילווייזע האַנאָכע. אויף די פּאַרלאַמענט-
וואַלן פֿון 1874=טן יאָר האָט די ליגע אַרויסגעשטעלט 12 אַרבעטער-קאַנדידאַטן,
וואָס צוויי פֿון זיי, דער פֿירער פֿון די באַרגאַרבעטער טאָמאַס בערט און
אַ. מאַקדאָנאַלד, זיינען אויסגעקליבן געוואָרן.

אז ס'איז דורכגעפירט געווארן דער געזעץ פון 1875־טן יאר ווענן די טרעד־יוניאנס, איז די אויפגאבע פון דער ליגע אויסגעשעפט געווארן, נאר די קאנגרעסן פון די טרעד־יוניאנס האבן נאך אלץ געפירט א פוילע אגיטאציע לעטוויוואס דער ארבעטער־פארשטייערשאפט. אף די וואלן פון 1880־טן יאר זיינען אויסגעקליבן געווארן דריי ארבעטער־פירער: בערט, מאקדאנאלד און דער שטיין־האקער בראדהערסט. די דאזיקע אלע דריי זיינען געגאנגען צוזאמען מיט די ליבעראלן, און אין 1886־טן יאר, ווען אין פארלאמענט זיינען שוין געזעסן צען ארבעטער־פארשטייער, איז בראדהערסט באשטימט געווארן דורך גלאדסטאנען פאר א געהילפס־סעקרעטאר איבער אינערלאכע איניאנים, דאס הייסט, ער איז געווארן דער ערשטער ארבעטער־מיניסטער, און בערט איז אין 1892־טן יאר באשטימט געווארן פאר א פארלאמענטס־סעקרעטאר פונם האנדלס־מיניסטעריום. דער קרייז פון פאררעטן דעם פראלעטאריאט דורך זיינע „פירער" איז פארענדיקט געווארן. [1]

די הויפט־אויפמערקזאמקייט פון די איינגלישע ארבעטער פונם פעריאד פון דער ליבעראלער ארבעטער פאליטיק איז געווען פארנומען מיטן עקאנאמישן קאמף. מיט פאליטיק האבן זיי זיך אינטערעסירט נאר אף אזוי פיל, אף וויפל דאס איז געווען נויטיק צו פארפעסטיקן זייערע לעגאלע פאזיציעס אינם עקאנאמישן קאמף. באזונדערס האט צוגעצויגן זייער אויפמערקזאמקייט די פראגע וועגן דער ענטגילטיקער לעגאליזירונג פון זייערע פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס. אויסנוצנדיק דעם פעריאד פון דער אינדוסטריעלער בליאונג, פלעגן די ארבעטער איינארדענען שטרייקן צו העכערן די סכירעס און צו פארקורצן דעם ארבעטס־טאג. די באלעבאטים פלעגן מיט גרוים אומרו קוקן אפן וואוקס פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען, אף זייערע רייכע קאסעס, און באזונדערס אף דער הילף, וואס די ארבעטער פון איין פראפעסיע פלעגן געבן די שטרייקער פון א צווייטער. קעגן דער סאלידאריטעט פון די ארבעטער האבן זיי ארויסגעשטעלט די סאלידאריטעט פון די קאפיטאליסטן. די באלעבאטים האבן אויך אנגעהויבן זיך פאראייניקן אין מעכטיקע פארבאנדן און האבן אנגעווענדעט אינם קאמף מיט די ארבעטער א ניי געווער פון אפזאגן מאסנוויז אלע ארבעטער אינם געגעבענעם ארבעט־געביט, ווען אפילו עס פלעגט שטרייקן נאר א טייל (לאקאוט). דערפירטע ביז פארצווייפלונג זיינען די ארבעטער וואו ניט וואו איבערגעגאנגען צו געוואלט־מאסים (דער איקער קעגן די שטרייק־ברעכער און קעגן פאררעטער, וואס האבן ניט געוואלט צושטיין צו די ארבעטער פא־איינען). דעמאלט האט די בורזשואזיע אויפגעהויבן א געפילדער וועגן דעם „טעראריזם" פון די ארבעטער־ארגאניזאציעס און האט אנגעהויבן פאדערן רעפרעסיווע מאסמטלען. נאך אן אויפריים, וואס איז פארגעקו־

[1] בראדהערסט, וואס איז אמאל געווען א מיטגליד פונם אינטערנאציאנאל, איז שפעטער איינגאנצן אוועק פון דער ארבעטער באוועגונג און איז געשטארבן אין 1911־טן יאר אלס א פריינד פונם טראן־יורשעש (שפעטער קיניג עדווארד דער 7־טער) און בערט איז אין 1908־טן יאר באשטימט געווארן דורך דער ליבעראלער רעגירונג פאר א געהיים־ראט.

מען אף איין פאבריק אין שעפילד, איז אין 1867-טן יאר באשטימט געווארן א ספעציעלע רעגירונגס-קאמיסיע אף אויסצופארשן די באשולדיקונגען, וואס זיינען ארויסגעשטעלט געווארן קעגן די פאפעסיאנעלע פאראיינען. גלייכצייטיק האבן די געריכטן אנגעהויבן צו באפרייען די קאסירערס, וואס פלעגן צעגאנווענען די געלט-מיטלען פון די פאראיינען, אנערקענענדיק זיי פאר קעגנגעזעצלאכע ארגאניזאציעס, וואס ווערן ניט באשיצט דורכן געזעץ.

די ארבעטער האבן באשלאסן צו קעמפן פאר דער פרייהייט פון דער פראפעסיאנעלער באוועגונג. עס איז צונויפגערופן געווארן א קאנפערענץ פון די אמאלגאמירטע פאראיינען, וואס האט געארבעט פון 1867-טן ביזן 1871-טן יאר. צו הילף זיינען צוגעצויגן געווארן מיטפילנדיקע פון די בורזשואזע קרייזן, און ביז 1871-טן יאר איז די ליבעראלע רעגירונג געוועזן געצוואונגען ארויסצוגעבן א ביל, וואס האט לעגאליזירט די פאראיינען. נאר אין דער זעלבער צייט האט זי ארויסגעגעבן א צווייטן, וואס האט איינגעפירט שטרענגע שטראפן פאר געוואלטאטן און דראאונגען בענוגייע צו די באלעבאטים אדער צו די ארבעטער, וואס פאראטן דעם איניקן פון זייערע כאווירים. ס'איז אויסגעקומען, אז א שטרייק איז געזעצלאך, נאר די מאיס'ם פון די ארבעטער, וואס זיינען געווענדעט אף דורכצופירן דעם שטרייק, זיינען דערקלערט געווארן פאר א שווערן פארברעכן. די דאזיקע געזעצן זיינען געוועזן כאראקטעריסטיש פאר דער צוויעס פון דער ליבעראלער בורזשואזיע.

די ארבעטער האבן אנגעהויבן א נייעם קאמף פאר די אנערקענונג פון דער פולשטענדיקער פרייהייט פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען. גראד אין דער צייט הויבט זיך אן, ווי מיר האבן געזען, א באוועגונג פאר ארויסשטעלן זעלבשטענדיקע ארבעטער קאנדידאטורן. נאר די הויפט-באמיאונגען ווערן פארט געווענדעט אף דער פראפעסיאנעלער ארגאניזאציע. אין 1874-טן יאר איז אפן קאנגרעס פון די טרעד-יוניאנס אין שעפילד געוועזן שוין פארגעשטעלט 1,1000,000 ארגאניזירטע ארבעטער, בעסויכאם קארעוו צו א פערטל מיליאן בארגארבעטער, א פערטל מיליאן טעקסטיל-ארבעטער און א הונדערט טויזנט לאנדווירטשאפטלאכע ארבעטער.[1]) אדאנק די פעסטע באמיאונגען פון דער ארבעטער-מאסע איז אין 1875-טן יאר, לעסאף, ארויסגערופן געווארן בא דער בורזשואזיע א געזעץ, וואס האט אפגעשאפט די באגרענעצונגען פון קאאליציעס.

נאר די דאזיקע ערפארונג האט ניט נאר ניט געמאכט קיין אנהויב פון א זעלבשטענדיקער פאליטישער טעטיקייט פונם ארבעטער-קלאס, נאר האט,

---

[1]) דער גיכער וואוקס פון דער פראפעסיאנעלער באוועגונג אין אנהויב פון די 70-קער יארן האט זיך אפגערופן אויך אף די לאנדווירטשאפטלאכע ארבעטער, אט דעם אממערסטן אפגעשטאנענעם טייל פונם פראלעטאריאט. אונטער דער אנפירונג פון דזשאזעף ארטש האט זיך אין א קורצע צייט אויסגעבילדעט א פאראיין מיט א הונדערט טויזנט אנטיילנעמער, נאר ער איז פונקט אזוי גיך צעפאלן געווארן.

אדראבע, געצוואונגען זי בארואיקן זיך אף א לאנגע צייט פון פאליטישע דאינעס און האט זי ענטגילטיק געווענדעט אפן וועג פון בורזשואזן ליבעראליזם. מיט פאליטיק פלעגן זיך די איינגלישע ארבעטער פארנעמען, קדיי צו ערשבערן פרייהייט פאר זייערע עקאנאמישע ארגאניזאציעס, און ווי נאר זיי פלעגן זיך דערשלאגן צום דאזיקן ציל, פלעגן זיי קאנצענטרירן זייער אויפמערקזאמקייט אויסשליסלאך אפן עקאנאמישן קאמף. נאר אויך אהער האבן זיי אריינגעטראגן דעם גייסט פון ארבעטער-אריסטאקראטיע, וואס נאר זי אליין פלעגט דעמאלט פארפולן די פראפעסיאנעלע פאראיינען.

די פריערדיקע טרעד-יוניאניסטן פונם טשארטיסטישן פעריאד, וועלכע מיר האבן אנגערופן רעוואליוציאנערע סינדיקאליסטן, האבן געשטרעבט פולשטענדיק ארויסצושטופן די קאפיטאליסטן און צו שאפן א געזעלשאפט, וואס אין איר זאל ניט עקסיסטירן קיין באדן פון עקספלואטירונג פון די ארבעטער דורך די אונטערנעמער. די טרעד-יוניאניסטן פונם ליבעראלן פעריאד פלעגן זיך ניט פארגעבן מיט אזעלכע צילן, וועלכע זיי פלעגן מיט גאיווע אנערקענען פאר אוטאפיסטישע. זיי האבן פולשטענדיק אנערקענט די געזעצלאכקייט פון דער בורזשואזער ארדנונג און שטרעבנדיק צו דער ענטגילטיקער פארניכטונג פון עקספלואטאציע, האבן זיי נאר געוואלט אויסריידן פאר זיך א געוויסן טייל פונם קאפיטאליסטישן רעוואך. דאס איז געווען א טקופע פון באוואוסטזיניקער פשארעסמאכעריי. אזוי ווי די איינגלישע אינדוסטריע האט דעמאלט פארנומען אפן אלוועלטלאכן מארק א מאנאפאליסטישע לאגע, פלעגן די קאפיטאליסטן לעפערעך גרינג איינגיין אף האנאכעס לעטוויוואס דער ארבעטער-אריסטאקראטיע, וואס איז געווען ארגאניזירט אין פראפעסיאנעלע פאראיינען. דער גלויבן אין ארבעטער-פאראיינען, וואס פירן א ריין עקאנאמישן קאמף, און אין דער קראפט פון קאלעקטיווע אפמאכן מיט די באלעבאטים פלעגט אונטערגעווארעמט ווערן מיטן ערפאלג פון דער באוועגונג לעטוויוואס דעם 9-שאאיקן ארבעטסטאג. די דאזיקע עראבערונג איז דערגרייכט געווארן דער איקער דורך שטרייקן. נאר ביסלאכווייז, מיטן וואוקס פון די פאראיינען, מיט דער אנזאמלונג אין זייערע קאסעס פון גרויסע פאנדן, מיט דער אנטוויקלונג פון דער פאראיינישער ביוראקראטיע, וואס איז געווען געשטימט קאנסערוואטיוו און פשארעסמאכעריש, האט צווישן די טוער פון דער פראפעסיאנעלער באוועגונג אנגעהויבן אפילע וואקסן א נעגאטיווע באציאונג צו שטרייקן. זיי האלטן איצט מער פון אזעלכע מיטלען, ווי פרידלאכע אונטערהאנדלונגען, בוירערים-געריכטן, פארמיטלעריי און א. וו. די צופאסונג צו דער בורזשואזיע קומט פאר ניט נאר אין פאליטישן, נאר אויך אין עקאנאמישן געביט. די טרעד-יוניאניסטישע פירער שטעלן זיך אפן שטאנדפונקט פון די אונטערנעמער, אז די גרויס פון די סכירעס דארף באשטימט ווערן אפהייגיק פון דער הויך פונם אונטערנעמער-רעוואך און ביקלאל פון די באדינגונגען פון די מארק-פרייזן. עס קומט אויף די סיסטעם פון „באוועגלאכער סקאלע“ פון סכירעס, וואס שטעלט מיט זיך פאר א פולשטענדיקן ניצאכן פון די פרינציפן פון דער בורזשואזער פאליטישער עקאנאמיע איבער די פרינציפן פון דער פאליטישער עקאנאמיע פונם קלאס.

אַפילע די פאַרביטערטע שטרייקן און אַנדערע עקאָנאָמישע קאָנפליקטן מיט די באַלעבאַטים, ווי די גרויסע שטרייקן פון די יאָרן 1878—1875, זיינען ניט געווען בעקוועם א וואקל צו טאָן דעם אַלגעמיינעם בורזשואַזיש־ליבעראַלן גייסט פון דער ארבעטער באַוועגונג. אין העסקעם מיט דעם הויבן אַן אויך די קאַפּיטאַליסטן צו בייטן זייער באַציאונג צו די אַרבעטער. פריער פלעגן זיי קיקן אַף די אַרבעטער פון אויבן אַראָפּ, ווי אַף רעכטלאָזע פּאַריער, ווי אַף דינער; איצט, אַז זיי האָבן זיך איבערציינגט אין זייער פאַרשטאַנדיקייט, און אַז מע קאָן מיט זיי דורכקומען, האָבן זיי אָנגעהויבן זיי דערלאַזן צו א געוויסן, זייער א באַגרענעצטן, עמעס, אָנטייל אינם געזעלשאַפטלאַכן לעבן. די טרעד־יוניאָניסטן, וואָס ניט לאַנג האָט מען נאָך זיי געהאַלטן פאַר געפערלאַכע מוירדים, פאַלן אַריין אין די שול־ראַטן, אין די אָרטיקע מאַשגיכים־ראַטן, אין פּאַרלאַמענט, זיי ווערן איינגעלאַדן אין קעניגלאַכע קאָמיסיעס און ווערן באַשטימט אַף רעגירונגס־שטעלעס. די פאָרשטייער פון דער ארבעטער אַריסטאָקראַטיע ווערן „לייטישע“ בירגער און ווערן אַריינגעלאָזט אין די פאָדערצימערן פון זייערע באַלעבאַטים. פון די גרויסע געבאָטן פונם טשאַרטיזם פאַרבלייבט אפילע קיין זייכער ניט.

נאָר די פאַרניכטונג פון דער מאָנאָפּאָליסטישער לאַגע פון דער בריטאנישער אינדוסטריע און האנדל אפן אלוועלטלאַכן מאַרק, וואָס איז אנגעקומען אין פיל יאָרן ארום, שטעלט אַוועק א געוויסן גרענעץ פאר דער לבעראלער דעגענערירונג פון דער איינגלישער ארבעטער באוועגונג.

# II

# פראנקרייך.

די גרויסע רעוואליוציע פון די יארן 1789-1793 האט געמאכט אסאף צו דער אומבאגרענעצטער הערשאפט פון דער ערד-אריסטאקראטיע און פון דער אבסאליוטער מאנארכיע און האט געבראכט צו דער מאכט די בורזשואזיע. אין דער דאזיקער רעוואליוציע האבן די ארבעטער געשפילט אן אנגעזעענע ראלע און האבן געהאלפן דער בורזשואזיע אומצעוואלגערן די מאכט פון דער אדעליקער מאנארכיע. אן דער דירעקטער שטיצע פון די ארבעטער, פון פאריז און פון די איבעריקע שטאטישע צענטרען וואלט זיך דער ראדיקאלער בורזשואזיע ניט איינגעגעבן איינצוברעכן דורכן טעראר דעם ווידערשטאנד פונם אדל. די הויפטשטיצע פון די יאקאבינער זיינען, צוזאמען מיט דער קליין בורזשואזיע פון די שטעט און פון די דערפער, געווען די פראלעטאריער פון די פאריזער פארשטעט סען-זשאק, סען-מארסא, סענט-אנטואן, וואס האבן שוין דעמאלט אנגעהויבן צו דערווערבן זייער רעוואליוציאנערן נאמען.

פראנקרייך איז דעמאלט געווען דער איקער א לאנדווירטשאפטלאך לאנד. אין העסקעם מיט דעם איז די גרונט-פראגע ב׳איים דער גרויסער רעוואליוציע געווען ניט די ארבעטער-פראגע, נאר די אגראר-פראגע, וואס האט אינטערעסירט די פויערשע מאסע. אין דער אינדוסטריע האט געהערשט די קליינע האנטווערקעריי, מאנופאקטורן איז געווען ווינציק, און דער דאמינירנדיקער טיפ פון אן ארבעטער איז דעריבער געווען דער געזעל און נאר טיילווייז דער ארבעטער פון דער גרויסער אינדוסטריע. די דאזיקע געזעלן זיינען געווען ארגאניזירט אין פאראיינען, און אין זייער קאמף מיט די באלעבאטים פלעגן זיי אנווענדן שטרייקן, וואס זיינען גאר ניט געווען קיין זעלטענע דערשיינונג בא דער אלטער ארדענונג. צום מאמענט, ווען עס האט זיך געעפנט די גרינדונגס-פארזאמלונג, זיינען אין פאריז גופע פארגעקומען ארבעטער אומארדענונגען מיט צעשטערן פאבריקן. נאר אין אלגעמיין און אינגאנצן גענומען האט ניט די באוועגונג פונם ארבעטער קלאס צוגעגעבן דער גרויסער רעוואליוציע איר גרונט כאראקטער.

דאָס איז געווען אַן אַלנאַציאָנאַלע, דאָס הייסט אַ בורזשואַזע
רעוואָליוציע. די בורזשואַזיע פלעגט אַרויסטרעטן אין נאָמען פונם „דריטן
שטאַנד", דאָס הייסט פון דער גאַנצער מאַסע פּאָליטיש רעכטלאָזע קלאַסן,
אַנדערש געזאָגט, פונם גאַנצן פאָלק מיטן אויסנאַם פונם אדל. סיי דאָס פויער=
טום, סיי דער פּראָלעטאַריאַט זיינען נאָכגעגאַנגען נאָך איר, העלפנדיק איר צו
צעקלאַפּן אירע סאָנים, די אַריסטאָקראַטן—ערדאייגנטימער. ערשט אינם
פּראָצעס פון דער רעוואָליוציע איז פאָרגעקומען די אָפּזונדערונג פונם
„פערטן שטאַנד", דאָס הייסט, פונם פּראָלעטאַריאַט און זיין אויסטיי=
לונג פון דער אַלגעמיינער מאַסע פונם „דריטן שטאַנד". נאָר צו דעם
מאָמענט, ווען דאָס איז פאָרגעקומען, איז דער פּראָלעטאַריאַט געווען צו שוואַך
און ניט אָרגאַניזירט, ער זאָל קאָנען דורכמאַכן זיין „צווייטע" רעוואָליוציע קעגן
דער בורזשואַזיע. שטיצנדיק זיך אַף דאָס פויערטום, וואָס האָט באַקומען ערד=
באַלעס און וואָס איז פעטער געוואָרן פון פעאָדאַלע היסכאַיוועסן, האָט די
בורזשואַזיע דערשטיקט אַלע רעוואָליוציאָנערע פּרואוון פונם
פּראָלעטאַריאַט.

די רעוואָליוציע איז אוזורפּירט געוואָרן, דאָס הייסט, פאַרכאַפּט געוואָרן
דורך דער בורזשואַזיע אויסשליסלאַך אין אירע אינטערעסן. קוים דערשלאָגנדיק
זיך צו דער מאַכט, האָט זי געאייַלט אָפּצוצאַמען זיך פון די מאַסן מיט אַ ריי
באַגרענעצונגס=מאַסמיטלען. די קאָנסטיטוציע פון 1791=טן יאָר, וואָס האָט
שטאָלץ פּראָקלאַמירט די „רעכט פונם מענטשן און פונם בירגער", האָט איינגע=
פירט די טיילונג פון די בירגער אַף „אַקטיווע" און „פּאַסיווע". אין דער לעצ=
טער קאַטעגאָריע זיינען אַריינגעפאַלן די לוין אַרבעטער, וואָס האָבן ניט באַקומען
קיין וואַלרעכט. די קאָנסטיטוציע פון 1795=טן יאָר, וואָס איז אַרויסגעגעבן
געוואָרן נאָכדעם, ווי ס'איז דערשטיקט געוואָרן די רעוואָליוציאָנערע דעמאָק=
ראַטיע, האָט איינגעשטעלט אַ כויץ אַ צענז נאָך צווייסשטופנדיקע וואַלן. נאָר די
קאָנסטיטוציע פון 1793=טן יאָר וואָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין סאַמע
ברען פונם רויטן טעראָר בא די יאַקאָבינער, האָט איינגעפירט אַלגעמיינעם
וואַלרעכט און איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ גייסט פון אַ גוטער באַציאונג
צו די אַרבעטענדיקע מאַסן. זי איז אָבער קיינמאָל ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן
אין לעבן. דאָס איז געווען דער איינציקער מאָמענט אין דער געשיכטע פון
דער גרויסער רעוואָליוציע, ווען דער פּראָלעטאַריאַט האָט געשפּילט אַן אָנגע=
זעענע ראָלע אין די פּאָליטישע איניאַנים. אין אַ בונד מיט דער ראַדיקאַלער
קליין=בורזשואַזיע האָט ער באַהערשט פּאַריזער שטאָט דומע[1], פלעגט דריקן

[1] אין פראַנצויזיש רופט זיך אַן יעדע געמיינדע (אַ שטאָטישע אָדער אַ דאָרפישע) „קאָ-
מונע". צוליב קורצקייט רופט מען אַן מיטן נאָמען „קאָמונע" אויך די שטאָט-פאַרוואַלטונג. די
ערשטע פאַריזער קאָמונע פון 1793-טן יאָר דאַרף מען ניט צונויפמישן מיט דער צווייטער פאַרי-
זער קאָמונע פון 1871-טן יאָר, וואָס האָט געטראָגן אַ מער באַשטימטן פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער
און וואָס איז אַריין אין דער געשיכטע פונם סאָציאַליזם, אַלס דער ערשטער פּרואוו פונם אַרבע-
טער קלאַס צו פאַרכאַפּן די מאַכט (ז. ווייטער). נאָר דער אָנדיינק וועגן דער ערשטער קאָמונע
איז אַף אייביק פאַרבליבן לעבן אין דער נעשאַמע פונם פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט, און די „קאָ-
מונע" איז פאַר אים געוואָרן אַ לאָזונג אין רעוואָליוציאָנערן קאַמף.

אפן קאנווענט און פלעגט שטויסן די בורזשואזיע צו מער אַנטשלאָסענע מאיסים קעגן די קאנטער=רעוואָליוציאָנערן. נאר אויך מיט דעם האט ער געדינט ניט זיינע אייגענע קלאסן=אינטערעסן, נאָר בלויז געהאָלפן צו באפעסטיקן זיך דעם איניען פון דער בורזשואזיע.

די לעצטע האָט אַליין גענאָסן די גאנצע נוצן פון אַלע געשעענישן פון דער רעוואָליוציע. דאָס אויספאַרקויפן די „נאַציאָנאַלע פאַרמעגנס", וואָס האָבן זיך געבילדעט פון די קאָנפיסקירטע נאכלעס פונם אַדל און פון דער קירכע, איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אַזוי, אַז דאָס ראָוו ערד איז אָנגעקומען ניט די פויערים, נאָר די קאַפּיטאַליסטן. די בורזשואַזיע האָט גראָב פאַרדינט אף דער מילכאָמע און אַפן הונגער פון די מאסן. דער אַרבעטער קלאַס, וואָס איז געווען די צענטראַלע קאַמפס=קראַפט פון דער רעוואָליוציע, האָט פון איר גאָרנישט ניט געוואונען. נט האָט באַ אים אָפּגענומען ניט נאָר די פּאָליטישע רעכט, נאָר אויך די מעגלאכקייט פון קאָלעקטיוון פאַרטיידיקן זיינע אינטערעסן. דורכן דעקרעט פון 21=טן אַווגוסט פון יאָר 1791 איז דערלאָזט געוואָרן פרייהייט פון פאַראייִנען. ווען אָבער די אַרבעטער האָבן זיך געפּרואווט אויסנוצן דעם דאָזיקן דעקרעט אין זייערע אינטערעסן, האָט זיך די בורזשואַזע גרינדונגס=פאַרזאַמלונג צוגעאײַלט אָנצונעמען אירע מיטלען. די שטרײַקן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין 1790=1791=טן יאָרן האָבן געצוואונגען די בורזשואַזיע צו קוקן מיט כשאד אַף די פּראָפעסיאָנעלע געזעלשאַפטן פון די אַרבעטער. און אינגיכן נאָך דער גרינדונג פונם „ברידערלאַכן פאַרבאַנד פון די טשעסלער" איז ארויסגעגעבן געוואָרן דער געזעץ פון 27=טן יוני פון יאָר 1791, וואָס האָט פאַרווערט קאָאַליציעס. אונטער דעם אויסרייד פון א קאַמף מיט די איבערבלייבענישן פונם „מיטלאַלטערלאַכן גייסט פון קאָרפּאָראַציעס" זיינען פאַרווערט געוואָרן פאַראייניקונגען פון בירגער פון איין פאַך. און דער געזעץ פון 6=טן אָקטיאַבר פון יאָר 1791 האָט פאַרווערט קאָאַליציעס פון לאַנדווירטשאַפטלאַכע אַרבעטער און פון הויז=דינער. פאַר פרײדיקן דעם „אַגראַר-געזעץ", דאָס הייסט די אַלגעמיינע איבערפאַרטיילונג פון דער ערד=איז באַשטימט געוואָרן טויט שטראָף. לעסאָף האָט דער ציוויל=קאָדעקס (דער געזעצן=זאַמלבוך) ענטגילטיק סאַנקציאָנירט די קלאַסן אומגלײַכקייט, אוועקשטעלנדיק די אַרבעטער אין אַן אונטערגעוואָרפענע און דערנידערנדיקע לאַגע לעגאַבע די באַלעבאַטים.

ווען זי האָט זיך דערשלאָגן צו איר ציל, האָט די בורזשואַזיע ריישים קאָל אָפּגעראַמט איר לינקן פליגל, די טעראָריסטן=יאַקאָבינער, און וועלכע זי האָט זיך שוין מער ניט גענויטיקט. נאָכדעם, ווי ס'איז אויסגעפירט געוואָרן דער טויט=שטראָף איבער ראָבעספיערן, האָט זיך אָנגעהויבן א גרענצלאָזע רעאַקציע און עס איז אָנגעקומען די הערשאַפט פון ספעקוליאַנטן און פינאַנסיסטן. דעמאָלט האָבן די אַרבעטער=מאַסן באַזונדערס לעבהאַפט דערפילט, אַז די רעוואָליוציע האָט אָפּגענאַרט אַלע זייערע האָפענונגען. אַלס דער אויסדריקער פון דער שטימונג פון די פאַרצאָרנטע מאַסן איז געקומען גראַקך באַבעף, א געוועזענער ערד=מעסטער און אַן עקסטרעמער יאַקאָבינער. ווען עס איז ענטגילטיק קלאָר געוואָרן דער ניצאָכן פון דער בורזשואַזער רעאַקציע, איז

באַבעף אַרויסגעטראָטן מיט דער פאַרטיידיקונג וועגן רעוואָליוציאָנערן קאָמוניזם. אַזוי ווי די ערשטע רעוואָליוציע האָט ניט געגעבן דעם פאָלק קיין גליק און פרייהייט, איז נויטיק אַ צווייטע רעוואָליוציע, אַן אַנטשיידענדיקע און אַ לעצטע. אַ רעוואָליוציע דאָס איז אַן אָפענע מילכאָמע צווישן די פּלעבייער מיט די פּאַטריציער, צווישן די רייכע מיט די אָרעמע, איר ציל איז פרייהייט און גלייכקייט. נאָר דערגרייכן גלייכקייט איז אוממעגלאַך דורך טיילווייזע רעפאָרמעס: אַפילע דער אַגראַר-געזעץ איז פאַר דעם ניט גענוג. עס איז נויטיק איינצושטעלן געמיינזאַם אייגנטום אַף ערד און אַף אַלע רייכקייטן, דאָס הייסט דעם קאָמוניזם. און דער איינציקער וועג צו דעם איז, די אַרבעטער-מאַסן זאָלן דורך אַן אויפשטאַנד פאַרכאַפּן די מאַכט.

אָט אַזאַ איז געווען די פּראָגראַם, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פאַר אַ יעסאָר פון דער געהיימער קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען די „פאַרשווערונג פון גלייכע" (וואָס מע רופט זי אויך אָן „באַבואַוויסטן", לויטן נאָמען פונם פירער). דער אָנהייב פון דער פאַרשווערונג פון דער ערשטער אין דער געשיכטע קאָמוניסטישער פּאַרטיי פאַלט אַף הערבסט פון 1775-טן יאָר. אין מאַי האָט שוין די געזעלשאַפט פון „גלייכע" געציילט קאָרעוו צו 17 טויזנט אָנהייגער אין פּאַריז און האָט געהאַט פיל פאַרצווייגונגען אין דער פּראָווינץ. נאָר די בורזשואַזיע האָט ניט געגעבן די פאַרשווערער קיין מעגלאַכקייט צונויפקלייבן די קויכעס. דעם 10-טן מאַי זיינען פאַרגעקומען אַרעסטן, און דעם 27-טן מאַי זיינען די פירער פון דער פאַרשווערונג באַבעף און דאַרטע שוין געקעפּט געוואָרן פאַרן אַטענטאַט אַפן הייליקן פּרינציפּ פון פּריוואַט-אייגנטום. די ערשטע קאָמוניסטישע מרידע פונם פּראָלעטאַריאַט איז דערשטיקט געוואָרן, איידער זי האָט באַוויזן איבערצוגיין צו מאַיסים. נאָר די נעמען פון באַבעפן און פון זיינע מיטקעמפער זיינען געוואָרן הייליק פאַרן פּראָלעטאַריאַט, און די אידייען פון די באַבואַוויסטן זיינען ניט דורכגעגאַנגען שפּורלאָז. דורך דער פאַרמיטלונג פונם איטאַליענער בואָנאַראָטי, איינעם פון די אָנטיילנעמער פון דער פאַרשווערונג פון די „גלייכע", זיינען זיי בּיסלאַכווייז אַריינגעדרונגען אין די מאַסן און האָבן זיך אַרויסגעוויזן אין אַ האַלבן יאָר הונדערט אַרום אין דער רעוואָליוציע פון 1848-טן יאָר.

די בורזשואַזיע האָט געפּייערט אַ פולשטענדיקן ניצאָכן. דאָס פאָלק איז אַף פיל יאָרן אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון דער פּאָליטישער סצענע. די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע האָט זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו אַנטוויקלען, אַרויסרופנדיק אירע שטענדיקע באַגלייטער, דעם דאַלעס, אַרבעטסלאָזיקייט, פּראָסטיטוציע און דעגענערירונג פון די מאַסן. אין דער צייט זיינען אַרויסגעטראָטן די לערעס פון סען-סימאָן, פוריע און פון זייערע אָנהייגער, וואָס זיינען געווענדעט אַף דער קריטיק פון די סטיכיעס פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם און וואָס שטעלן אַרויס די נויטיקייט צו פאַרבייטן זי מיט אַ מער נאָרמאַלער געזעלשאַפטלאַכער אָרדענונג אין די אינטערעסן פון דער מערהייט. דאָס זיינען די

אזוי גערופענע אוטאפיסטישע [1]) סיסטעמעס, וואס האבן אנטהאלטן פיל ריכטיקע און אפילו געניאלע שטריכן, וואס האבן אבער געהאט דעם גרונטכיסארן, וואס זיי האבן זיך געווענדעט ניט צום ארבעטער קלאס, וועלכער איז אממערסטן פאראינטערעסירט אין דער סאציאלער איבעראנדערשונג, נאר צו דער „כאכמע" און „מענטשנליבע" פון די הערשנדיקע קלאס. דאס פאלק האט ווינציק וואס געוואוסט וועגן די דאזיקע לערער, און אויב ער האט יא געוואוסט, האבן זיי ניט געקאנט באזונדער צוציען זיינע סימפאטיעס, ווייל די מעבאברים פון די אוטאפיסטישע סיסטעמען האבן לאכלוטן ניט פארשטאנען די ווירקלאכע ארבעטער-באוועגונג און האבן אפילו געהאלטן די דאזיקע באוועגונג, וואס איז פארבונדן מיט אומארדענונגען און אויפשטאנדן, פאר עטוואס ניט נויטיקס און שעדלאכס, וואס ניט עס דערנענטערט דעם איניען פון סאציאלער איבעראנדערשונג, נאר עס דערווייטערט אים.

אינם ערשטן דריטל פונם 19-טן יארהונדערט איז נאך דער פראלעטאריאט ניט צייטיק געווען אף ארויסצושטעלן אן אייגענע פראגראם. און ווען עס איז אויסגעקומען זיך אריינצומישן א צווייטן מאל אינם גאנג פון די היסטארישע געשעענישן, איז אויך דאס מאל זיין ארויסטרעטונג פארגעקומען לויט דער איניציאטיוו פון דער בורזשואזיע און אין אירע אינטערעסן. די פרואוון פון די אדעליקע-ערדאייגנטימער ווידער אויפצושטעלן די אבסאליוטע מאנארכיע האבן ארויסגערופן א ווידערשטאנד פון די מיטלקלאסן, וואס האט זיך פארענדיקט מיט א רעוואליוציע אין יולי פון יאר 1830. די פאריזער ארבעטער האבן אין א בונד מיט דער לערן-יוגנט און מיט א טייל פונם שטאטישן בירגערטום צעקלאפט אין א דרייטאגיקן גאסן-שלאכט דאס קיניגלאכע מיליטער, נאר זיי האבן ניט געקאנט אויסנוצן דעם ניצאכן. די בורזשואזיע האט איינגערעדט די ארבעטער איינצוגיין אף איינצוהאלטן די מאנארכיע אין דער פערזאן פונם הערצאג פון ארלעאן, א פארשטייער פון דער אינגערער ליניע פון די בורבאנעס. אזוי איז אויפגעקומען די „יולי" אדער די „באלעבאטישע" מאנארכיע, א געצייג אין די הענט פון די העכערע שיכטן פון דער רייכער בורזשואזיע. די צאל וויילער („דאס לעגאלע לאנד") איז פארגרעסערט געווארן פון 100 טויזנט ביז 250 טויזנט, נאר די מאסע באפעלקערונג, די ארבעטער, פויערים און די קליין-בורזשואזיע איז, ווי פריער, פארבליבן אן וואלרעכט. פאר די גאנצע 18 יאר, וואס עס האט געקיניגט לואי פיליפ איז אבסאליוט קיינע שום מיטלען ניט אנגענומען געווארן לטויוואס דעם ארבעטער-קלאס, וואס איז אינגאנצן אפגעגעבן געווארן אף העפקער די קאפיטאליסטן. די אומאויפהאלטלאכע אנטוויקלונג פון דער גרויסער אינדוסטריע און פונם האנדל האט שטארק אונטערגעריסן די לאגע פונם פילצאליקן אין פראנקרייך קלאס פון דער קליין-בורזשואזיע. די שטיי-

[1]) א אוטאפיסטישער הייסט א פאנטאסטישער, ניט באגרינדעטער אף דער ווירקלאכקייט. אוטאפיע הייסט א פאנטאסטישע אויסטראכטונג, וואס האט ניט קיין שאנסן פארווירקלאכט צו ווערן. די דאזיקע ווערטער שטאמען פונם נאמען פון טאמאס מארס באריומטן פאנטאסטישן ראמאן, וואס באשרייבט אן אויסגעטראכטע נעסיע אפן איינגעארדנטן לויט א קאמוניסטישן פלאן אינזל אוטאפיע (אין גריכיש — א ניט עקסיסטירנדיקער ארט).

ערן וואס זיינען מיט זייער גאנצער לאסט געפאלן אף די ארבעטנדיקע מאסן, זיינען געוואקסן און אן אפהאלט. דאס אלץ פלעגט ארויסרופן און אלץ וואקסנדיקע אומצופרידנקייט פונם פאלק. די רעפובליקאנישע אידייען זיינען אלץ מער פארשפרייט געווארן אין די מאסן. און קאל זמאן עס איז ניט אויסגעשעפט געווארן די רעוואליוציאנערע ענערגיע, וואס איז ארויסגערופן דורך די „דריי רומפולע טעג", (פון יולי 1830), האבן די ארבעטער ניט אויפגעהערט צו זיין אומרואיק.

די ערשטע יארן פון דער „באלעבאטישער" מאנארכיע זיינען געווען באצייכנט מיט א גאנצער רייע אויפשטאנדן און פארשווערונגען. בערוויש פון די דאזיקע באוועגונגען זיינען געשטאנען געהיימע געזעלשאפטן. טכילאס זיינען זיי באשטאנען דער איקער פון דער לערן-יוגנט און פון אנדערע פארשטייער פונם בורזשואזן קלאס. נאר מיט דער צייט האט די צאל ארבעטער אין די דאזיקע געזעלשאפטן אנגעהויבן ווערן אלץ גרעסער, אזוי, אז סאף קאל סאף איז דארט געווארן מער ארבעטער, איידער פארשטייער פון אנדערע געזעלשאפטלאכע גרופעס. אין צוזאמענהאנג מיט דעם האט די ריכטונג פון די דאזיקע געהיימע געזעלשאפטן, וואס איז די ערשטע צייט געווען א ריין פאליטישע, אנגעהויבן אנצונעמען אלץ מער א סאציאלן כאראקטער. די לעצטע פון די דאזיקע געזעלשאפטן, וואס איז געגרינדעט געווארן דורכן גרויסן פארשווערער אגיוסט בלאנקי [1]) איז באשטאנען קימאט אויסשליסלאך פון ארבעטער און איז געשטאנען אפן שטאנדפונקט פונם רעוואליוציאנערן קאמוניזם (באבואוויזם). די רעוואליוציאנערן האבן פארשטאנען, אז פון איצט און וועט די הויפט-ראלע געהערן דעם ארבעטער קלאס, דעם פילצאליקן פראלעטאריאט, וואס איז געשאפן געווארן דורך דער אנטוויקלונג פון דער גרויסער אינדוסטריע. דאס איז באזונדערס קלאר געווארן פון נאך דעם ליאנער אויפשטאנד פון 1831-טן יאר.

אין דעם פעריאד, וואס מיר באטראכטן, האט די זייד-פראדוקציע פון ליאן, פון דער צווייטער שטאט פון פראנקרייך, איבערגעלעבט א איבערגאנג פון קוסטאר-געווערב צו פאבריק-אינדוסטריע. די עקספלואטירונג פון די ארבעטער

---

[1]) אגיוסט בלאנקי (1881 — 1805) האט זיך אנטוויקלט אונטער דער האשפאע פון בואנאראטי, באבעפס באוער אין דער פארשווערונג פון די „גלייכע", און איז אף אזא אופן געווען דער צווישן-רינג צווישן דער ערשטער קאמוניסטישער ארויסטרעטונג מיט דער וויטערדיקער סאציאל-רעוואליוציאנערער באוועגונג פונם פראנצויזישן פראלעטאריאט. פון די 30-קער יארן קעסיידער ביז דער קאמונע האט ער אקטיוו געארבעט איבער דער צוגרייטונג פון דער סאציאלער רעוואליוציע, ארגאניזירנדיק געהיימע געזעלשאפטן. ניט איינמאל פלעגט ער ארעסטירט ווערן דורך אלע רעגירונגען, מאנארכיסטישע און רעפובליקאנישע, און דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן האט ער פארבראכט אין טפיסע, און האט באקומען דערפאר דעם אנרוף „טפיסעניק". ניט לייגנדיק, ווי באבעף, קיין האפענונגען אף דאס אלגעמיינע וואלרעכט, איז בלאנקי געווען פאר פארכאפן די מאכט און פאר איינשטעלן די רעוואליוציאנערע דיקטאטור פון דער באוואוסטזיניקער מינדערהייט. אלס א מיטל צו פארכאפן די מאכט האט ער געהאלטן א פארשווערונג און אן אויפשטאנד. א באזונדערע באדייטונג האט ער צוגעגעבן דער אנטוויקלונג פון דער באוואוסטזיניקייט פון די מאסן. זיינע אנהייגער האבן באקומען דעם נאמען „בלאנקיסטן".

איז דא געווען אזוי גרויס, אז פאר אן אכצנשאָאיקן ארבעטס=טאג פלעגט א וועבער באקומען קארעוו צו 30 קאפּיקעס. א טייל פון די ארבעטער האָט זיך אָרגאניזירט אין א פאראיין פאר קעגנזייטיקער הילף („מיוטיועליסטן"). און די פאבריקאנטן האבן פון זייער זייט געבילדעט א פארבאנד פון באלעבאטים. ווען די פאבריקאנטן האבן זיך אפּגעזאגט אונטערצעווארפן זיך אונטערן באשלוס פון דער בארעטונג, וואס איז צונויפגערופן געווארן דורכן גובערנאטאָר (פּרעפעקט) אף אויסצוארבעטן דעם ארבעטס=טאריף, האבן די ארבעטער דערקלערט א שטרייק. אן אָפּטיילונג פון דער נאציאָנאלער גווארדיע, וואס איז באשטאנען פון באלעבאטים און פון זייערע אגענטן, האָט באגעגנט דעם פרידלאכן האמוין מיט א שיסעריי, און נאכדעם האט אין שטאָט אויסגעבראָכן א בונט. אף דער שווארצער פאָן פון די אויפגעשטאנענע ארבעטער איז געווען אויפגעשריבן דער בארימטער לאָזונג: „לעבן אין ארבעט אָדער שטארבן אין שלאכט". די רעגירונג איז געווען אָנגעשראָקן דורכן סאָציאלן כאראקטער פונם אויפשטאנד און האָט אָנגענומען אנטשלאָסענע מיטלען צו דערשטיקן אים. דאָס איז געווען דער ערשטער אָפענער קלאסן=צוזאמענשטויס צווישן דעם פּראָלעטאריאט מיט דער בורזשואזיע, און די מענטשן פון יענער צייט האָבן פארשטאנען, אז ס'איז געבאָרן געוואָרן א נייע קראפט, וואס איר אריינמישונג וועט פון היינט אָן ענדערן דעם גאנג פון דער געשיכטע.

די סאָציאליסטישע אידייען זיינען אלץ מער פארשפרייט געוואָרן צווישן די פראנצויזישע ארבעטער. די ארבעטסלאָזיקייט, וואָס איז פארבונדן מיט דער אנטוויקלונג פון דער קאפּיטאליסטישער פּראָדוקציע, האָט געמאכט צווישן זיי פּאָפּולער די פאָדערונג פון „רעכט אף ארבעט", דאָס הייסט, פון דעם כוויו פון דער מלוכע צו געבן ארבעט אלעמען, ווער עס וויל ארבעטן. אנשטאָט דער שעדלאכער פאר די ארבעטער קאָנקורענץ האָבן זיי אָנגעהויבן ארויסצורוקן א נייעם פּרינציפּ פון „אסאָציאציע", פון כאווערשאפט, פון געזעלשאפטלאכער פּראָדוקציע. און זיי האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם, אז ס'איז נויטיק צו „אָרגאניזירן די ארבעט", דאָס הייסט אוועקשטעלן אפן אָרט פון דער כאאָטישער קאפּיטאליסטישער פּראָדוקציע א פּראָדוקציע לויט א פריער אויסגעארבעטן פּלאן אין די אינטערעסן פון דער געזעלשאפט. די דאָזיקע אידייען, וואָס האָבן געאירט אין דער מאסע, זיינען אויסגעדריקט געוואָרן דורכן יונגן זשורנאליסט לואי בלאַן אין זיין בראָשור „די ארגאניזירונג פון ארבעט", וואָס האָט אָנגעמאכט א גרויסן ראאש. אין דער דאָזיקער בראָשור האָט ער רעקאָמענדירט צו גרינדן מיט מלוכישער הילף „געזעלשאפטלאכע ווארשטאטן", פּראָדוצירנדיקע געזעלשאפטן פון ארבעטער, וואָס וואָלטן בעהאדראָגע דערהארגעט מיט זייער קאָנקורענץ די פּריוואטע פּראָדוקציע. דער דאָזיקער געדאנק, וואָס איז זייער ווייט פונם רעוואָליוציאָנערן קאָמוניזם און וואָס שטעלט מיט זיך פאָר איינעם פון די אונטערמינים פון „מלוכע=סאָציאליזם", האָט פונדעסטוועגן פארשאפט דעם אווטאָר א גרויס פּאָפּולערקייט צווישן די פּאריזער ארבעטער.

די וואקסנדיקע אומצופרידנקייט פון די ברייטע פּראָלעטארישע קליינבירגערלאכע מאסן האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון

אַ באַוועגונג לעטויוואַס אַ וואַל רעפאָרם. די פירער פון דער דעמאָקראַטישער אָפּאָזיציע, וואָס האָבן פאַרטראַכט צו אָרגאַניזירן אַ באַנקעטן־קאָמפּאַניע מיטן לאָזונג פון קאַמף פאַר אַלגעמיינער וואַלרעכט, זיינען אָפּגעטראָטן אונטער דער ווירקונג פון די דראָאונגען פון דער רעגירונג, נאָר די אויפגערעגטע דורך דער אַגיטאַציע אַרבעטער האָבן זיך ניט געוואָלט אָפּשטעלן אפן האַלבן וועג. דעם 22-טן פעווראַל פון יאָר 1848 האָבן זיך אָנגעהויבן אומרועו, וואָס זיינען גיך איבערגעגאַנגען אין שלאַכטן אף באַריקאַדן. אין דריי טעג אַרום איז די מאָנאַרכיע אין פראַנקרייך אומגעוואַלגערט געוואָרן דורך די אַרבעטער, וואָס די קליין־בורזשואַזיע האָט זיי ניט נאָר ניט אַרויסגעוויזן קיין ווידערשטאַנד, נאָר איז אין פיל ערטער אפילע געקומען צו הילף. אַזוי איז פאָרגעקומען די פעוראַל רעוואָליוציע.

נאָכגעבנדיק די פאָדערונג פון די באַוואָפנטע באַריקאַדן־קעמפער, איז די מעסיקע בורזשואַזיע געווען געצוואונגען איינצוגיין אף די פראָקלאַמירונג פון אַ רעפובליק, וואָס, קדיי צוליב צו טאָן די „כעוורע־לייט אין העמדלאַך" האָט מען איר אפילע געגעבן דעם גרויסאַרטיקן נאָמען „דעמאָקראַטישע און סאָציאַלע". נאָר דיווירקלאַכע מאַכט האָט איינגעהאַלטן אין אירע הענט די בורזשואַזיע. די פּאָליציי און די שטענדיקע אַרמיי, די ביוראָקראַטיע און אַלע אַנשטאַלטן פונם מאָנאַרכיסטישן פעריאָד זיינען איינגעהאַלטן געוואָרן. דאָס פּריוואַט־אייגנטום איז אַנערקענט געוואָרן פאַר אומבאַרירלאַך. די דערווייליקע רעגירונג איז צונויפגעשטעלט געוואָרן פון מעסיקע בורזשואַזע רעפּובליקאַנער, און קדיי צו פאַרבלענדן די אויגן האָט מען דערלאָזט אין איר באַשטאַנד דעם אַרבעטער אַלבער (מאַרטען) און לואי בלאַנען אַלס סעקרעטאַר.

דאָס אַריינטרעטן פון אַ פּאַשעטן אַרבעטער אינם באַשטאַנד פון דער רעוואָליוציאָנערער רעגירונג איז געווען אַ דערשיינונג פון אַ גרויסער היסטאָרישער באַדייטונג. דאָס ערשטע מאָל האָט זיך אַ פּאָשעטער פּראָלעטאַריער געשטעלט באַם רודער פון מלובע־פאַרוואַלטונג, און דאָס איז געווען אַ ניטווילנדיקע אַנערקענונג פון יענער באַדייטונג, וועלכע עס האָט באַקומען דער נייער קלאַס—דער פּראָלעטאַריאַט. נאָר די דערלאָזונג פון אַן אַרבעטער אין די רייען פון אַ רעגירונג, וואָס איז באַשטאַנען אין דער מערהייט פון בורזשוא און וואָס האָט געשטעלט פאַר זיך ריין בורזשואַזע אויפגאַבן, האָט קיין שום שאיכעס ניט געהאַט צום איבערגאַנג פון דער מאַכט אין די הענט פונם אַרבעטער קלאַס. אַדראַבע, דאָס ערשטע אַריינטרעטן פון אַן אַרבעטער אינם באַשטאַנד פון דער רעגירונג האָט געשפּילט די ראָלע פון דער גרעסטער פּראָוואָקאַציע בענוגייע צום פּראָלעטאַריאַט. און דער צוטרוילאַכער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך זייער גיך איבערצייגט אין דעם אף דער ביטערער דערפאַרונג.

דעם 25־טן פעוראַל האָט זיך די דערווייליקע רעגירונג אָפּגעזאָגט צו באַפרידיקן די פאָדערונג פון די באַוואָפנטע אַרבעטער וועגן פאַרבייטן די דרייפאַרביקע נאַציאָנאַלע פאָן מיט אַ רויטער. נאָר אין דעם אייגענעם טאָג איז זי געווען געצוואונגען אונטערן דרוק פונם באַוואָפנטן האַמוין, צו אַנערקענען אפּי־

ציעל דאָס רעכט אף ארבעט. דעם 28-טן פעווראל האבן די ארבעטער איינגעאָרדנט א נייע דעמאנסטראציע אונטער פאנען, אף וועלכע ס'איז געווען אָנגעשריבן: „א מיניסטעריום פון פראגרעס! די אָרגאניזירונג פון ארבעט! די פארניכטונג פון דער עקספלואטאציע פון איין מענטשן דורכן צווייטן!" נאך לאנגע וויקוחים איז מען מושווע געוואָרן אפן קאמפּראמיס: אנשטאט דעם מיניסטעריום פון פראָגרעס אדער פון ארבעט איז באשלאסן געוואָרן צו גרינדן א קאמיסיע אף אויסצואַרבעטן די פראגן, וואס זיינען נויגייע צו דער מאטעריעלער און מאראַלישער לאגע פון די ארבעטער. פאר דעם ארט, וואו די קאמיסיע האָט געזאָלט ארבעטן, איז באשטימט געוואָרן דער ליוקסעמבורגער פּאלאַץ; פאר א פאָרזיצער איז באשטימט געוואָרן לואי בלאַן, און פאר זיין געהילף—אלבער.

אין דער ווירקלאכקייט האָט זיך אף אזא אויפן אלץ אויסגעלאזט מיט דעם, וואס די איינציקע פארשטייער פון די ארבעטער זיינען באַזייטיקט געוואָרן פון מלוכע איניאָנים און זיינען אוועקגעזעצט געוואָרן צו פירן טעארעטישע וויקוחים איבער דער „ארבעטער פראגע". דער איינציקער פּראקטישער רעזולטאט פון דער טעטיקייט פון דער „ליוקסעמבורגער קאמיסיע" איז געווען דער דעקרעט וועגן דעם 10 שאָעיקן ארבעטס-טאָג (אין פאריז, און אין דער פראווינץ—11 שאָ) און עטלאכע אנדערע קלענערע מאס-מיטלען. און קאָל זמאַ די אפּגענארטע ארבעטער זיינען געזעסן און האָבן זיך פארנומען מיט אַבסטראקטע וויקוחים, האָט זיך די רעגירונג ענערגיש געגרייט, ווי אזוי באַטער צו ווערן פון אויסצופירן די אבסאליוט אומאויספירבארע אין א קאפיטאליסטישער געזעלשאפט האווטאכעס (ווי א שטייגער „דאָס רעכט אף אַרבעט") און ווי אזוי גוט אָנצולערנען די כוצפּעדיקע אַרבעטער, קדיי אפצושלאגן בא זיי אף ווייטער דעם כיישעק צו פאַרמעסטן זיך אף די יעסוידעס גופע פון דער בורזשואזער אָרדנונג.

קוידעם קאָל האט די רעגירונג פארשטארקט די ארמיי און האט ווידער איינגעפירט אין איר א שטרייגנגע דיסציפּלין, וואס איז עטוואָס געפאַלן אונטער דער ווירקונג פון דער פעוראל-רעוואליוציע. דערנאך האָט זי רעאָרגאניזירט די נאציאנאלע גוואַרדיע, וואָס איז געווען צוזאמענגעשטעלט פון דער קליין-בורזשואזיע. ווייטער האט זי רעקרוטירט פון יונגע שלעפּערס און שטאָטישע ליידיקגייער א מאבילגוואַרדיע (24 טויזנט מאַן) וועלכער איז אוועקגעשטעלט געוואָרן אונטער דער קאמאנדע פון זיכערע קאָנטער-רעוואליוציאנערע אָפיצערן. לעסאָף, קדיי צו שאַפן פאר זיך א קאָלאָסאַלע אַרבעטער אַרמיי, וועלכע מע זאָל קענען אין א נויט ווענדן קעגן די סאָציאליסטן, האָט די רעגירונג איינגעאָרדנט די באַרימטע נאציאָנאלע ווארשטאטן. די דאזיקע ווארשטאטן האָבן קיין שום שאיכעס ניט געהאט, אכוץ דעם נאמען, צו יענע נאציאנאלע ווארשטאטן, וועלכע עס האבן געפאָדערט די סאציאליסטן. יענע האָבן געזאלט איינגעאָרדנט ווערן לויט אן אלגעמיינעם פּלאַן אף כאווערשע יעסוידעס צו קעמפן מיט די אונטערנעמונגען פון פריוואטע קאפּיטאליסטן און צו פארנעמען זיך מיט אלע צווייגן פון פּראדוקטיווער ארבעט. אט די זיינען באוואוסטזיניק איינגעאָרדנט געוואָרן לויט א לעגאמרע הייפּעכדיקן פּרינציפּ. זייער ארגאניזירונג איז איבער-

געגעבן געווארן א סוינע פונם סאציאליזם, דעם מיניסטער פאר געזעלשאפטלאכע ארבעטן מארי, און ווי עס זיינען זיך מוידע די ארגאניזאטארן גופא, איז די גאנצע מאיסע צוגעטראכט געווארן קדיי ארויסצורייסן די ארבעטער פון אונטער לואי בלאנס האשפאע און קדיי אויפצושטלן זיי קעגן דעם סאציאליזם. די ארבעטער פלעגט מען אויסנוצן אף ניט נייטיקע ערדארבעטן. צאלן זיי פאר אט די אומזיניקע ארבעט פלעגט מען 2 פר. און צום סאף 1 פראנק א טאג. צו יוני איז די צאל ארבעטער אין די נאציאנאלע ווארשטאטן געווען העכער הונדערט טויזנט, און זיי זיינען דערביי געווען ארגאניזירט אף א מיליטערישען שטייגער. איינעם פון אירע צילן האט די רעגירונג אויסגעפירט: זי האט אויפגעשטעלט די באלעבאטים און די פויערים קעגן דעם סאציאליזם און קעגן די ארבעטער פון די נאציאנאלע ווארשטאטן, אף וועלכע די באלעבאטישע מאסע האט אנגעהויבן קוקן, ווי אף פאראזיטן, וואס לעבן אפן כעשבן פון דער מלוכע. נאר אין צווייטן פראט האט זי אויסגעפירט פונקט דעם הייפעך פון דעם, וואס זי האט געוואלט: די ארבעטער פון די נאציאנאלע ווארשטאטן האבן זיך ארגאניזירט, זיינען דורכגעדרונגען געווארן מיט א רעוואליוציאנערן און טיילוויז מיט א סאציאליסטישן גייסט און זיינען פארוואנדלט געווארן אין דער ארמיי פון דער סאציאלער רעוואליוציע.

די בורזשואזיע האט געזאמלט די קויכעס צו די וואלן אין דער גרינדונגספארזאמלונג. עס האבן זיך אנגעהויבן רעאקציאנערע דעמאנסטראציעס, געווענדעטע קעגן די קאמוניסטן און טיילוויז קעגן דער דערוויילִיקער רעגירונג פאר די „שוואכקייט“, וואס זי האט ארויסגעוויזן בענויגייע צו די רעוואליוציאנערן. אומזיסט האבן זיך די עקסטרעמע און אממערסטן באוואוסטזיניקע רעוואליוציאנערן, אנגעפירטע דורך בלאנקי, געפרואווט אויסצונוצן די קאלאסאלע דעמאנסטראציע פון 17-טן מארט, קדיי דורכצופירן א נייע איבערקערעניש און איינצושטעלן א רעוואליוציאנערע דיקטאטור. די אומאנטשלאסנקייט פון דער מאסע, וואס האט זיך נאך ניט באפרייט פון אירע איליוזיעס, און די אויפפירונגן פון איין טייל רעוואליוציאנערן מיט בארבעסן בערויש, וואס האבן זיך געשטעלט אפן צאד פון דער דערווייליקער רעגירונג, האבן זיי געצוואונגען אפצוזאגן זיך פונם דאזיקן פלאן. פון זיין זייט האט לואי בלאן, וואס איז געזעסן אין דער רעגירונג, אויסגענוצט זיין גאנצעווירקונג, קדיי ארויסצוראטעווען זיינע קאנסערוואטיווע כאווירים און צו פאהפירן די ארבעטער. קעגן די ארבעטער און זייערע פירער זיינען פארשפרייט געווארן סאמע אומגעלומפערטע בילבולים, וואס מיט זייער הילף האט זיך איינגעגעבן אויפצושטעלן קעגן זיי די קליינבירגערלאכע מאסן און צו שאפן אינם לאנד א שטימונג פון פאניק און בייזקייט קעגן די „אויפהעצער“, וואס שטערן דער אויפשטעלונג פון נארמאלע לעבנסבאדינגונגען.

בא אזוינע אומשטענדן זיינען פארגעקומען די וואלן אין דער גרינדונגס-פארזאמלונג, וואס האבן זיך, ניט קוקנדיק אף די אלגעמיינע, גלייכע און געהיימע אפשטימונג, געענדיקט מיט א פולשטענדיקער מאפאלע פון

די עקסטרעמע רעפּובליקאַנער און פון די קאָמוניסטן.[1]) די טאָנגעבער אין דער פאַרזאַמלונג זײַנען געווען די מעסיקע אָדער די דרײַ פאַרביקע רעפּובליקאַנער (גראָטן אין אונדזערע „קאַדעטן"), נאָר אויך די מאָנאַרכיסטן זײַנען אין איר גענוג שטאַרק געווען פאַרגעשטעלט. גלײַך פון די ערשטע טריט האָט די גרינדונגס-פאַרזאַמלונג באַוויזן איר רעאַקציאָנערן פּנים, מיט דעם, וואָס זי האָט באַזײַטיקט פונם באַשטאַנד פון דער רעגירונג די סאָציאַליסטן און די לינקע דעמאָקראַטן. קריי צו פּראָטעסטירן קעגן דעם רעאַקציאָנערן כאַראַקטער פון דער אויסערלאַכער און אינערלאַכער פּאָליטיק פו דער פאַרזאַמלונג איז דעם 15-טן מײַ אײַנגעאָרדנט געוואָרן אַ סאָלידע מאַניפעסטאַציע, אין וועלכער עס האָבן גענומען אַן אָנטייל 150 טויזנט אַרבעטער. עס איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו צו אָרגאַניזירן אַ נײַע דערווײַליקע רעגירונג פון די עקסטרעמע מיטן אָנטייל פון לואי בלאַנען, בלאַנקי און באַרבעסן. נאָר די פולשטענדיקע דעזאָרגאַניזירטקייט און דאָס אויספעלן פון אַ פּלאַן האָבן געפּאַטערט די באַוועגונג. די רעגירונג האָט געזיגט: אַלבער, בלאַנקי, באַרבעס און די איבעריקע רעוואָלוציאָנערן זײַנען אַרעסטירט געוואָרן, און די אָנגעשראָקענע קליין-בורזשואַזיע האָט זיך ענטגילטיק אַ וואָרף געטאָן אין דער זײַט פון דער רעאַקציע.

איצט האָט די בורזשואַזיע באַקומען די מעגלעכקייט צו געבן דעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט געהאַט קעגן זיך דאָס גאַנצע לאַנד, אַן אַנטשיידנדיקן קלאַפּ. נאָך אַ רײ צוגרייטונגס-טריט, איז דעם 21-טן יוני אַרויס אַ דעקרעט, וואָס האָט מיסכאַיעוו געווען אַלע אַרבעטער פון די נאַציאָנאַלע וואַרשטאַטן אין עלטער פון 18 ביז 25 יאָר אָ-ער צו פאַרשרײַבן זיך פאַר סאָלדאַטן אָדער אַוועקצוגיין אַף ערד-אַרבעטן אין דער פּראָווינץ. דער דעלעגאַציע פון די אַרבעטער, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו מאַרי צו פירן אונטערהאַנדלונגען, האָט דער מיניסטער גראַב געענטפערט, אַז דער, וואָס וועט זיך ניט אונטערוואַרפן מיטן גוטן ווילן, דעם וועט מען צווינגען מיט געוואַלט.

דעמאָלט האָבן די אַרבעטער געמאַכט אַן אויפשטאַנד. די ביטערע באַליידיקונג אַף דעם פאַרראַט פון די הערשנדיקע קלאַסן, וואָס די אַרבעטער האָבן זיי נאַאיוו געגלויבט אין אַ מעשעך פון עטלאַכע כאַדאָשים, האָט אָנגעצונדן אינם האַרץ פון די פּראָלעטאַריער אַ העלדישע אַנטשלאָסנקייט. „ברויט אָדער בלײַ!" האָבן זיי אָנגעשריבן אַף זייערע פאָנען. נאָר קיין באַשטימטע סאָציאַלע פּראָגראַם האָט דער יוני-אויפשטאַנד ניט געהאַט. דאָס איז געווען אַ סטיכישער דראַנג פון אויפרעגונג און סאָציאַלן צאָרן, אַן אומאויפהאַלטלאַכער פּראָטעסט קעגן דער בורזשואַזער אָרדענונג און אַ מטושטעשדיקע שטרעבונג צו אַזאַ אָרדענונג, בײַ וועלכער עס וועט פאַרניכטעט ווערן די עקספּלואַטאַציע פונם פּראָלעטאַריאַט דורכן קאַפּיטאַל.

דער אויפשטאַנד האָט געדויערט פון 23 ביז 25-טן יוני. די יוני-טעג

[1]) דאָס פּויערטום, וואָס איז געווען בייז צוליב דעם הויסאָפּע-שטײַער אַף ערד און וואָס איז געווען אָנגעשראָקן מיט די נאַרישע מאַיסעס וועגן די „טיילער-קאָמוניסטן", האָט אין דער מאַסע געשטימט פאַר די רעאַקציאָנערן.

זיינען געווען דער ערשטער אפענער באוואפנטער גראנגל צווישן דער בורזשואזיע און דעם פראלעטאריאט, אלס קלאסן. דאס מאל איז דער אויפשטאנד ניט ארויס מיכוץ די ראמען פון די ארבעטער-פארשטעט פון פאריז. דאס איז געווען איך פולן זין פונםווארט א קלאסן-אויפשטאנד פונם פראלעטאריאט. אפילע פרויען און מיידלאך האבן גענומען אנטייל אינם שלאכט, אויפמונטערנדיק זייערע מענער און ברידער, אונטערכאפנדיק די ארויסגעפאלענע פון זייערע הענט פאנען און באצאלנדיק מיטן לעבן פאר דער זאך פונם פאלק. פון דער אנדער זייט, האבן זיך אלע קויכעס פון דער אלטער געזעלשאפט, אלע פראקציעס פון דער בורזשואזיע באהעפט ארום דער גרינדונגס-פארזאמלונג. די נעכטיקע פארברענטע דעמאקראטן האבן געפירט דאס „ארדענונג"-מיליטער קעגן די ארבעטער-באריקאדן, און אפילע די סטודענטישע יוגנט, וואס האט זיך ביז דעמאלט געשלאגן אף די באריקאדן אקסל בא אקסל מיט די ארבעטער, איז דאס מאל ארויסגעטראטן קעגן זיי. באזונדערס געווילדעוועט האט די קליין-בורזשואזיע און די רעקרוטירטע פון אויסווארפן „מאבילגווארדיע", וואס האט, לויט איר ווילדקייט, איבערגעלאזט ווייט הינטער זיך דאס רעגולערע מיליטער און אפילע די פאליציי.

די נאציאנאלע פארזאמלונג האט דערקלערט אין פאריז באלאגערונגס-צושטאנד און האט איבערגעגעבן די דיקטאטור דעם גענעראל עזשען קאוועניאק, דעם אומווירדיקן ברודער פונם פארשטארבענעם רעוואליוציאנער גאדפרוא קאוועניאק. ניט קוקנדיק אף זייער גאנצע העלדישקייט, זיינען די מוירדים פארמישפעט געווען אף אן אומפארמיידלאכע מאפאלע, ווייל זיי האבן פון ערגעץ ניט געקאנט באקומען קיין הילף, אין דער צייט, ווען פאר דער בורזשואזיע האט אלס הינטער-לאנד געדינט גאנץ פראנקרייך. דעם 25-טן יוני זיינען געפאלן די גרויזאמע באריקאדן פון דער פארשטאט פונם הייליקן אנטאני (פון סענט-אנטואנער פארשטאט), און עס האט זיך אנגעהויבן דאס אומבעראכמאנעסדיקע אפרעכענען מיט די באזיגטע. קארעוו צו דריי א האלב טויזנט ארבעטער זיינען צעשאסן געווארן, קארעוו צו פינף טויזנט זיינען פארמישפעט געווארן דורך די מיליטערישע געריכטן צו קאטארגע, די קלובן זיינען פארמאכט געווארן. דעם סאציאליזם איז דערקלערט געווארן א מילכאמע ניט אף לעבן, נאר אף טויט.

די יוני-טעג האבן ניט נאר געגעבן א מוירעדיקן קלאפ דער סאציאליסטישער באוועגונג פונם פראלעטאריאט, נאר זיי האבן אויך דערהארגעט די בורזשואזע רעפובליק. מיט דעם, וואס זי האט צעקלאפט די קויכעס פונם ארבעטער-קלאס האט די בורזשואזיע אפגענומען בא דער רעפובליק איר הויפט-שטיצפונקט. עס האט זיך אנגעהויבן א ווילדע רעאקציע. אלע עראבערונגען פון דער פעווראל-רעוואליוציע זיינען באטל געווארן. אנשטאט דעם 10-שאאיקן ארבעטסטאג איז איינגעשטעלט געווארן א 12 שאאיקער. נאכדעם ווי ער האט אויסגענוצט די קליין בורזשואזיע קעגן דעם פראלעטאריאט, האט זיך איצט דער גרויס קאפיטאל געווענדעט קעגן זיין נעכטיקן פארבינדעטן. די אנטטוישטע קליין-בורזשואזיע האט זיך דעמאלט גע-

פּרוּאווט ווידער צו שליסן אַ בונד מיטן פּראָלעטאַריאַט קעגן דער רעאַקציע. עס
איז שוין אָבער צו שפּעט געווען. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ בלאָק פונם קליינ=
בירגערטום, פונם פּראָלעטאַריאַט און פון אַ טייל פונם פּויערטום. אַ בלאָק, וואָס
האָט באַקומען דעם נאָמען „סאָציאַלע דעמאָקראַטיע“, אונטער דער אָנפירונג
פון לעדריו ראָלען. ווען די געזעצגעבערישע פאַרזאַמלונג, וואָס האָט פאַרנומען
דאָס אָרט פון דער גרינדונגס=פאַרזאַמלונג, האָט אָרגאַניזירט אַ מיליטערישע עקס=
פּעדיציע קיין איטאַליע צו פאַרטיידיקן די אַליינהערשאַפט פונם רוימישן פּויפּסט
קעגן די רעוואָלוציאָנערן, האָט די סאָציאַלע דעמאָקראַטיע באַשלאָסן צוטרעטן צו
מאַסים. נאָר אומזיסט צוליב דער מאַפּאָלע פונם פּראָ=
לעטאַריאַט אין די יוני=טעג, האָט זי איינגעאָרדנט אַן „אומבאַוואָפנטע דעמאָנ=
סטראַציע“ דעם 13=טן יוני פון יאָר 1849, וואָס איז אָן צערעמאָניעס פאַנאַנ=
דערגעטריבן געוואָרן דורך דעם מיליטער און האָט נאָר פאַרפעסטיקט די לאַגע
פון די רעאַקציאָנערן. איצט איז צעקלאַפּט געוואָרן אויך די קליינ=בורזשו=
אַזיע. און אין אַ יאָר אַרום, דעם 31=טן מאַי פון יאָר 1850, איז אָפּגע=
שאַפט געוואָרן אויך דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט. אַף אַזאַ אופן זיינען
אויסגעמעקט געוואָרן די לעצטע שפּורן פון דער פעברואַל=רעוואָלוציע. און
ווען דער האַזאַרדיקער אַוואַנטיוריסט לואי באָנאַפּאַרט, נאַפּאָלעאָן דעם 1=טנס אַ
פּלעמעניק, וואָס איז אין דעקאַבר פון יאָר 1848 אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ
פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, האָט אָרגאַניזירט אַ מיליטעריש=פּאָליצייאישע
פאַרשווערונג צו דערשטיקן די רעפּובליק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז ני=
טאָ ווער עס זאָל זי פאַרטיידיקן. נאָך מער, וואָס דער דאָזיקער אויסגעשפּיצ=
טער דעמאַגאָג האָט, פאַנאַנדערטרייבנדיק די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, אויפגע=
שטעלט דערביי דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט, וואָס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן דורך
דער פאַנאַנדערגעטריבענער פאַרזאַמלונג. די מלוכה=איבערקערעניש פון
2=טן דעקאַבר פון יאָר 1851 האָט זיך פאַרענדיקט אין אַ יאָר אַרום
מיט אַ פאָרמעלער ווידעראויפשטעלונג פון דער מאָנאַרכיע אונטערן
נאָמען די צווייטע אימפּעריע. לואי באָנאַפּאַרט איז געוואָרן דער קייסער פון
די פראַנצויזן אונטערן נאָמען נאַפּאָלעאָן דער דריטער.

די בלוטבאַד אין יוני פון יאָר 1848 און די מלוכה=איבערקע=
רעניש פון 2=טן דעקאַבר פון יאָר 1851 האָבן אַף צוואַנציק יאָר באַ=
זייטיקט דעם פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט פון דער אָפענער פּאָלי=
טישער אַרענע. גראָב אַראָפּגעוואָרפן אַפן סאַמע אונטן פונם געזעלשאַפטלעכן
לעבן, פאַרלירט ער דעם גלויבן אין זיינע קויכעס און געפינט ניט קיין מוט
צו אַטאַקירן די בורזשואַזע געזעלשאַפט אין סאַמע אירע יעסוידעס. די מאַסן
ווערן איינגעשלאָפן אַף אַ לאַנגער צייט, און נאָר אַ אומבאַדייטנדיקער אַוואַנגאַרד=
טייל פון זיי פּרוּאווט זיך צו פאַרבעסערן די לאַגע פונם אַרבעטער=קלאַס, און
דאָס אויך דורך די סאַמע באַשיידענע מיטלען, דורך גרינדן אַרטעלן, געזעל=
שאַפטן און א. וו. אין אָט די יערידע=יאָרן פאַרשפּרייט זיך צווישן די אַרבע=
טער די לערע פון פּרודאָנען. אַ זון פון אַ בעזאַנסאָנער פּויער, אַליין אַ
זעצער לויט זיין פּראָפעסיע, האָט פּרודאָן פון 1841=טן יאָר אָנגעהויבן צו אָנ=

טוויקלען זיין סיסטעם, וואס ער האט איר געגעבן דעם נאמען אנארכיע, דאס הייסט „אויסמלוכעמאכט". דער טאך פון זיין לערע איז באשטאנען אין אפלייקענען די פאליטישע רעוואליוציע, אלס מיטל צו דערשלאגן זיך צו דער באפרייאונג פון דער ארבעט. די עקאנאמישע רעוואליוציע דארף פארקומען פריער פאר דער פאליט·שער איבעראנדערשונג. און די עקאנאמישע רעוואליוציע האט פרודאן פארשטאנען ניט אין דער פארם פון עקספראפריאירונג פון דער בורזשואזיע דורכן ניצאכנדיקן פראלעטאריאט, נאר אין דער פארם פון א פארוואנדלונג פון אלע פראדוצירער אין קליינע אייגנטימער. דער ארבעטער דארף ווערן דער באלעבאס איבער זיינע פראדוקציאנס·מיטלען. און דערשלאגן זיך צו דעם קאן מען דורך עקאנאמישע זעלבסטעטיקייט. די פראדוצירער ריידן זיך צונויף צו טוישן זיך איינער מיטן אנדערן מיט זייערע פראדוקטן לויט דעם סכום ארבעט, וואס אנטהאלט זיך אין זיי. קדיי צו באגיין זיך אן דער פארמיטלונג פון געלט און אן קאפיטאליסטן, דארף מען גרינדן „אויסטויש ביינק"[1] פאר

דעם אוממיטלבארן סכוירעס־אויסטויש און פאר באזארגן די נויטבאדערפטיקע מיט „אומזיסטן קרעדיט". אף אזא אופן וועט פארשוואונדן ווערן די נויטיקייט פונם קאפיטאליסטן־קלאס, און עס וועט פארניכטעט ווערן די עקספלואטירונג פון דער ארבעט. די מלוכע וועט אליין אפשטארבן, ווייל אין איר וועט מער קיין נויט ניט זיין, און עס וועט זיך איינשטעלן א געזעלשאפט אן א מאכט, א געזעלשאפט, וואס וועט זיין געבויט אפן גערעכטיקן אויסטויש פון פראדוקטן און פון טירכעס.

אט אזא איז די סיסטעם פונם פרידלאכן פרודאנישן אנארכיזם.

עס איז גאנץ קלאר, אז דאס איז ניט קיין טעאריע פונם פראלעטאריאט, נאר פון דער קליין בורזשואזיע. וואס וויל איינהיטן איר ווירטשאפט און קרעמל פון דער פארניכטנדיקער קאנקורענץ מיצאד דער פאבריק, מיצאד דער קראם און באנק. נאר, פון איין זייט, דער כאראקטער פון דער דאמאלדיקער פראנקרייך, וואס איז אין דעם פעריאד, וועלכן מיר באטראכטן, געווען דער איקער א קליינבירגערלאך לאנד, און, פון דער אנדער זייט, די געפאלענע שטימונג פון די ארבעטער — האבן מיטגעהאלפן צו דעם, אז פיל ארבעטער האבן אנגענומען פרודאנס לערע. איז א מעשעך פון א לאנגער צייט זיינען די פאריזער ארבעטער, אפילע פארגעשריטענע געווען פרודאניסטן, גלייכגילטיקע אין פאליטישן הינזיכט, און האבן געכאלעמט צו לייזן די „סאציאלע פראגע", ווי מען פלעגט זיך דעמאלט אויסדריקן, דורך א קליינלאכן רעפארמאטארישן ברעקלעך־קאמף.

אין עקאנאמישן פראט האט פראנקרייך אינם פעריאד פון דער צווייטער אימפעריע געמאכט גרויסע ערפאלגן. פאר דער אויפבליאונג פון דער אינדוסטריע און פונם האנדל איז די דאזיקע טקופע געווען די אממערסטן גינסטיקע אין מעשעך פונם גאנצן 19־טן יארהונדערט. ערשט איצט האט פראנקרייך אנגעהויבן ווערן אן עמעס קאפיטאליסטיש לאנד. די דאזיקע עקאנאמישע בליאונג איז גע־

ווי מיר ווייסן, איז עס די אלטע אוטאפיע פון די אועניסטן, וואס פרודאן האט זי איבערגעכאזערט אין צוואנציק יאר ארום.

ווען איינע פון די סיבעס, וואס האבן באדינגט די פאליטישע גלייכגילטיקייט פונם פראלעטאריאט. נאר אף א געוויסער שטופע פון זיין אנטוויקלונג האט דער דאזיקער פראצעס פון אומאפהאלטלאכן עקאנאמישן וואוקס געמוזט אויפוועקן די ארבעטער צו א נייעם קאמף. אלס א שטויס צו דער דאזיקער אויפלעבונג פון דער ארבעטער באוועגונג האבן געדינט דער עקאנאמישער קריזיס פון 1875-טן יאר און די פאליטישע אויפטרייסלונג, וואס איז ארויסגערופן געווארן דורך דער פראנצויזיש-איטאליענישער מילכאמע פון 1895-טן יאר. ניט באוונגנדיק זיך מיט א קליינלאכן פראפעסיאנעלן קאמף, האבן די פראנצויזישע ארבעטער, וואס האבן באוויזן פאר צען יאר עטוואס קומען צו זיך פון דער יוני-בלוטלאזיעניש, אנגעהויבן שוין טראכטן וועגן ארויסטרעטן אף דער פאליטישער ארענע. אזוי איז געבארן געווארן די אידייע וועגן „ארבעטער-קאנדידאטורן” ב'איים די וואלן פון 1863-טן יאר. דער פארעפנטלאכטער צולי... דעם „מאניפעסט פון די זעכציק” האט, ניט קוקנדיק אף זיין גאנצע מעסיק... און אפן פרודאניזם, מיט וועלכן ער איז געווען דורכגעדרונגען, גערעדט, האגאם, אין א שוואכער פארם, וועגן קלאסנקאמף און האט אנגעזאגט, אז עס טרעט ארויס א נייע קראפט. די דאזיקע מעסיקע פרודאניסטן זיינען פונדעסטוועגן געווען יענע מענטשן, וואס האבן צוזאמען מיט די פונקט אזעלכע מעסיקע איינגלישע טרעד-יוניאניסטן געשאפן דעם ערשטן אינטערנאציאנאל.

נאפאלעאן דעם 3-טנס רעגירונג האט זייער מוירע געהאט פאר די ארבעטער און האט קרום געקוקט אף קאלעקטיווע פרואוון פון זייער ארגאניזירונג. טביאם פלעגט זי אנווענדן בענויניע צו זיי אויסשליסלאך געוואלט און פלעגט ניט דערלאזן קיין שום פארם פון אן ארבעטער ארגאניזאציע, אפילע קיין עקאנאמישע. נאר די קראפט פון דער זאכלאגע האט גענומען דאס איבערקע, און סאף קאל סאף איז די רעגירונג געווען געצוואונגען שאלעם מאכן מיט די פראפעסיאנעלע פאראייניגן פון די ארבעטער, וואס זיינען פאר איר פארט געווען באקוועמער, איידער די פאליטישע פאראייניקונג פונם פראלעטאריאט. די אנטוויקלונג פונם קאפיטאליזם האט נאטירלאך געשטויסן די ארבעטער צו ארגאניזירונג, און קיינע שום פאליציייאישע פארבאטן זיינען ניט געווען בעקויאך צו שטערן דעם דאזיקן פראצעס.

פון 1854-טן יאר דערשיינען ווידער די אלטע בעוורעס פאר קעגנזייטיקער הילף. די דאזיקע בעוורעס, וואס פלעגן דערלויבט ווערן דורך דער רעגירונג, האבן אין די וויטערדיקע שטורמישע יארן געשפילט א געוויסע ראלע אינם שטרייקן-קאמף, ווי, למשל, די לוארער בעוורע פון קוילנגרעבער. באזונדערס פארגרעסערט זיך זייער צאל אין 1863-טן יאר. לויט די דאמאלדיקע צייטן איז עס געווען קימאט די איינציקע ארבעטער-ארגאניזאציע, וואס די באנאפארטישע פאליציי פלעגט נאך אריבערטראגן. פונקט אזוי פלעגט די רעגירונג צולאזן קאאפעראטיווע ביינק און פראדוצירנדיקע געזעלשאפטן. די אינטערנאציאנאליסטן פלעגן אויסנוצן די דאזיקע פארמען פון ארגאניזאציע פאר זייער פראפאגאנדע. אין דער זעלבער צייט לעבן אויף די ווידערשטאנד-געזעלשאפטן. האגאם די לעצטע האבן געטראגן א גרעסערן קאמפס-כאראקטער, נאר די רעגי=

רונג, רעכענענדיק זיך מיטן אנוואוקס פון דער אויפלעבונג אין די ארבעטער=קרייזן, איז געווען געצוואונגען שאלעם צו מאכן מיטן פראפעסיאנעלן קאמף פון די ארבעטער, אבי נאר זיי זאלן ניט איבערגיין צום פאליטישן קאמף. אט די געזעלשאפטן האבן אנגעפירט מיט די שטרייקן, וואס ווערן אפטער פון מיטן פון די 60=קער יארן. א באזונדערס גרויסע ראלע האבן געשפילט די שטרייקן פון די בראנזע ארבעטער. אין 1864=טן יאר האט די סאלידאריטעט געזעלשאפט פונם בראנזע-פאך דערשלאגן זיך דורך א שטרייק א 10=שאאיקן ארבעטס=טאג אין באַרבעדיען, און אין 1867=טן יאר האט זי, מיט דער הילף פונם אינטערנאציאנאל, אויסגעהאלטן דעם לאקאוט פון די באלעבאטים, וואס האבן זיך געפרואווט צו דערשטיקן דעם דאזיקן פאראיין.

די סטיכישע אנטוויקלונג פון דער שטרייקבאוועגונג, וואס האט זיך ניט גערעכנט מיט די פארבאטן פונם געזעץ, האט געצוואונגען די רעגירונג צו עפענען עטוואס די קלאפע, קדיי צו געבן אן ארויסגאנג די דאמפן, וואס האבן זיך אנגעזאמלט. דעם 25=טן מאי פון יאר 1864 איז ארויסגעגעבן געווארן א געזעץ, וואס האט אנערקענט, לעסאף, פאר די פראנצויזישע ארבעטער דאס רעכט פון קאאליציע. נאר אזוי ווי די געזעצן וועגן אסאציאציעס זיינען ניט געענדערט געווארן, איז אויך דער געזעץ פון 1864=טן יאר געבליבן אין א געוויסן זין א טויטער אס. נאר פונדעסטוועגן האבן זיך די ארבעטער ניט גערעכנט מיט די רעדיפעס און האבן אויסגענוצט דעם געזעץ פון 1864=טן יאר קדיי צו שאפן א ריי פראפעסיאנעלע פאראיינען. די רעגירונג איז געווען געצוואונגען דורך אומאויפהאלטלאכן דראנג פונם ארבעטער קלאס צו גיין אף ווייטערדיקע האנאכעס און צו דערלאזן אפילע די בילדונג פון פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס, וואס פאראייניקן עטלאכע פאכן און פראדוקציעס. אזוי, איז נאכן ברוסילער קאנגרעס פונם אינטערנאציאנאל, וואס האט אנגענומען א רעזאליוציע וועגן דער באהעפטונג פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען, האבן די פראנצויזישע ארבעטער פארגענומען א ריי צוגרייטונגס=מיטלען וואס האבן זיך פארענדיקט אין 1869=טן יאר מיט דער בילדונג פון א פעדעראציע פון די פאריזער ארבעטער פאראיינען, צו וועלכער עס האבן זיך גלייך אנגעשלאסן 40 סינדיקאלע קאמערן. ענלאכע פעדעראציעס זיינען ארגאניזירט געווארן אויך אין דער פראווינץ, אין ליאן, רואן, מארסעל. ביקלאל האט צום סאף פון דער אימפעריע די אנטוויקלונג פון דער פראפעסיאנעלער באוועגונג אנגענומען אין פראנקרייך אן אומגעזעענע ביז דעמאלט גרוים.

צוזאמען מיט דער פראפעסיאנעלער באוועגונג איז געגאנגען אן אויפלעבונג פון דער פאליטישער באוועגונג צווישן די ארבעטער. א קאלאסאלע ראלע אין דער דאזיקער אויפוואכונג פונם פראנצויזישן פראלעטאריאט האט געשפילט די ווירקונג פונם אינטערנאציאנאל. די האסכאלעס פון דער פראנצויזישער סעקציע פונם אינטערנאציאנאל זיינען געווען זייער באשיידענע. אט ווי עס באשרייבט זיי פריבור, וואס איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער=אסאציאציע: „א צעבראכן אייזערן אייוועלע,

וואָס טאָלען האָט זי געבראַכט אַף דער גאַס גראַוויליע (וואו עס האָט זיך געפונען די ערשטע ביוראָ פון דער פּאַריזער סעקציע), אַ ווײַסער הילצערנער טיש, וואָס באַטאָג האָט ער געדינט פּריבורן, אַ ־עקאָראַטאָר לויטן פאַך, פאַר אַ וואַרשטאַט, און וואָס פלעגט אין אָוונט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שרײַב טיש, צוויי אָפּגעניצטע טאַבורעטן, צו וועלכע עס זײַנען שפּעטער צוגעקומען פיר שטולן פון פאַרשיידענע מינים,—אָט דאָס איז אין מעשׂעך פון העכער אַ יאָר געוועזן דאָס גאַנצע מעבל פון אַ קליין דירעלע אפן ערשטן גאָרן, וואָס איז אַרויס צו צאָפן און וואָס האָט זיך געפונען אין דער טיפעניש פונם היף, וואו עס איז שטענדיק געשטאַנען אַ געדיכטער איפּעש. אין אָט דעם קליינטשינקן צימערל פיר מעטער די לײנג און דריי מעטער די ברייט פלעגן באַהאַנדלט ווערן... די גרעסטע סאָציאַלע פראָבלעמען פון אונזער טקופֿע".

די „גראַוויליערן" זײַנען געווען פּרודאָניסטן, דאָס הייסט, סעקטאַנטן, וואָס האָבן געהאַט זייער „סיסטעמל" און וואָס האָבן לאַכלוטן ניט פאַרשטאַנען די אויפגאַבן פון דער אַרבעטער באַוועגונג. זיי האָבן געכאָלעמט וועגן גרינדן „אויסטויש-באַנק" און האָבן זיך פײַנטלאַך באַצויגן ניט נאָר צום קאָמוניזם און צום פּאָליטישן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך צו אַזעלכע מיטלען פון אוממיטלבאַרן קאַמף, ווי שטרייקן, און צו אַזעלכע מאַסמיטלען, ווי די איינשטעלונג פון אַן אַכטשאָאיקן אַרבעטס טאָג. אַ ביטערן קאַמף מיט זיי האָבן געפירט די בלאַנקיסטן, אָנהייגער פונם קאָמוניזם און פון דער עראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דורכן פּראָלעטאַריאַט. די בלאַנקיסטן האָבן אפילע באַשולדיקט די פּרודאָניסטן אין באַציאונגען מיט דער פּאָליציי. אינדערעמעסן זײַנען די פּרודאָניסטן פּאָשעט געווען קלײנבורזשואַ, און אַף וויפל זיי האָבן גענומען אָן אָנטייל אין דער אַרבעטער באַוועגונג האָבן זיי אָפּגעשפּיגלט איר יערידע-שטימונג, וואָס איז געקומען נאָך דער גרויסער מאַפּאָלע פון 1848-טן יאָר. נאָר, פאַרשטייט זיך, אַז זייערע אויטאָריטעטישן מאָנטשינקע טעאָריעס און זייער פּאָליטישע גלײַכגילטיקייט האָבן זיי ניט געקאָנט פאַרשאַפן די סימפּאַטיעס פון דער אַרבעטער-מאַסע, וואָס איז געווען געשטימט רעפּובליקאַניש. די פּרודאָניסטן זײַנען נאָך אָבער געשטאַנען אַף דעם שטאַנדפּונקט, וואָס האָט נאָך אָנטקעגנגעשטעלט סאָציאַליזם אַנטקעגן פּאָליטיק.[1]

די גראַוויליערן, וואָס האָבן אָנגעהויבן זייער אַרבעט אין 1864-טן יאָר, האָבן אין 1865-טן יאָר געציילט 500 מיטגלידער, און אין 1866-טן יאָר—1200. ווייטער פאַר עטלאַכע הונדערט מיטגלידער זײַנען זיי ניט אַוועק. אַף די צוזאַמענפאָרן פונם אינטערנאַציאָנאַל האָבן זיי געשפּילט די סאַמע רעאַקציאָנערע ראָלע, אַרויסטרעטנדיק קעגן אַלע רעוואָליוציאָנערע פאָרשלאַגן. אין פראַנקרייך גופֿא פלעגט זייער לאַגע מיט יעדן טאָג ווערן אַלץ שווערער. די מאַסע איז ניט געגאַנגען

[1]) אגעוו, פונקט אזעלכע ניט קיין אויסגעהאלטענע, ווי זייער לערער פרודאן, האבן די מיטגלידער פון דער דאָזיקער גרופּע גענומען אף זיך אין 1863-טן יאר די איניציאטיוו פון „ארבעטער-קאנדידאטורן", וואס זיי האבן אבער פארשטאנען אין ממש מעסיקן און קארפּאראטיוון גייסט.

נאך זיי, ווייל זי פלעגט אפשטויסן זייער מעסיקייט און סעקטאנטישקייט, און די רעגירונג, וואס האט איין צייט געמיינט אויסצונוצן דעם אינטערנאציאנאל פארן קאמף מיט דער פראפאגאנדע פון די בורזשואזע רעפובליקאנער, האט נאך דעם לאזאנער קאנגרעס (ז. ווייטער), וואס האט אנגענומען א רעזאלוציע לעטוי־וואס דעם פאליטישן קאמף, געעפנט קעגן זיי א טקופע פון רעדיפעס. כאפנדיק קלעפ פון צוויי זייטן, זיינען די פרודאניסטן גיך אראפ פון דער סצע־נע, פארוואנדלנדיק זיך אין בייזע זידלער פונם אינטערנאציאנאל און פון דער רעוואלוציע.

מיטן וואוקס פון רעוואליוציאנערע שטימונגען צווישן די אייבעטער מאסן, וואס האט זיך אנגעהויבן פון דער צווייטער העלפט פון די 60־ער יארן, האבן די קאאפעראטארן און „מיטיועליסטן"[1] שוין מער ניט געקאנט דינען אלס אויסדריקער פון די ארויסגעטראטענע אף דער סצענע ברייטע ארבעטער מאסן. צווישן די ארבעטער, וואס האבן זיך באפרייט פון אונטער דער ווירקונג פון די בורזשואזע רעפובליקאנער, האבן זיך ווידער אנגעהויבן פארשפרייטן קאמוניסטישע אידייען און עס האט זיך אנגעהויבן פארפעסטיקן די שטרעבונג מיט געוואלט אומצעוואלגערן די אימפעריע. די בלאנקיסטן, געשטיצטע דורך די מארקסיסטן, האבן איצט אנגעהויבן צו געווינען די סימפאטיעס פון די פארגעשריטענע ארבעטער. די פראנצויזישע אנהייגער פונם אינטערנאציאנאל ווערן אויך דורכגעדרונגען אלץ מיט א מער רעוואליוציאנערן גייסט. צווישן זיי ווערן בארימט אזעלכע גרויסע פיגורן, ווי דער איינבינדער וואַרלען. עס קומט פאר א דערנענטערונג צווישן די יונגע ארבעטער מיט די פארשטייער פון די אלטע רעוואליוציאנערע שולן, זיי ווערן באקאנט אין די טפיסעס און אף פאלקס־פארזאמלונגען, וואס זיינען ווידער דערלויבט געווארן פון 1869־טן יאר. און די באנאפארטיסטישע פאליציי, וואס האט פריער געהאפט צו געפינען אינם אינטערנאציאנאל א דונעראפפיר און א געצייג צום קאמף מיט דער רעפובליקאנישער פראפאגאנדע, איבערצייגט זיך גיך, אז טאקע מיצאד די אינטערנאציאנאליסטן דראט איר א טויט־קלאפ.

אין דעקאבר פון יאר 1867 איז דערוועקט געווארן א פראצעס קעגן די מיטגלידער פון דער אדמיניסטראטיווער קאמיסיע פון דער פאריזער סעקציע (קעגן טאלענען, פריבורן, לימוזענען, ווארלענען, מאלאנען, מיורן, שעמאלע און אנד.), און דער רעזולטאט פון דעם איז געווען, אז 15 מיטגלידער פון דער קאמיסיע זיינען פארמישפעט געווארן צו באצאלן שטראף פארן נעמען אן אנטייל אין א ניט דערלויבטער געזעלשאפט און אז די פאריזער סעקציע איז דערקלערט געווארן פאר פארמאכט. מיט א קורצער צייט פארן געריכט איז געענדיקט געווארן א צווייטע ביורא, וואס איז, פון איר זייט, אויך צוגעצויגן געווארן צו פאראנטווארטלאכקייט (ווארלען, מאלאן, לאנדרען און אנד.) דאס מאל זיינען די באשולדיקטע פארמישפעט געווארן ניט נאר צו צאלן שטראף, נאר אויך צו טפיסע, און דערביי האט דער געריכט ווידער באשלאסן צו פארמאכן

[2]) אנהייגער פון „קעגנזייטיקער הילף"; אויך א נאמען פון די פרודאניסטן.

די פאריזער ביורא. פון היינט אָן איז דער אינטערנאציאָנאל איבערגעגאנגען אין פראנקרייך אין קמוי א אומלעגאלע לאגע. נאר די דאזיקע פראצעסן, האבן, א דאנק דער גלענצנדיקער פארטיידיקונג פון די באשולדיקטע, וואס האבן אנטוויקלט די גרונט-פרינציפן פונם אינטערנאציאָנאל,[1]) דערוועקט סימפאטיעס צו זיי אין די ברייטע ארבעטער-מאסן און האבן צוגעצויגן צום אינטערנאציאנאל פול זייע אָנהייגער.

די מאסנדיקע שטרייק-באוועגונג, וואָס האט ארומגעכאפט דעם גאנצן קאָנטינענט, האט זיך פארשפרייט אויך אף פראנקרייך. שטרייקן קומען פאָר בא די טעקסטיל-ארבעטער אין נאָרמאנדיע, בא די זייד-ארבעטערינס אין ליאָן; די אירונג צווישן די קוילן-גרעבער האט געפירט צו בלוטיקע צוזאמענשטויסן מיטן מיליטער אין ריקאמארי, און דער רעזולטאט פון דעם איז געווען אז די רעוואלוציאנערע באוועגונג צווישן די ארבעטער איז באדייטנדיק שטארקער געווארן. אין די אָרגאניזאציעס זיינען ניט געווען קיין פיל מיטגלידער, נאָר די השפעה פון די רעוואָלוציאָנערע און סאָציאליסטישע אידייען איז געווען קאלאסאל. אומזיסט האָט די אָפשטארבנדיקע אימפעריע געפרואווט ראטעווען זיך דורך פראָקלאמירן א „ליבעראלע טקופע“: דער ארבעטער-קלאס, געשטיצט דורך דער אָפּאָזיציע פון דער ראדיקאלער בורזשואזיע, האט זיך געגרייט צו אן אנטשיידענעם אָנגריף אף די פאראכטע רעגירונג. די שטימונג פון די ברייטע מאסן קאָן מען ארויסזען פון א גאנצער ריי פאקטן: אף דער לעוואיע פונם אָפּאָזיציאָנעלן זשורנאליסט וויקטאָר נואר, וואס איז דערהארגעט געוואָרן דורכן פרינץ פיער באָנאפארט, דעם קייסערס א שוועסטערקינד, איז געקומען אן אוילאם פון 200 טויזנט מאן; דער ארבעטער מעזשי דערהארגעט דעם פאליציסט, וואס איז געקומען צו אים מיט א אונטערזוכונג מיט א שאָ פריער, איידער ס'איז איינגעשטעלט געווארן דורכן געזעץ; נאכן ארעסט פונם אָפּאָזיציאָנעלן זשורנאליסט ראָשפאָר, וואס איז שארף ארויסגעטראָטן קעגן דער אימפעריע און איז געווארן דערפאר דער ליבלינג פונם אוילאם, מאכט דער בלאנקיסט פלוראנס א פרואוו פון א באוואָפנטן אויפשטאנד. די פירער פלעגט שוין אויסקומען ניט שטויסן די מאסע, נאָר פארקערט אָפהאלטן זי פון ניט באטראכטע און פריצייטיקע ארויסטרעטונגען, וואס זיינען געווען נוצלאך נאָר פאר די פאָליציייאישע פראוואקאטארן. אין די פאָרשטעט באווייזן זיך נאָך 19 יאָר שווייגן די ערשטע באריקאדן. אלע זיינען אף אזוי פיל געווען איבערצייגט אין דער נאָענטקייט פון א פראנצויזישער רעוואָליוציע, אז אפן פערטן קאָנגרעס פונם אינטערנאציאנאל אין באזעל אין 1869-טן יאָר איז פארן אָרט פונם קומענדיקן צוזאמענפאָר באשטימט געווארן פאריז.

די רעגירונג, וואס האָט זיך געפונען אין אזא קריטישע לאגע, האָט זיך געלאָזט אף אן אוואנטיורע און, אויסנוצנדיק דעם דיפלאָמאטישן קאנפליקט

[1]) די רעדע, וואס ווארלען האט געהאלטן אפן צווייטן פראצעס איז ניט איין מאל ארויסגעגעבן געווארן אין א רוסישער איבערזעצונג.

מיט פרייסן, האָט זי איר דערקלערט א מילכאָמע. אומזיסט האָבן די פאָרגעשריטענע ארבעטער פון פראַנקרייך און דייטשלאַנד געפּרואווט זיך אויסצומיידן דעם קאָנפליקט. מיט עטלאַכע טעג פאַר דער מילכאָמע האָבן די פּאַריזער אינטערנאַציאָנאַליסטן פאַרעפנטלאַכט אַן אַדרעס, אין וועלכן זיי האָבן געוואָרנט קעגן א מילכאָמע, וואָס קאָן פירן נאָר צו דער פאַרשטאַרקונג פונם דעספּאָטיזם אַף דער און אַף יענער זייט ריין. די בערלינער מיטגלידער פונם אינטערנאַציאָנאַל האָבן פאַרזיכערט זייערע פראַנצויזישע כאַווײרים אין זייער סאָלידאַריטעט און עקל צו געוואַלט. פאַר די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן, וואָס זיינען געווען איבערצייגט, אַז דער גיכער וואָוקס פון דער באַוועגונג וועט אין דער נאָענטער צוקונפט אומפאַרמיידלאַך פירן צו א נאַציאָנאַלער רעוואָליוציע און צו דער איינשטעלונג פון אינטערנאַציאָנאַלער ברודערשאַפט פון אַלע ארבעטנדיקע, איז די דאָזיקע פאַרברעכערישע מילכאָמע, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן דורכן בייזן ווילן פון צוויי דעספּאָטישע רעגירונגען, געווען א שווערער קלאַפּ. נאָר צוזאַמען מיט דעם האָבן זיי באַשלאָסן אויסצונוצן די מילכאָמע קדיי אומצוּוואַלגערן די אימפּעריע בא דער ערשטער געלעגנהייט. זיי האָבן געהאַט בעדייע צו פּראָקלאַמירן א ספּעציעלע רעפּובליק און פאָרצולייגן דייטשלאַנד א שאָלעם, און, אויב זי וועט זיך אָפּזאָגן, איז דערקלערן א רעוואָליוציאָנערע מילכאָמע ניט דעם דייטשישן פאָלק, נאָר די דייטשישע רעגירונגען מיט דער האָפענונג צו געפינען אַן אָפּקלאַנג בא די דייטשישע סאָציאַליסטן.

נאָר דאָס ראָוו סאַמע טעטיקע און ווירקונגספולע פראַנצויזישע אינטערנאַציאָנאַליסטן איז געזעסן אין טפיסע, אַלס א רעזולטאַט פונם 3-טן פּראָצעס פונם פּאַריזער אינטערנאַציאָנאַל. דאָך איז געשאַפן געוואָרן אַן „אַקציאָנס-קאָמיטעט" און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אין טאָג, ווען עס וועט זיך עפענען די פּאַרלאַמענט-סעסיע (דעם 9-טן אווגוסט) אָנצופאַלן אַפן בורבאָנער פּאַלאַץ (וואו עס האָט אָפּגעהאַלטן זיינע זיצונגען דער געזעצגעבערישער קאָרפּוס) און צו פּרואוון זיך ארויסרופן א רעוואָליוציע. דער אומגעריכטער ארעסט פונם אַנגעמערקטן אָנפירער פון דער באַוועגונג פּענדי האָט געשטערט אויסצופירן דעם פאַרטראַכטן פּלאַן. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן אָפּצוּוואַרטן ביז דער צווייטער געלעגנהייט. אין מאַרסעל האָבן די דאָרטקע אינטערנאַציאָנאַליסטן צוזאַמען מיט עטלאַכע רעפּובליקאַנער געמאַכט דעם 8-טן אווגוסט א פּרואוו פון אַן אויפשטאַנד און האָבן זיך ארייַנגעריסן אין דאָס שטאַטראַטהויז. נאָר די באַוועגונג איז גיך דערשטיקט געוואָרן.

די פולשטענדיקע מאַפּאַלע פון דער פראַנצויזישער ארמיי האָט געבראַכט צו דער רעוואָליוציע פון 4-טן סעפּטעמבער פון יאָר 1870. די אימפּעריע איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן, און ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן א רעפּובליק (די דריטע). דער אינטערנאַציאָנאַל האָט, אַלס אַזוינער, ניט געשפּילט קיין ערנסטע ראָלע אין דער סעפּטעמבער-איבערקערעניש. די רעוואָליוציע איז דורכגעמאַכט געוואָרן דורך די ארבעטער און דורך די קליין-בורזשואַזיע. האָגאָם די ארבעטער-אינטערנאַציאָנאַליסטן האָבן אויך גענומען א טעטיקן אָנטייל אין

דער באַוועגונג, נאַר דאָס ראָוו פּאַריזער אַרבעטער האָט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון די בלאַנקיסטן, וואָס זיינען געווען געשטימט זייער פּאַטריאָטיש און קריגעריש. די אינטערנאַציאָנאַליסטישע גרופּע האָט אין באַוואוסטזיין פון איר שוואַכקייט ניט געשטרעבט אין יענעם מאָמענט צו אַ דירעקטער סאָציאַלער רעוואָלוציע. זי האָט נאָר געוואָלט אויסנוצן די סענטיאַבער־איבערקערעניש און די פרייהייט, וואָס די דאָזיקע איבערקערעניש האָט געבראַכט, פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון די אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, פאַר באַהעפטונג פון די קויבעס און פאַר דער פּלאַנמעסיקער צוגרייטונג פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אָפּן אָרט פונם לאָזונג פון אַן אויסערלאַכער מילכאָמע האָבן זיי אַרויסגעשטעלט דעם לאָזונג פון אַ בירגער־קריג קעגן דער אייגענער בורזשואַזיע, קעגן „די אינעווייניקסטע פּרייסן", ווי מען פלעגט דעמאָלסט זאָגן. נאַר פונדעסטוועגן איז ניט זיי זיינען געווען די סאַמע איניציאַטיווע און די סאַמע קאַמפּספּייאיקע גרופּע, נאַר די בלאַנקיסטן, אַנהייגער פון אַ באַלדיקן אויפשטאַנד, פון פאַרכאַפּן די מאַכט און פּראָקלאַמירן .אַ רעוואָלוציאָנערע קאָמונע, קדיי ווייטער צו פירן דעם קאַמף מיט די באַצווינגער.

די מאַכט האָט ווידער פאַרכאַפּט די בורזשואַזיע. אַפילע דאָס ראַדיקאַלע קליינבירגערטום איז ניט געווען פאַרגעשטעלט אין דער „רעגירונג פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג", אויב מע זאָל ניט רעכענען דעם זשורנאַליסט ראַשפּאַר, וואָס איז גאָר ניט געווען קיין פּאָליטישער טוער און האָט ניט פאָרגעשטעלט קיין שום באַשטימטע סאָציאַלע גרופּע. דער רעגירונג איז רייש־קאָל אויסגעקומען צו טראַכטן וועגן וואָס גיכער ליקווידירן די שלימאַזלדיקע פאַר פראַנקרייך מילכאָמע. זי איז גרייט געווען צו קויפן דעם שאָלעם פאַר אַ באַליביקן פּרייז, קדיי צו באַפרייען זיך די הענט פאַרן קאַמף מיטן אינעווייניקסטן סוינע, דאָס הייסט מיטן פּראָלעטאַריאַט. אָבער די עקסטע עלעמענטן פון דער פּאַריזער באַפעלקערונג—ניט נאָר די קליינבורזשואַזיע, נאָר אויך די אַרבעטער—האָבן געוואָלט ניט אַנדערש ווייטער פירן די מילכאָמע, ביז די פּרייסן וועלן ניט פולשטענדיק פאַרטריבן ווערן. אויף אָט דעם באָדן פון באַליידיקטן פּאַטריאָטישן געפיל, וואָס איז בא די פּאַריזער אַרבעטער געווען פאַרבונדן מיט זיכרוינעס וועגן דער ערשטער גרויסער רעוואָליוציע, האָט אָנגעהויבן אָנוואַקסן אַ קאָנפליקט מיט דער הערשנדיקער בורזשואַזיע, וואָס האָט אַפילע ניט געוואָלט הערן וועגן ווייטער פירן די מילכאָמע. נאָר אויפן באָדן פון פּאַטריאָטישער אַגיטאַציע האָט דער פּראָלעטאַריאַט מיטגעריסן מיט זיך די קליין־בורזשואַזיע און האָט זיך אונטערגעוואָרפן אונטער זיין פּאָליטישער אָנפירונג (אַגעוו, האָט ער מיט דעם אָפּגעשטויסן פון זיך דאָס פּויערטום, וואָס האָט געוואָלט שאָלעם).

נאָך דער סענטיאַבער־רעוואָליוציע האָבן די אינטערנאַציאָנאַליסטן פון פראַנקרייך אַנטוויקלט אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט און האָבן געזען צו באַהעפטן אַלע זייערע קויבעס. דער פּאַריזער קאָמיטעט פונם אינטערנאַציאָנאַל (דער פעדעראַל־ראַט) איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן. ער האָט זיך געפונען אויף דער גאַס לאַ־קאָרדערי. אין דעם זעלביקן לאָקאַל האָט זיך געפונען די פעדעראַל־קאַמער

פון די ארבעטער געזעלשאפטן, וואס האט זיך ניט אנגעשלאָסן אינם אינטערנא־ציאָנאל, וואס האט אבער אין אלע וויכטיקע פראגן געהאנדלט פאראיינס מיט אים און וואס האט געציילט אין איר באשטאנד פיל אנגעזעענע אינטערנאציא־ליסטן. האנדלדיק אין פאריז, וואס איז געווען באלאגערט פון די סאנים, האבן זיך די דאזיקע אלע ארגאניזאציעס געשטיצט אף דער אויפגערעגטער באוואפנ־טער באפעלקערונג, וואס איז גרייט געווען אויפצוהייבן דאס געווער קעגן דער אינעווייניקסטער רעאקציע, דאס הייסט קעגן דער אייגענער בורזשואזיע, און קעגן דער אויסנווייניקסטער רעאקציע, דאס הייסט קעגן די פרייסישע באצווינגער, וואס זיינען געגאנגען אונטער דער פאן פון א האלב־פעאדאלער מאנארכיע. די בלאנקיסטן, וואס האבן פאראייניקט דעם עקסטן פאטריאטיזם מיט דער עקסטער רעוואָליוציאָנערקייט, זיי האבן טאקע אויסגעדריקט די שטימונג פון דער מאסע פון דער פאריזער באפעלקערונג. קדיי ארויסצואווייזן א ווידערשטאנד אט די ביידע רעאקציעס, איז נויטיק געווען צו פארכאפן די מאכט קוידעם קאל אין דער הויפטשטאָט, שאפן דארט א רעוואָליוציאָנערע רעגירונג, א קאמונע, און נאך דער הויפטשטאט וועט, לויט דער פעסטער איבערצייגונג פון די רעוואָליוציאָנערן, נאכגיין אויך די פראווינץ, ווי דאָס פלעגט זיין שטענדיק.

אכוץ די אויבן אָנגעוויזענע רעוואָליוציאָנערע ארגאניזאציעס, האבן זיך ב׳איים דער באלאגערונג געבילדעט אין די 20 קרייזן פון פאריז „אויפזיכטס־קאמיטעטן", וואס האבן פארגעשטעלט מיט זיך עפעס ענלאכעס צו אונזערע ראיאָנישע רעוואָליוציאָנערע ראטן, און וואס זיינען געווען איינג פארבינדן מיט דער מאסע פון דער באפעלקערונג פון די קווארטאלן. די דאזיקע קרייז־קאמי־טעטן זיינען פאראייניקט געווארן דורכן „צענטראל־רעפובליקאנישן קאמיטעט פון די 20 קרייזן," וואס אין זיין באשטנד זיינען אריין דער איקער מיטגלידער פונם אינטערנאציאָנאל (קאמבאָ, קאמעלינאַ, דערער, פרענקעל, לעפראנסע, לאנגאָ, מאלאָן, פענדי, פאָטיע,[1]) טיים, ווארלען און אנד.). דער דאזיקער קא־מיטעט האט זיך אויך געפונען אף דער גאס לא־קאָרדערי, אף אזא אויפן האט זיך באקומען א טאפאגראפישע (לויטן ארט) און פערסאנעלע אוניע פון די הויפט־עלעמענטן, וואס האבן דעמאלט אנגעפירט מיט דער באוועגונג פונם פאריזער פראלעטאריאט, און דאָס האט געזאלט באדייטנדיק פארגרינגערן די מאיסים פון די רעוואָליוציאָנערן.

דער לאזונג פון דער באוועגונג איז געווען א קאמונע, דאס הייסט, דאס פארכאפן דורכן פראָלעטאריאט די מאכט אין א וואסער ס׳ניט איז גרויסן שטאטישן צענטר, דער איקער אין פאריז, און דערנאך א פאראייניקונג (פעדעראציע) פון די רעוואָליוציאָנערע קאָמונעס, קדיי אפצורייניקן דאס לאנד פונם סוינע און איבערצובויען די געזעלשאפט אף סאציאליסטישע יעסוידעס. דערביי האָט מען גע־מיינט, אז דער ביישפיל פון פראנקרייך וועט צוגעבן בייסעק אויך די איבעריקע פעלקער, אזוי, אז אינגיכן וועט אף די כורווס פון דער בורזשואזער ארדענונג

[1] דער צוקונפטיקער אוטאָר פונם פראלעטארישן הימן „אינטערנאציאָנאל".

געשאפֿן ווערן א פרייער אינטערנאציאָנאלער פאַרבאַנד פון אן אלוועל־טלאכער קאָמונע.

פרואוון צו פאַרווירקלאכן די דאזיקע פראָבלעם, אויסנוצנדיק די געשאפע־נע דורך דער מילכאמע לאגע, פלעגן אויסברעכן דא אין דעם, דא אין יענעם עק פון פראנקרייך. דער ערשטער פרואוו אין אזא גייסט איז דורכגע־מאכט געווארן דורך באקונינען און זיינע אנהייגנער אין ליאָן. לויט באקונינס פאַרשטעלונג, האט א געלונגענער אויסגאנג פונם דאזיקן פרואוו גע־זאלט געבן א סיגנאל צו א אינטערנאציאנאלער רעוואָליוציע אין אנארכיסטישן גייסט. דער פלאן איז באשטאנען אין דעם, אז, אויסנוצנדיק די צערודערונג, וואס איז ארויסגערופן געווארן דורך דער מילכאמע, זאל מען אויפהויבן א רע־וואָליוציאָנערע באוועגונג אין פראנקרייך, איטאליע, שפאניע און אין דער ראמא־נישער שווייץ. א סאציאל־רעוואָליוציאָנערער אויפשטאַנד, וואס איז געווענדעט קעגן די סאמע יעסוידעס פון דער איצטיקער געזעלשאפט און פון דער מלוכע, אן אויפשטאנד, וואס דער פראָלעטאריאט האט אים אנגעהויבן און וואס ווערט געשטיצט דורך דעם פייערטום, איז, לויט באקונינס מיינונג, געווען פייאיק ניט נאָר ארויס־צוואַרפן די דייטשישע באצווינגער פון די פראנצויזישע גרענעצן, נאָר אויך אנ־צונדן די סריפע פון דער סאציאלער רעוואָליוציע אין זייער אייגענעם לאנד.

פאַר אזא ציל איז די שטאט ליאָן געווען אמבעסטן צוגעפאסט. דאס איז געווען די צווייטע לויט דער גרויס שטאט פון פראנקרייך. צום אונטערשייד פון פאריז איז זי ניט געווען באלאגערט פונם סוינע. איר ארבעטער־באפעלקע־רונג האט געהאט רעוואָליוציאָנערע טראדיציעס, איר שטימונג איז געווען אן אויפגערעגטע, און די אינטערנאציאָנאליסטישע גרופע איז געווען א גאנץ היפשע און ווירקונגספולע. פון 4־טן סענטיאבער האט אין שטאט געהאנדלט א געמישטער „קאָמיטעט פאר געזעלשאפטלאכע רעטונג", וואס איז באשטאנען פון בורזשואזע רעפובליקאנער און פון איניקע אינטערנאציאָנאליסטן. איניגיכן איז דער דאזיקער קאָמיטעט פארביטן געווארן מיט אן אויסגעקליבענעם מוניציפאליטעט, וואס איז באשטאנען אין דער מערהייט פון בורזשואזע רעפובליקאנער. נאָר אין דער אר־בעטער מאסע איז געגאנגען א פא־שטיקטע אירונג, האנאם אפילע אן א באש־טימטער סאציאליסטישער באפארבונג. די באקוניסטן האבן באשלאסן אויסצונוצן די דאזיגע אירונג, וואס איז געווען געווענדעט קעגן דער הערשאפט פון דער בורזשו־אזיע. דעם 15 סענטיאבער איז באקונין אנגעקומען פון שווייץ קיין ליאָן. אפן מיטינג פון 17־סענטיאבער איז באשלאסן געווארן צו שאפן א „צענטראלן קאָמיטעט צו ראטעווען פראנקרייך," וואוהין עס איז אריין ארייִ ליאָנער באקוניסטן (א. רישאר ג. בלאן, פאליקס און אנד.) עס איז אויסגעארבעט געווארן א פלאן פון א אויפשטאנד, וואס איז באשטימט געווארן אפן 26־סענטיאבער, און עס איז ארויסגע־לאזט געווארן אן אויפרוף, וואס האט רעקאמענדירט טייקעף אנצואווענדן א ריי אנטשלאסענע מיטלען, בעסוויכאם די „אפשאפונג פון דער אדמיניסטראטיווער און רעגירונגס־מאשין פון דער מלוכע," פון אלע ציווילע און קרימינעלע געריכטן, די אפשאפונג פון שטייערן און היפאטעקעס, די איינארדענונג אין אלע קאָמו־נעס פון קאָמיטעטן פאר געזעלשאפטלאכע רעטונג, וואס זייערע דעלעגאטן

האָבן זיך געוואָלט צונויפֿפֿאָרן קיין ליאָן און בילדן דאָרט אַ „רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט צו ראַטעווען פֿראַנקרייך". אויסנוצנדיק די אומצופֿרידנקייט פֿון די אַרבעטער פֿון די נאַציאָנאַלע וואַרשטאַטן, וואָס דער ליאָנער שטאָט ראַט האָט זיי פֿאַרקלענערט די סכירעס, האָט זיך די גרופּע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָט זיך פֿאַראייניקט אַרום באַקונינען, אַריינגעריסן דעם 28־טן סענטיאַבר אין ראַט הויז. דער „צענטראַל־קאָמיטעט צו ראַטעווען פֿראַנקרייך", וואָס האָט פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿונם בורזשואַזן מוניציפּאַליטעט, איז צוגעטראָטן צונויפֿצושטעלן אַ ריי דעקרעטן, נאָר אים איז ניט געקומען אין קאָפּ אַנצונעמען קיינע שום ערנסטע מיטלען אויף אָפּצונעמען בײַ דער אָראָפּגעוואָרפֿענער מאַכט די מעגלעכקייט צו ברענגען שאָדן און אויף צו פֿאַרפֿעסטיקן זיין אייגענע מאַכט. די איבערגעלאָזטע אויף דער פֿרייהייט פֿריערדיקע מאַכט־האָבער האָבן צונויפֿגעקליבן די באַטאַליאָנען פֿון דער בורזשואַזער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, האָבן אָן שום ווידערשטאַנד אָפּגענומען צוריק דאָס ראַט־הויז און האָבן גיך אויפֿגעשטעלט די פֿריערדיקע אָרדענונג. באַקונינען האָט זיך קוים איינגעגעבן צו ראַטעווען זיך.

דער ליאָנער פּרוּוו איז געווען אַן עטוואָס פּריצייטיקער און ער האָט זיך נאָך ניט געשטיצט אויפֿן מיטגעפֿיל און דער אַקטיווער הילף פֿון די מאַסן, וואָס האָבן ניט באַוויזן צו אַנטוויקלען זיך אין דער רעגירונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג. ביסלעכווייז פֿאַרשפּרייט זיך אַלץ מער צווישן די אַרבעטער די רעוואָלוציאָנערע שטימונג, און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ווערן אין אַ ריי פּראָווינציעלע שטעט געמאַכט פּרוּוון אומצוּוואַרפֿן די בורזשואַזע מאַכט, פּרוּוון, אין וועלכע די אינטערנאַציאָנאַליסטן שפּילן אַן אַקטיווע ראָלע. אין ברעסט האָבן זיי געשאַפֿן אַ „קאָמיטעט פֿאַר אויפֿזיכט און נאַציאָנאַלער פֿאַרטיידיקונג", און דעם 2־טן אָקטיאַבר האָבן זיי זיך געפּרוּווט צו פֿאַרכאַפּן דאָס ראַט־הויז און אַרויסצורופֿן אַ באַוואָפֿנטן אויפֿשטאַנד. אין מאַרסעל, אַ גרויסן יאַם־פּאָרט, וואו די אויפֿרודערונג איז געווען אַ טיפֿערע, האָט זיך די אַרבעטער איינגעגעבן צו באַהערשן דעם 31־טן אָקטיאַבר דאָס ראַט הויז און צו פּראָקלאַמירן אַ רעוואָלוציאָנערע קאָמונע; נאָר זיי האָבן זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן דאָרטן, און די באַוועגונג איז דערשטיקט געוואָרן דעם 4־טן נאָיאַבר. אין דעם אייגענעם אומרואיקן ליאָן איז דעם 4־טן נאָיאַבר געמאַכט געוואָרן אַ נייער אומגעלונגענער פּרוּוו צו דערקלערן אַ רעוואָלוציאָנערע קאָמונע. דעם 20־טן דעקאַבר זיינען דאָרט ווי דער פֿאָרגעקומען פֿאָלקס־אומאָרדענונגען, וואָס האָבן געפֿירט צו דעם, אַז די בורזשואַזיע האָט אָנגעווענדעט טעראָר קעגן די אַרבעטער. די ראָזיקע טיילווייזע פּרוּוון האָבן אויסגעשעפּט די ענערגיע פֿונם פּראָווינציעלן פּראָלעטאַריאַט, אַזוי, אַז צום מאָמענט, ווען ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די קאָמונע אין פּאַריז, איז ער געווען אומפֿייאיק אונטערצוהאַלטן זי מיט אַנטשלאָסענע מאַסיס. עמעס, ב'איים עס האָט זיך באַקומען די ידיעה וועגן דער רעוואָלוציע פֿון 18 מאַרט פֿון יאָר 1871, זיינען אין אַ ריי פּראָווינציעלע שטעט פֿאָרגעקומען אויפֿשטאַנדן צו פֿאַרכאַפּן די מאַכט און אונטערצוהאַלטן די פּאַריזער. אַזוי איז אין

ליאָן אין דער נאַכט פון 22-טן אַפן 23-טן מאַרט, אין סענט-עטיען, באָרדאָ, מאַרסעל דעם 25-טן מאַרט, אין נאַרבאָנע, קרעזאָ און א. וו. זײַנען געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו גרינדן רעוואָליוציאָנערע קאָמונעס. נאָר זיי זײַנען אַלע גיך דערשטיקט געוואָרן דורך דער בורזשואַזיע און האָבן קיין שום הילף ניט געבראַכט פּאַריז. דער לעצטער אויפשטאַנד איז פאָרגעקומען אין ליאָן עם 20 אַפּרעל פון יאָר 1871.

דער הויפּט-שלאַכט צווישן דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע האָט זיך געזאָלט אָפּשפּילן אין פּאַריז. איצט זײַנען די פּאַריזער אַרבעטער, וואָס זײַנען בײַ׳ם דער באַלאַגערונג גערופן געוואָרן אין דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, געווען באַוואָפנט. די רעגירונג, וואָס איז באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון דער רעאַקציאָנערער בורזשואַזיע, האָט אַפילע ניט געטראַכט וועגן אַרויסווײַזן די פּרײַסן אַן ערנסטן ווידערשטאַנד. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פאַרביטערונג בײַ די אַרבעטער און בײַ דער קלײַנבורזשואַזיע, וואָס האָבן געשריען וועגן פאַרראַט און וואָס האָבן געפאָדערט אַ מער ענערגישע רעגירונג. דעם 31-טן אָקטיאַבר, ווען עס האָט זיך באַקומען די ידיעה וועגן דער קאַפּיטולירונג פון מעץ און פון דער גאַנצער באַזענס אַרמײַ, זײַנען אין פּאַריז אויסגעבראָכן אומאָרדענונגען. פלוראַנס האָט זיך מיט זײַנע בעלווילער[1] שיסער אַרײַנגעריסן אין ראַטהויז, האָט דערקלערט די מיטגלידער פון דער רעגירונג פאַר אַרעסטירט און האָט פאָרגעלייגט אײַנצואָרדענען אַ קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפטלאַכע רעטונג מיט בלאַנקי בערויש. עס האָט זיך איבערגעכאַזערט די ליאָנער געשיכטע. די מאַסע האָט ניט אונטערגעהאַלטן די רעוואָליוציאָנערן. די לעצטע האָבן אַרויסגעוויזן אַ פולשטענדיקע אומפּייאיקייט און ניטאָרגאַניזירטקייט, און די געקומענע צו זיך רעגירונג האָט גיך ווידער אויפגעשטעלט די פריערדיקע לאַגע. ווען די רעגירונג האָט באַשלאָסן אָפּגעבן די דײַטשן פּאַריז, איז דעם 21-טן יאַנוואַר פון יאָר 1871-טן געמאַכט געוואָרן אַ נײַער פּרוּוו צו פּראָקלאַמירן אַ קאָמונע. נאָר אויך דער דאָזיקער פּרוּוו, וואָס איז געמאַכט געוואָרן ניט דורך דער מאַסע, נאָר דורך עטלאַכע היציקע קעפּ מיט ראַול ריגאָ בערויש, האָט זיך פאַרענדיקט פּונקט אַזוי רעזולטאַטלאָז, ווי דער ערשטער. בײַם אָפּגעבן פּאַריז די פּרײַסן, וואָס האָבן, לויט דעם אָפּמאַך, געמעגט פאַרנעמען אַ טייל שטאָט, האָט די רעגירונג צוליב אַ מעשוגנעדיקער „צעטראָגנקייט" פאַרגעסן אין יענעם טײַל פון דער הויפּט-שטאָט, וואָס האָט געזאָלט אָקופּירט ווערן, 400 האַרמאַטן פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, מיטן כעשבן, אַז די דײַטשן וועלן צונעמען די דאָזיקע האַרמאַטן און וועלן אַף אַזאַ אויפן מיטהעלפן דער אַנטוואָפענונג פון די פּאַריזער אַרבעטער, פאַר וועלכע די בורזשואַזיע האָט מער מוירע געהאַט, ווי פאַר די דײַטשן. נאָר די באַטאַליאָנען פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, וואָס האָבן באַמערקט די דאָזיקע „פעלער", האָבן בא-

[1]) בעלוויל איז אַן אַרבעטער-קרײַז פון מיזרעך-פּאַריז, וואָס איז באַוואוּסט מיט דער רעוואָליוציאָנערקייט פון זײַן באַפעלקערונג.

וויזן ארויסצופירן די הארמאטן פונם געפערלאכן ארט און אוועקצושטעלן זיי אין פארשיידענע קווארטאלן פון פאריז, בעסויכאם אויך אף די הויפן פון מאנמארטר.

די וואלן אין די נאציאנאלע פארזאמלונג, וואס איז אין מאך גענומען געוועזן א גרינדונגס-פארזאמלונג, ווייל זי האט געדארפט באשליסן די פראגע וועגן דער פארוואלטונגס-פארם, האט זיך געענדיקט מיט א ניצאכן פון די מאנארכיסטישע פארטייען. דאס פויערטום, וואס האט ניט אנדערש געוואלט שאלעם, האט אין דער מאסע געשטימט פאר די רעאקציאנערן, וואס פלעגן זיך ארויסזאגן קעגן דער פארזעצונג פון דער מילכאמע. די רעוואליוציאנערן, וואס פלעגן ארויסטרעטן אין דער ראלע פון עקסטע פאטריאטן, האבן ניט ווילנדיק געבראכט נוצן דער ערגסטער רעאקציע, ווייל זיי האבן אפגעווארפן דאס פויערטום אינם לאגער פון זייערע סאמע אומבעשאלעמדיקע סאנים. די פארזאמלונג, וואס איז זיך צונויפגעפארן קיין בארדא און וואס האט באקומען דעם פאראכטנדיקן נאמען „דארפס-לייט" (אינם זין פון א פריצישער באנדע) איז געווען דורכגעדרונגען מיט א ברענענדיקן האס צום מוירדישן פאריז און האט נאר געזוכט א געלעגנהייט צו דערקלערן מילכאמע דעם פראלעטאריאט פון דער הויפט-שטאט. קדיי זיכער פארטיק צו ווערן מיט אט דער אויפגאבע, האט זיך די פארזאמלונג אריבערגעקליבן קיין ווערסאל, וואס געפינט זיך א מאהאלאך פון 15 ווייארסט פון דער הויפט-שטאט. די פארזאמלונג האט, איבערלאזנדיק אפן די פראגע וועגן דער אנערקענונג פון דער רעפובליק, באשטימט טיערן פאר א „ראש פון דער אויספיר-מאכט". אף אזא אופן איז אט דעם בלוטדורשטיקן זאקן, לואי פיליפס געוועזענעם מיניסטער, וואס האט געהאסט די ארבעטער און האט אין א מעשעך פון פיל יארן פארגאסן זייער בלוט, איבערגעגעבן געווארן נאך אמאל אויסצוצאפן דאס בלוט פונם פראלעטאריאט. נאר צוליב דעם האט מען דעם פראלעטאריאט קוידעם קאל געמוזט אנטוואפענען. די בורזשואזיע האט ניט געקאנט רואיק שלאפן, קאל זמאן אין די הענט פון די ארבעטער זיינען געווען ביקסן און דער איקער הארמאטן.

גלייך פונם ערשטן מאמענט האבן די פאריזער ארבעטער דערפילט, אז די פריציש-בורזשואזע פארזאמלונג שטעלט פאר א טויט-סאקאנע ניט נאר פאר זייערע סאציאלע, נאר אויך פאר זייערע פאליטישע שטרעבונגען. קיין שום אכטונג צו „דעמאקראטישע" אפגעטער האבן זיי ניט געפילט, דעם ווילן פונם „גאנצן פאלק", „באשלוסן פון אלגעמיינער אפשטימונג" האבן זיי לאכלוט ניט געהאלטן פאר אבליגאטאריש און היליק פאר זיך. דעם אווטאריטעט פון דער גרינדונגס-פארזאמלונג האבן זיי אויך ניט אנערקענט. איינער פון זייערע ערשטע געדאנקען איז געווען דער געדאנק וועגן פאנאנדערטרייבן די דאזיקע פארזאמלונג. בלאנקי איז בערויש פון א גרופע אממערסטן אנטשלאסענע רעוואליוציאנערן געפארן מיט דעם צוועק קיין בארדא. נאר ער איז ארעסטירט געווארן און אף דער סאמער הייסע צייט ארויסגעריסן געווארן פונם קאמף. די קאמונע האט באצייטנס פארלארן איר בעסטן מויאך. ניט קיקנדיק אף אלע האפענונגען, וואס זיינען נאך דעמאלט געווען פארבונדן מיטן אלגעמיינעם וואל-

רעכט, האט דער סטאטוט פון דער „רעפובליקאנישער פעדעראציע פון דער נאציאנאלער גווארדיע" געשטעלט די רעפובליק העכער פון דער אלגעמיינער אפשטימונג. דארט איז געזאגט געווארן, אז „די רעפובליק, וואס איז די איינציקע רעגירונג פון רעכט און גערעכטיקייט, קאן ניט געשטעלט ווערן אף אלגעמיינער אפשטימונג, וואס איז אליין איר א רעזולטאט". און שפעטער, ווען זיי זיינען אריינגעטראטן אין אן אפענעם קאנפליקט מיט דער נאציאנאלער פארזאמלונג, האבן זיך די פאריזער ארבעטער אבסאליוט ניט באאומרואיקט מיקויאך דעם, וואס, לויט דער קאנסטיטוציאנעלער פיקציע, ווערט זי אנערקענט פאר אן אויסדריקער פונם „ווילן פון דער נאציע", פאר אן „אויסדערווײלטן דורך דער אלגעמיינער אפשטימונג".

די פעדעראציע פון דער נאציאנאלער גווארדיע איז געווען אן ארגאניזאציע, וואס איז געשאפן געווארן נעבן דעם קאמיטעט פונם אינטערנאציאנאל און דער פעדעראציע פון די סינדיקאלע קאמערן. די פארזאמלונג פון די פריצים אין באַרדא האט מיט איר רעאקציאנערער פאליטיק געצוואונגען די קליינבורזשואזיע פון דער הויפטשטאט צו פאראייניקן זיך ענטגילטיק מיט די ארבעטער. און דער רעזולטאט פון דער דאזיקער דערנעענטערונג איז געווען די פאראייניקונג פון דער נאציאנאלער גווארדיע, אין וועלכער עס זיינען געווען פאראייניקט די פראלעטאריער און די קליינבירגער. נאך צום סאף יאנוואר האט זיך פון אירע רייען ארויסגערוקט אן עטוואס אלדאאסאצמעדיקער צענטראל-קאמיטעט, וואס האט גענומען אף זיך די אויפגאבע צו באהעפטן אלע רעוואליוציאנערע קויכעס פון דער נאציאנאלער גווארדיע. ווען די רעגירונג האט באשטימט פאר א קאמאנדיר פון דער נאציאנאלער גווארדיע דעם באנאפא־טיסטישן גענעראל אדעל-דע-פאלאדין, האט דער צענטראל-קאמיטעט איינגעלאדן אלע באטאליאנען פון דער נאציאנאלער גווארדיע און די מיליטערישע קאמיטעטן, וואס האבן זיך אויסגעבילדעט אין פאריז, אויסצוקלייבן דעלעגאטן אף צו בילדן אן ענטגילטיקן צענטראל-קאמיטעט. דעם 13-טן מארט האבן זיך פארזאמלט אט די דעלעגאטן פון 215 באטאליאנען (פון דער אלגעמיינער צאל 270) און האבן געבילדעט עטוואס ענלאכעס צו א ראט פון סאלדאטן-דעפוטאטן, וואס האט געשפילט אין דער געשיכטע פון דער קאמונע א גרויסע ראלע.

די רעגירונג האט געזען, אז עס גייט צו א צוזאמענשטויס צווישן די ארבעטער מיט דער בורזשואזיע. עטלאכע מאל האט זי זיך געפרואווט צו אנטוואפנען די נאציאנאלע גווארדיע, און אין דעם האבן איר געהאלפן, אף וויפל ס'איז נאר געווען אין זייערע קויכעס, פשארעמאכער פון דער מיטעלער בורזשואזיע, ווי א שטייגער קלעמאנסא.[1]) די אומגעדולדיקע בירזשע-לייט האבן אונטערגעהעצט טיערן צו מער ענערגישע מאיסים, ווייל די איינשטעלונג פון

1) דער צוקונפטיקער פירער פון די ראדיקאלן און דערנאך מיניסטער ב'איים דער לעצטער אימפעריאליסטישער מילכאמע, א האסער פון סאציאליסטן און א פארביסענער סוינע פון ראטן-רוסלאנד.

„אָרדענונג“ איז זיי געווען נויטיק פאַר זייערע פינאַנציעלע שווינדלערייען. און אַ בורזשואזע אָרדענונג איז אַן אוממעגלאכע זאַך, קאָל זמאַן די ארבעטער האָבן האַרמאַטן און ביקסן. דעריבער האָט טיער באשלאסן אָפּצונעמען מיט געוואלט די הארמאטן בא די פאריזער איינוואוינער, און נאָכדעם וואלט שוין ביקלאל ניט שווער געווען צו אנטוואפענען זיי און מיט געוואלט זיי איינשטילן.

באגינען דעם 18=טן מארט זיינען 3 טויזנט סאָלדאטן אונטער דער קאָמאנדע פון דריי גענעראלן, בעסויכאָם אויך לעקאָנטן, שטיל ארויף אפן היגל מאָנמארט, און אָנקומענדיק אומגעריכטערהייט פאר דער וואך, האָבן זיי פארכאפט די הארמאטן, וואס זיינען דאָ געשטאנען. נאָר עס האָט זיך גיך צונויפגעקליבן אַ האַמוין, וואָס צווישן אים זיינען געווען פרויען, האָט ארומגערינגלט די סאָלדאטן און האָט זיי איינגערעדט ניט צו שיסן אין פאָלק. די סאָלדאטן האָבן זיך געברידערט מיטן פאָלק און האָבן דאָ אפן אָרט דערשאָסן לעקאָנטן און אַ צווייטן גענעראל, קלעמאַן טאָמאַ, וואס איז ארומגעגאַנגען צווישן דעם האַמוין און האָט נאָטירט אין זיין נאָטיץ-ביכל. אזוי האָט זיך אָנגעהויבן די פאריזער קאָמונע.

צי האָט די קאָמונע געהאט אַ גענויע און קלארע פראגראם? צי איז אָט די באוועגונג געווען אַ באשטימטע לויט איר באשטאנד? דאס קאָן מען גיט זאגן.[1] די קאָמוניסטישע באוועגונג איז געווען זייער אַן אומבאַשטימטע און געמישטע לויט אירע צילן און לויט דעם באשטאנד פון אירע אנטיילנעמער. דא האָט געווירקט דער סטיכישער פראָטעסט פון דער מאסע פון דער פאריזער באפעלקערונג, וואס איז געווען אויסגעמאטערט פון דער מילכאָמע און פון דער באלאגערונג פון פאריז, אַ פראָטעסט, וואס האָט פאראייניקט אלע גרופן פון די ארעמע שיכטן. דער געפיל פון באליידיקטן פאטריאטיזם צוליב דער מאַפאלע, וואס פראנקרייך האט געכאפּט, און די איבערצייגונג אינם פאַרראַט פון דער רעגירונג פון נאציאָנאלער פארטיידיקונג, וואס האָט פארגעשטעלט די אינטערעסן פון דער גרויסער בורזשואזיע, האט באהעפט אינאיינעם דעם פראָלעטאריאט און די קליינבורזשואזיע פון דער הויפטשטאט. אין דער אייגענער ריכטונג האָט אויך געווירקט דער אומצוטרוי פון דער רעפובליקאנישׁ געשטימטער באפעלקערונג פון פאריז צו דער נאַציאָנאלער פארזאמלונג אין באָרדא, און דערנאך אין ווערסאל, וואס איז באשטאנען דער איקער פון מאנארכיסטן.

[1]) דאס וואָרט „קאָמונע“ טאר מען בעשום אויפן ניט צונויפמישן מיטן וואָרט „קאָמוניזם“. דאָס זיינען צוויי גאַנץ פארשידענע ווערטער, וואס האָבן פּאשעט אַ געמיינזאַמען שוירעש אין דער פראנצויזישער, לאטיינישער און ביקלאל ראמאנישע שפּראכן. קאמונע באטייט אַ געמיינדע, אַ דארף, אַ שטאט, און אין פיגוראלן זין — אַ דארפישע ארער שטאטישע פארוואלטונג. קאמונאר, קאמונאַליסט באַטייט אַן אנהייגער פון אַ קאמונע, אלס פאלקס-רעגירונג, נאָר ניט אומבאַדינגט אַ קאָמוניסט. אַ טייל פון די קאָמונארן זיינען געווען קאמוניסטן, נאָר ווייט ניט אלע. צווישן די קאמונארן זיינען געווען אי פרודאניסטן, אי בלאנקיסטן, אי אַנארכיסטן, אי אפילע בורזשואַזע ראַדיקאַלן, ערלאכע און אויסגעהאלטענע דעמאָקראַטן, ווי אַ שטייגער דעלעקליוז. די קאמונארן האבן אויך געהייסן „פעדעראליסטן“, ווייל זיי זיינען געווען פאר אַ פעדעראציע (פרייען פארבאנד) פון רעוואָליוציאנערע קאמונעס.

די אומקלארע שטרעבונג פון דער ארבעטער מאסע צו סאציאלער באפרייאונג, וואס האט זיך האגאם ניט אויסגעגאסן אין א באשטימטער פראגראם, איז געווען איינער פון די הויפט-פאקטארן, וואס האבן געשטויסן די ארבעטער צו גרינדן א קאמונע, וואס האט זיך זיי פארגעשטעלט אלס אן ארבעטער-רעגירונג, וואס איז בארופן איינצושטעלן די יעסוידעס פון סאציאלער גערעכטיקייט. דער פראלעטאריאט איז געווען די איקערדיקע באוועגנדיקע און קאמפס-קראפט פון דער קאמונע. נאר ער איז, לעכאלאפאכעס די ערשטע צייט, אונטערגעהאלטן געווארן פון דער קליינבורזשואזיע, וואס האט געהאט אירע באזונדערע גרונדן צו האסן די נאציאנאלע פארזאמלונג. דער אפזאג פון דער לעצטער אפצולייגן דאס איינצאלן דירעגעלט פאר דער באלאגערונגס-צייט און די צאלונגען אף וועקסלען, האט געשטעלט פאר דער קליינבורזשואזיע די אומפארמיידלאכע סאקאנע פון בעדאלעס ווערן און האט זי דורך דעם געשטויסן צו א בונד מיטן פראלעטאריאט.

דער דאזיקער בונד באדינגט די שטארקע און די שוואכע זייטן פון דער קאמונע. אויב פון איין זייט, זיינען איצט די קליינבורזשוא דאס ערשטע מאל געגאנגען אין שלאכט קעגן דער גרויסבורזשואזיע אונטער דער אנפירונג פון פראלעטאריער, האט, פון דער אנדער זייט, די צונויפמישונג פון ביידע עלעמענטן אין דער געמיינזאמער באוועגונג געשטערט דעם פראלעטאריאט ארויסצורוקן זיין שטאנדפונקט און זיין אקציאנס פלאן. דער אנטייל פון דער קליינבורזשואזיע אין דער רעוואליוציע און אין דעם פארוואלטן מיט דער קאמונע האט געשטערט דעם פראלעטאריאט איינצושטעלן גלייך זיין ריין קלאסנדיקע דיקטאטור, וואס נאר זי האט געקאנט ראטעווען די לאגע. דער בינד צווישן זיי האט פון פאראויס באשטימט די פארם פון דער באוועגונג, די קאמונע, דאס הייסט א שטאט-דומע, וואס ווערט אויסגעקליבן אפן יעסאד פון אלגעמיינעם וואלרעכט דורך אלע גרופן פון דער באפעלקערונג, און, הייסט עס, אויך דורך דער בורזשואזיע. עמעס, די בורזשואזע מיטגלידער פון דער קאמונע זיינען סאף קאל סאף ארויס פון איר, אזוי אז דורכן גאנג גופע פון די געשעענישן איז זי פארוואנדלט געווארן אין אן אויסשליסלאכע פארשטייערשאפט פונם ארבעטער קלאס. נאר דאס איז פארגעקומען שוין נאך דעם, ווי די דאזיקע פארשטייער פונם פיינטלאכן קלאס האט זיך איינגעגעבן אף א גאנצן כוידעש צו פאראליזירן די טעטיקייט פון דער קאמונע און צו שטערן איר צוגרייטן זיך אף אפצושלאגן די ווערסאלער. אויסנוצנדיק די דאזיקע הערן, האט טיער טכילאס געפירט צוויעסדיקע אונטערהאנדלונגען מיט די פאריזער, קאל זמאן ער האט געזאמעלט קיכעס, נאר ער האט גלייך איבערגעריסן די דאזיקע אונטערהאנדלונגען, ווי נאר ער האט אנגעזאמעלט גענוג קויכעס אף איינצונעמען די הויפט-שטאט.

אויב דערביי וואלט צו די דינסטן פונם פראלעטאריאט עקזיסטירט אן ארגאניזירטע און באוואוסטזיניקע קאמוניסטישע פארטיי, וואלט זיך איר איינגעגעבן צו פאראליזירן אין א באדייטנדיקער מאס די נעגאטיווע זייטן פונם בונד

מיט דער קליין בורזשואזיע. נאר דאס איז דאך דער אומגליק, וואס אזא פארטיי איז ניט געווען. אין יענער צייט האבן אין פאריז עקזיסטירט עטלאכע ארגאניזאציעס, נאר קיין איינע פון זיי האט ניט געהאט ניט קיין באשטימטע פראגראם, ניט קיין פולשטענדיק אויסגעארבעטן אקציאנס-פלאן. די איינציקע גרופע, וואס וואלט געקאנט פרעטענדירן אף אזא ראלע, איז געווען די סעקציע פונם אינטערנאציאנאל, נאר זי איז געווען שוואך, האט ניט געהאט קיין ברייטע ווירקונג אף די מאסן און האט אגעוו אויך ניט געהאט קיין פראגראם, וואס זאל אנטשפרעכן דעם מאמענט, ניט קיין פלאן פון די פארשטייענדיקע סעקציעס. אין די געשעענישן, וואס האבן צוגעגרייט די רעוואלוציע פון 18-טן מארט, האבן די מיטגלידער פונם אינטערנאציאנאל געשפילט אן אומבעדייטנדיקע ראלע. אף וויפיל די ארבעטער האבן גענומען אן אנטייל אין אקטיווע ארויסטרעטונגען מיט א רעוואלוציאנערן כאראקטער, האבן זיי געהאנדלט ניט אזוי פיל אונטער דער ווירקונג פון די בלאנקיסטן, דאס הייסט פון רעוואליוציאנערן פון דער אלטער שול, וואס זיינען געווען טיף איבערגעגעבן דעם איניען פונם ארבעטער קלאס, וואס האבן זיך אבער ניט פאנאנדערגעקליבן אין די נייע באדינגונגען פון דער באוועגונג פונם מאדערנעם פראלעטאריאט. צווישן די פאריזער ארטעה זיינען געווען אויך פרודאניסטן. עס זיינען געווען אויך באקוניסטן, דאס הייסט, אנהייגער פונם אנארכיסטישן פליגל פונם אינטערנאציאנאל. אבער די מאסע פון די פראנצויזישע אינטערנאציאנאליסטן, האגאס זי האט געגלויבט אין דער לעפיערעכדיקער נאענטקייט פון דער סאציאלער רעוואליוציע, האט זיך פונדעסטוועגן געקליבן צו פארנעמען זיך אינם נאענסטן פעריאד מיט דער פלאנמעסיקער אנטוויקלונג פון דער קלאסן ארגאניזאציע פונם פראלעטאריאט, קדיי צוגרייטן דעם ארבעטער קלאס צום פארשטייענדיקן סאציאלן קאמף. זי האט אבער ניט געשטרעבט צום אוממיטלבארן פארכאפן די מאכט. די געשיכטע האט זיי פאר דעם קיין צייט ניט געגעבן, און צום מאמענט, ווען ס'איז אויפגעקומען די קאמונע, האט זיך ארויסגעוויזן, אז זיי זיינען ניט צוגעגרייט אנצופירן מיט די אויפגעשטאנענע ארבעטער.

פאר די בלאנקיסטן, וואס האבן געשפילט א סאך א מער אקטיווע ראלע אין דער צוגרייטונג פון דער קאמונע און האבן ביקלאל ארויסגעוויזן מער ענערגיע, זיינען די געשעענישן אויך געקומען אין טאך גענומען אומגעריכטערהייט, און אויך זיי זיינען ניט געשטאנען אף דער הויך פון דער אויפגאבע. עס איז גענוג צו זאגן, אז די אנפירנדיקע ראלע אין דער רעוואלוציע פון 18-טן מארט האט געהערט אדער, בעסער געזאגט, איז אויסגעפאלן אפן כיילעק פונם צענטראל-קאמיטעט פון דער נאציאנאלער גווארדיע, דאס הייסט, פון אן ארגאניזאציע, וואס איז אויפגעקומען צופעליק, אינם שטורמווינט פון די געשעענישן, וואס איז באשטאנען פון מענטשן, וועלכע זייען פלוצלונג ארויסגעווארפן געווארן אפן אויבנאויף, און וואס זיינען ביז דעמאלט אין דער מערהייט געשטאנען אין א זייט פון פאליטישן קאמף. עס איז נאטירלאך, אז בא אזעלכע באדינגונגען איז די רעוואלוציע פארגעקומען אן יעדער אנפירונג, אין פולשטענדיקער אומארדנונג און אן יעדער ארגאניזאציע. קיין איין מאסמיטל

איז פון קיינעם פריער ניט באהאנדלט געווארן, קיין איין פלאן ניט אנגעמערקט געווארן. עס איז קיין גרינגערע זאך ניט געווען, ווי פארכאפן די מיטגלידער פון דער רעגירונג, די פארשטייער פון דער העכערער ביוראקראטיע און פון דער גרויסבורזשואזיע, פארהאלטן און אנטוואפענען דעם פאריזער גארניזאן. נאר קיין זאך פון דעם איז ניט געטאן געווארן. די מיניסטא־ן איז דערלויבט געווארן פריי ארויסצופארן פון פאריז און ארויסצופירן פון דארטן דאס מיליטער. די העכסטע קאמאנדע איז איבערגעגעבן געווארן דעם געוועזענעם פלאץ־אפיצער ליוליע, וואס האט אפילע באפרייט די פארהאלטענע אפיצערן. עס איז ניט בלויז ניט פארגענומען געווארן קיין באלדיקער אנגריף אף ווערסאל, וואס איז דעם ערשטן מאמענט געווען לאכלוטן שוצלאז, נאר עס איז אפילע ניט פארנומען געווארן דער פארט מאן־וועלעריען, וואס האט געהערשט איבער דעם וועג פון פאריז קיין ווערסאל. ליוליע האט זיך באגענוגנט מיט אן „ערן־ווארט" פונם קאמענדאנט פונם פארט, אז ער וועט „אפהיטן נייטראליטעט", — מיט א ווארט, וואס איז, פארשטייט זיך, ניט אפגעהיט געווארן.

האבנדיק אין זיין רשות 300 טויזנט ביקסן און 2 טויזנט הא־מאטן, האט דער צענטראל־קאמיטעט קיין זאך ניט פארגענומען. ער האט זיך געפונען אונטער דער מאכט פון א פארלאמענטארישער פיקציע. אין דער צייט פון א רעוואליוציע האט ער געטראכט וועגן בורזשואזער „געזעצלאכקייט" און אינם סאמע אנטשיידנסטן מאמענט האט ער באשלאסן צונויפצורופן די וויילער צו די וואלן אין דער קאמונע, וואס זי וועט שוין קלוימערשט אננעמען אלע נויטיקע מיטלען. דאס איז געווען אן אנערקענונג פון אייגענער אנמאכט און פארלארנקייט. נאר פונקט אזעלכע אייגנשאפטן האבן ארויסגעוויזן אויך די איבעריקע ארגאניזאציעס.

ביקלאל האבן די פיקציעס פון בורזשואזן „דעמאקראטיזם" און בורזשואזער „געזעצלאכקייט" געבראכט פיל שאדן דער קאמונע, פאראליזירנדיק די אנטשלאסנקייט פון אירע מאסים (באזונדערס פון די ערשטע, און דעריבער די סאמע וויכטיקסטע) און שטערנדיק איר אפצושלאגן מיט ערפאלג די אינטריגעס פון די סאנים. וואס פאר א רייד האט געקענט זיין וועגן אפהיטן געזעצלאכקייט, אז די קאמונע אליין איז, פון בורזשואזן שטאנדפונקט געווען א פאשעטער בונט קעגן דער „אייבערהערשאפט פונם פאלק" און א דורכאויסיקע אומגעזעצלאכקייט? וואס פאר א רייד האט געקאנט זיין וועגן „פרייהייטן", אז די קאמונע איז פון אלע זייטן געווען ארומגערינגלט פון אומבראבמאגעסדיקע סאנים, וואס האבן ניט אפגעהיט בעניוגייע צו איר קיינע שום נארמעס פון געזעצלאכקייט? סאף קאל סאף, איז דער קאמונע אייסגעקומען, פארשטייט זיך, אפצוווארפן אלע איינגערעדטע און צוויעסדיקע פארמען פון בורזשואזן „ליבעראליזם" און „דעמאקראטיזם". איר איז אויסגעקומען אפצוזאגן דער בייזוויליקער בורזשואזיע אי אין פרייהייט פון פארזאמלונגען, אי אין פרייהייט פון פרעסע (וואס די בורזשואזיע פלעגט איר, פארשטייט זיך, ניט געבן דארטן, ווי זי האט געהאט די מאכט). איר איז אויסגעקומען אויווער צו זיין איבער דער אומבארירלאכקייט פון דער פערזאן פון פארשווערער און פראוואקאטארן און איינצופירן אפילע דעם אינסטיטוט פון ארוועסלייט. נאר דאס איז אלץ געטאן געווארן צו שפעט, ווען די סאנים האבן שוין

באַווייזן צו ברענגען דער קאָמונע פיל שאָדן, און דאָס פּלעגט ניט דורכגעפירט ווערן מיט דער געהעריקער ענערגיע און אויסגעהאַלטנקייט. אויך דאָ האָט דער בונד מיט דער קלײנבורזשואַזיע בליסאָפּעק געבונדן די הענט פון די פאָרשטייער פונם אַרבעטער-קלאַס צום גרעסטן שאָדן פאַרן איניען פון דער רעוואָלוציע.

נאָך לאַנגע פאַרשלעפּענישן זײַנען די וואַלן אין דער קאָמונע פאָרגעקומען דעם 26-טן מאַרט. אין די וואַלן האָבן גענומען אַן אנטײל 47⁰/₀ פון די אַרײַנגעטראָגענע אין די רעשימעס פון ווײַלער און קאָרעוו צו 60⁰/₀ פון די פאַראַנענע; באַזונדערס פיל ווײַלער האָט געשטימט אין די אַרבעטער-קוואַרטאַלן. עס זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן 21 פאָרשטייער פון דער גרויסער און מיטעלער בורזשואַזיע, און 65 פאָרשטייער פון רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע גרופּן: פון זיי האָבן זיך 17 גערעכנט פאַר אינטערנאַציאָנאַליסטן, 8 פאַר בלאַנקיסטן, נאָר דאָס רעוו איבעריקע, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט פאַרשיידענע אומבאַשטימטע ריכטונגען מיט אַ סאָציאַליסטישער באַפאַרבונג, זײַנען אין אַלגעמײן נאָכגעגאַנגען נאָך דער גרופּע בלאַנקיסטן. עס זײַנען, פאַרשטייט זיך, געווען עטלאַכע קאַריעריסטן, וואָס האָבן זיך צוגעשאַרט, אַוואַנטיוריסטן און פּאָשעט מענטשן מיט אַן אומרואיקן כאַראַקטער, וואָס ווערן אַרויסגעוואָרפן אָפּן אויבנאויף דורך יעדער רעוואָלוציאָנערע כוואַליע. די פאָרשטייער פון דער ערשטער גרופּע זײַנען גיך אַוועק פונם ראַטהויז, אַזוי, אַז די נעגאַטיווע זײַט, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם אויפן פון קלײַבן די קאָמונע, האָט זיך טײלווייז פון זיך אַליין פאַרגלעט. נאָר, צום באַדויערן, איז עס פאָרגעקומען צו שפּעט.

צי האָט די קאָמונע געהאַט אַ וואָסער ס'ניט איז באַשטימטע סאָציאַלע פּראָגראַם? אויב די פאַרטייען, וואָס זײַנען אַרײַן אין איר באַשטאַנד, האָבן יעדערע באַזונדער ניט געהאַט אַזאַ פּראָגראַם, איז נאָך ווייניקער קאָן מען ריידן וועגן דער פּראָגראַם פון דער קאָמונע אינגאַנצן גענומען. די דאָקומענטן, וואָס זײַנען פאַרבליבן פון דער קאָמונע, באַווײַזן, אַז זי האָט פון אָנהויב אָן ניט געהאַט אַזאַ פּראָגראַם, האָט אויך ניט באַוויזן אויסצואַרבעטן זי אין משך פון איר קורצער און שטורמישער טעטיקייט. און זי האָט טאַקע קיין צײַט ניט געהאַט פאַר אַזאַ אַרבעט.

אַף וויפל די טוער פון דער קאָמונע האָבן פאָרמולירט די פּראָגראַם פון זייער פאָרשטייענדיקער טעטיקייט, האָט זי געטראָגן אַ זייער מעסיקן כאַראַקטער. דער צענטראַל-קאָמיטעט פון די צוואַנציק קרייזן, וואָס האָט זיך פאַראייניקט מיט די אינטערנאַציאָנאַליסטן, האָט פאַרעפנטלאַכט ערעוו די וואַלן אין קאָמונע אַ וואַל-פּראָגראַם, וואָס איז געווען צונויפגעשטעלט אינגאַנצן אין אַ פּרודאָניסטישן גײַסט. דאָ האָט זיך גערעדט וועגן דער קאָמונע, ווי וועגן אַ גרונט-קעמערל פון דער מלוכע, וועגן דאָס רעכט פון די קאָמונעס צו פעדערירן זיך צווישן זיך קדיי צו בילדן די נאַציע, וועגן דער אווטאָנאָמיע פון די קאָמונעס, וועגן פרײַהײַטן, אַלגעמײנער אָפּשטימונג, וועגן דעם וואַל-כאַראַקטער פון אַלע אַמט-פּערזאָנען, וועגן דער אָפּשאַפונג פונם ביודזשעט פון עמונעס, דאָס הייסט וועגן אָפּטיילן די קירכע פון דער מלוכע, ספּעציעל פאַר פּאַריז—וועגן דער פאַרניכטונג

פון דער פאליציי-פרעפעקטור, וועגן פארבייטן די שטענדיקע ארמיי דורך דער נאציאנאלער גווארדיע, וואס קלייבט זעלבשטענדיק אוים אירע שעפן, וועגן איינפירן וועלטלאכע אלגעמיינע און פראפעסיאנעלע בילדונג, וועגן אלגעמיינער אסעקוראנץ, בעסויכאם אויך פון ארבעטסלאזיקייט און פון באנקראט (א קליינבירגערלאכע פאדערונג). און, לעסאף, וועגן אויסזוכן מיטלען צו געבן דעם פראדוצירער קאפיטאל, ארבעטס-געצייג, אפזאץ און קרעדיט. אף אזא אויפן האבן זיך די אוטארן פון דער פראגראם מוידע געווען, אז זיי אליין ווייסן ניט די דאזיקע מיטלען, און די גאנצע פראגראם טראגט בוילעט דער איקער א קליינבירגערלאכן כאראקטער און אנטהאלט קימאט גארנישט ניט ספעציפיש פראלעטארישעס.

פונקט אזא אומקלארן כאראקטער טראגט אויך די דעקלאראציע פון דער קאמונע, איר מאניפעסט, מיט וועלכן זי האט זיך געווענדעט צום לאנד, קדיי קלאר צו מאכן אים אירע פרינציפן. אנגענומען געווארן קימאט אן וויקוכים אף דער אומטדיקער זיצונג, רעדט דער מאניפעסט באאריכעס וועגן דער אווטאנאמיע פון די קאמונעס און זאגט קימאט קיין איין ווארט ניט וועגן דעם סאציאלן זינען פון קאמף, וואס האט זיך אנגעהויבן. דער איינציקער נעפלדיקער רעמעז וועגן דעם ציל פון די קאמונארן איז אויסגעדריקט אין זייער א פארזיכטיקער פארם: „פאריז לאזט איבער פאר זיך דאס רעכט צו שאפן אנשטאלטן, וואס זאלן קאנען מאכן פאר א געמיינזאם איינגנטום די מאכט או דאס איינגנטום אין העסקעם מיט די באדערפענישן פונם מאמענט, מיט די וואונשן פון הי פאראינטערעסירטע און מיט די פאקטן, וואס זיינען גענומען געווארן פון דער פראקטיק“.

פונקט אזא אומבאשטימטן כאראקטער טראגט אויך די פראקטיק פון דער קאמונע. אז דאס ראוו מיטגלידער פון דער קאמונע זיינען געווען נויטע צום סאציאליזם, האגאם בא אסאך פון זיי איז עס געווען אינסטיקטיוו און ניט קלאר באנומען — אין דעם איז קיין סאפעק ניטא. אל קאל פאנים האבן די ארבעטער-מאסן, וואס זיינען געשטאנען הינטער זיי, אומקלאר געשטרעבט צו א סאציאלער רעוואליוציע. די מאכלויקעסן וועגן קאמונאלער אווטאנאמיע און וועגן פעדעראליזם האבן זיי ווינציק וואס אינטערעסירט, און אויב עס האט זיי יא אינטערעסירט, איז נאר אף אזוי פיל, אף וויפל דאס איז געווען פארבונדן מיט זייערע סאציאלע פאדערונגען. די ערשטע צייט, ווען עס האט זיך נאך געהאלטן דער בונד מיט דער קליינבורזשואזיע, און די קאמונארן האבן זייער שטארק געהאלטן פונם דאזיקן בונד, איז צוליב דיפלאמאטישע טאימים, צוליב דער מוירע אפצושטויסן פון זיך אט דעם ווערטפולן פארבינדעטן, האבן אייניקע פון זיי אויסגעדריקט זיך זייער פארזיכטיק. עס איז גאנץ מעגלאך, אז דער מאניפעסט פון דער קאמונע איז געווען צוזאמענגעשטעלט אין אזא בעקיוון איינגעהאלטענעם טאן טאקע צוליב דעם, קדיי ניט אפצושרעקן די פויערים, צו וועלכע דער מאניפעסט האט זיך דער איקער געווענדעט. נאר צום מיטן אפרעל איז קלאר געווארן, אז די קליינבורזשואזיע איז אין דער מאסע אוועק פון דער קאמונע: דאס האבן, אגעוואורכע, באוויזן די דערגאנצונגס-וואלן, אין וועלכע

עס האבן גענומען אן אנטייל נאר ארבעטער. פון הײנט אן זײנען נאר די פראלעטאריער געשטאנען הינטער דער קאמונע און האבן זי פארמײדיקט אף די פאדערשטע פאזיציעס. הײסט עס, אז איצט האט די פראגע וועגן סאציאלער איבעראנדערשונג נאך מער געדארפט ארויסגערוקט ווערן אפן ערשטן פלאן — און ניט אין דעקלאראציעס (פאר דעקלאראציעס האט די קאמונע ניט געהאט ניט קײן צײט, ניט קײן כײשעק), נאר אין איר פראקטיק, אין אירע מאיסים. דאך האט די קאמונע אויך אין דעם געביט אויפגעטאן זײער ווינציק און האט ניט באוויזן קלאר צו מאכן איר עמעסן פאנים.

די פראגראם פון דער קאמיסיע פאר ארבעט און אויסטויש טראגט ניט קײן כאראקטער פון אן אקציאנס-פראגראם, נאר פון שטודירן און אויספארשן. דאס איז א פראגראם פון זאמלען סטאטיסטישע ידיעס איבער א פראגע, וואס איז נאך ניט קלאר פאר די, וואס האבן צונויפגעשטעלט די פראגראם. דער בײרעדט זיך דארט וועגן די פארהעלטענישן צווישן ארבעטער מיט זײערע באלעבאטים. קומט אויס, הײסט עס, אז אויך אין דער קאמונע וועלן זײן באלעבאטים, לעבאלאפאכעס אין מעשעך פון אן אומבאשטימטער צײט. נאר, אזוי אדער אנדערש, האט די קאמונע אנגענומען א רײ באשטימונגען, וואס באווײזן, וועלכע זײנען געווען אירע עמעסע סימפאטיעס און אין וואס פאר א זײט וואלטן געגאנגען אירע באמיאונגען, ווען זי וואלט באוויזן אײנצוהאלטן זיך לאנג.

די דירעס פראגע איז געלײזט געווארן אין דעם זין, אז ס'איז אפגעשאפט געווארן דירע-געלט פון אקטיאבער ביז אפרעל, און דאס שוין אײנגעצאלטע דירע-געלט איז פארעכנט געווארן אפן כעשבן פון די צוקונפטיקע ראטעס. (נאר די הײזער זײנען ניט סאציאליזירט געווארן). די טערמיניקע כווועס איז דערלויבט געווארן אײנצוצאלן אין א מעשעך פון דרײ יאר און דערבײ איז פאר אט דער צײט ניט ארויפגערעכנט געווארן קײן פראצענטן (נאר דאס דאזיקע מיטל, וואס איז וויכטיק פאר דער קלײנבורזשואזיע איז, צום בעדויערן, אנגעקומען צו שפעט). דעם 29-טן מארט איז פארווערט געווארן די לאמבארדן צו פארקויפן די פארמאשקנטע בא זײ זאכן, נאר ס'איז ניט באשלאסן געווארן אומצוקערן זײ זײערע אײגנטימער. ערשט דעם 25-טן אפרעל איז באשלאסן געווארן אומצוקערן די זאכן ביז 20 פראנק, נאר אויך דער דאזיקער דעקרעט איז געקומען צו שפעט. צווישן אנדערע מיטלען פון דער קאמונע דארף מען אנווײזן אף דער אפשאפונג פון שטראפן און אפן פארבאט פון נאכט-ארבעט אין די בעקערײען. דאס אײנציקע מאס-מיטל פון דער קאמונע, וואס איז לעפאכעס טײלווײז געווען באפארבט מיט א סאציאליסטישן כאראקטער, איז געווען דער דעקרעט פון 16-טן אפרעל, וואס האט פארארדנט איבערצושרײבן די ווארשטאטן, וואס די באלעבאטים האבן אוועקגעווארפן, כדי איבערצוגעבן זײ ארבעטער-אסאציאציעס מיטן צוועק ווידער אנצוהויבן ארבעטן דארט. דערבײ האט מען געהאט בעדײע צו באלוינען אין דער צוקונפט די באלעבאטים פון די דאזיקע אונטערנעמונגען. נאר אין א באלאגערטער

שטאט קאנען אזעלכע מאסמיטלען אנגענומען ווערן אן יעדע סאציאליסטישע צילן.

און דאך האט די קאמונע געטראגן א סאציאליסטישן כאראקטער. עמעס זי האט קימאט גארנישט ניט באוויזן אויפצוטאן אינם געביט פון איבעראנדערשן די אייגנטום-פארהעלטענישן. נאר אירע סימפאטיעס זיינען געווען אפן צאד פונם פראלעטאריאט — נאך מער, זי איז אליין געווען א קינד פונם דאזיקן פראלעטאריאט. די קאמונע איז געווען די ערשטע פארם פון הערשאפט פונם ארבעטער קלאס. אין פראצעס פון איר קאמף און אנטוויקלונג וואלט זי זיך אומפארמיידלאך געשטעלט אפן וועג פון ברייטע עקספראפריאציעס און וואלט געשטעלט פאר זיך די פראגע וועגן דער פולשטענדיקער באפרייאונג פון די ארבעטער דורך איבערבויען די געזעלשאפט אף סאציאליסטישע יעסודעס. אט אזא איז געווען איר היסטארישער זינען, און די ווערסאלער זיינען אין טאך גענומען געווען גערעכט, ווען זיי האבן געשריען וועגן די קאמוניסטישע טענדענצן פון דער קאמונע. ניט אלע מיטגלידער פון דער קאמונע האבן זיך אפגעגעבן א קלארן דין וואכעשבן אין דעם, און זי אליין האט ניט באוויזן צו פארווירקלאכן אירע אויפגאבן, ווייל זי האט עקסיסטירט א צו קורצע צייט און איז מיט געוואלט דערשטיקט געווארן דורך דער בורזשואזער קאנטער-רעוואליוציע. נאר אי די בורזשואזיע, אי דער פראלעטאריאט האבן פארשטאנען די באדייטונג פון דער קאמונע אלס פונם ערשטן אנטשלאסענעם פרואוו צו דערשלאגן זיך די פולשטענדיקע באפרייאונג פונם ארבעטער קלאס.

די קאמונע האט עקזיסטירט עטוואס מער פון צוויי כאדאשים. אט די גאנצע צייט איז זי געווען געצוואונגען צו פירן א ביטערן קאמף פאר איר עקזיסטענץ. און דערביי האט זי זיך געקאנט פארלאזן נאר אף אירע אייגענע קויכעס. די פראווינץ האט זיך שוואך אפגערופן אף אירע פארצווייפלטע רופן. דער פראלעטאריאט איז אומעטום נאך געווען צו שוואך און ניט ארגאניזירט. די פרואוון אויפציהייבן אויפשטאנדן אין די פראווינציעלע שטעט (אין ליאן, מארסעל, סענט-עטיען, קרעזא, טולוזע, נארבאנע) זיינען גיך דערשטיקט געווארן, און פאריז איז געבליבן איינזאם. און די בורזשואזיע האט געהאט הינטער זיך ניט נאר גאנץ פראנקרייך, נאר אויך די הילף פון דער אויסלענדישער בורזשואזיע. ביסמארק האט זיך צוגעאיילט צו באפרייען פון דייטשישער געפאנגענשאפט 100 טויזנט פראנצויזישע סאלדאטן, וואס האבן געבילדעט דעם קערן פון דער ווערסאלער ארמיי. פון אלע עקן לאנד האט מען געזאמעלט קיין ווערסאל פאליציסטן און זשאנדארמען, וואס פלעגן בילדן קאדרען, אין וועלכע עס פלעגן זיך אריינגיסן די אנקומענדיקע פארשטארקונגען. די רעכילעסדיקע אגיטאציע פון דער בורזשואזער פרעסע, וואס פלעגט פארשטעלן די קאמונארן אלס א באנדע ראצכים און רויבער, וואס האבן אויפגעהויבן א בונט אין די אינטערעסן פון אויסלענדער, און וואס האט זיי געשענדעט אלס אגענטן פון פרייסן, האבן מיטגעהאלפן דער פארביטערקייט פון דער באפעלקערונג און פון דער ארמיי קעגן די פאריזער. און צוליב דער איזאלירטקייט פון פאריז, וואס איז געווען

אפגעשניטן פונם לאנד, איז א קאנטר אגיטאציע געווארן אוממעגלאך. און צום באדויערן, האט די קאמונע ווינציק אויפמערקזאמקייט אפגעגעבן אט דער זייט פון דער זאך.

אז זיי האבן זיך צונויפגעקליבן מיט די קויכעס, האבן די ווערסאלער אנגעהויבן אנצוגרייפן אף פאריז. אנטקעגן טיערס פילצאליקע און דיסציפלינירטע ארמיי האט די קאמונע געקאנט אנטקעגנשטעלן קלענצאליקע, שלעכט-דיסציפלינירטע און נאך ערגער אנגעפירטע טיילן. פאריז, וואס וואלט געקאנט ארויסשטעלן דריי הונדערט טויזנט קעמפער, האט אין דער ווירקלאכקייט גע-האט אף דער פייער-ליניע ניט מער פון פינף—זעקס טויזנט מאן, און דערביי קימאט אלץ אײנע און די זעלביקע. די קליינבורזשואזיע איז איינגיבן אוועק פון דער קאמונע, נאר אויך דער פראלעטאריאט האט ניט ארויסגעוויזן קיין גרויסן כיישעק צו שלאגן זיך. נאר, אויב אימיצער האט זיך יא געשלאגן, זיינען עס געווען די ארבעטער פון די פארשטעט, דער איקער, פון בעלוויל. די העכערע קאמאנדירן פלעגן זיך בייטן איינער נאכן אנדערן, און די אומארדענונג, וואס האט געהערשט אין מיליטערישן אמט, פלעגט וואקסן יעדעס מאל, ווען עס פלעגן זיך בייטן די קאמאנדירן. אינעווייניק האט געהערשט סאבאטאזש און פארראט, און בא דער פולשטענדיקער אומפייאיקייט פון די מיטגלידער פון דער קאמונע בייצוקומען די לאגע, איז דער אויסגאנג פונם אומגלייכן קאמף געווען באשטימט פון פריער.

דעם 21-טן מאי האט א פאררעטער אנגעוויזן די סאלדאטן אן אומפאר-טיידיקטן אריינגאנג פון דארעם-זייט פון פאריז. דער דאזיקער ארט איז פון קיינעם ניט באוואכט געווארן [1]). אין עטלאכע שא ארום זיינען שוין אריין אין שטאט פיר דיוויזיעס ווערסאלער. אינם מאמענט פון דער סאקאנע האט אויפ-געוואכט די אלטע העלדישקייט פונם פאריזער פראלעטאריאט. נאר עס איז שוין געווען שפעט; איצט האט מען נאר געקאנט אומקומען מיט קאווער. אין א מעשעך פון דריי טעג האט געדויערט דער פארצווייפלטער קאמף פון די קליינע אין צאל פארטיידיקער פון דער קאמונע מיט דער 150 טויזנטיקער ארמיי פון די ווערסאלער, וואס איז געווען באוואפנט מיט אלע פארניכטונגס-מיטלען.

דעם 27-טן מאי זיינען געפאלן די לעצטע פעסטונגען פון דער קאמונע. עס זיינען איינגענומען געווארן די הויכן פון בעלוויל און עס איז איינגעארדנט געווארן די הארינגע אפן בייסאוילאם פער-לאשעז [2]). דעם 28-טן מאי איז דער

---

[1]) אף וויפל גרויס ס'איז געווען די אומארדענונג אין דער קאמונע, איז צוזעען פון דעם, וואס די גרויזאמע ארטילעריע וואס איז געווען אוועקגעשטעלט אף די הויכן פון מאנמארטר, האט געשוויגן אין דעם סאמע אנטשיידענעם מאמענט. דאס ראוו הארמאטן זיינען איבערגעפירט גע-ווארן דורך איינעם א פאררעטער. די רעוואליוציאנערע פעסטונג, אף וועלכע עס האט אזוי געהאפט די קאמונע, האט זיך אונטערגעגעבן קימאט אן א שלאכט.

[2]) צום ארט פון דער דאזיקער הארינגע („די וואנט פון די קאמונארן" אדער „פון די פעדעראליסטן") קומט פאר יעדן יאר א פייערלאכע אוילע-רעגל זיין פון די פאריזער ארבעטער

קאמף פארענדיקט געווארן. דער לעצטער שאס האט אפגעקלונגען 2 א זייגער באטאג. דערנאך האט זיך אנגעהויבן די נעקאמע.

אייגנטלאך האט זיך דאס נעקאמע נעמען אנגעהויבן גלייך פון ערשטן מאמענט ווי די ווערסאלער זיינען אריין קיין פאריז, ריכטיקער, האט עס זיך אנגעהויבן נאך פריער, ווייל די ווערסאלער פלעגן געהיינטלאך שיסן די פארכאפטע אין געפיינגעניש קאמונארן. אזוי זיינען אומגעקומען פלוראנס, דיוואואל און אנדערע גלייך באם אנהויב פון די קריגס-אפעראציעס צווישן פאריז מיט ווערסאל. אלס ענטפער אף די דאזיקע ווילדקייטן האט די קאמונע ארויסגעגעבן דעם 6 — טן אפרעל א דעקרעט וועגן ארוועס-לייט, דערקלערנדיק, אז פאר יעדן דערהארגעטן דורך די ווערסאלער קאמונאר וועט דערשאסן ווערן לויטן גוירל דריי ארוועס-לייט פון די ארעסטירטע קאנטר-רעוואליוציאנערן. נאר די מענשנליבע פון דער קאמונע איז געווען אזוי גרויס, אז דער דאזיקער דעקרעט איז געבליבן א טויטער אם די גאנצע צייט וואס די קאמונע האט עקסיסטירט. נאר אינם לעצטן מאמענט, ווען די ווערסאלער האבן זיך שוין אריינגעריסן אין שטאט און זיינען געגאנגען פאראויס, באדעקנדיק זייער וועג מיט קערפערס פון נאציאנאלע גווארדייער, פון פרויען און קינדער, נעמלאך, דעם 26-טן מאי, זיינען צעשאסן געווארן 48 ארוועסלייט, דער איקער, שפיאנען און זשאנדארמען, מיט 2 טעג פריער, דעם 24 מאי, זיינען צעשאסן געווארן 6 ארוועסלייט, בעסויכאם דער פאריזער ארכיי-עפיסקאפ דארביא, וואס די קאמונע האט אומזיסט פארגעלייגט טיערן אויסצובייטן אים אף בלאנקי.

וואס פאר א באטרעף האבן די דאזיקע קארבאנעס אין פארגלייך מיט די העקאטאמבעס, וועלכע עס האט אנגעווארפן די צעווילדעוועטע בורזשואזיע? טיעהם רעגירונג האט זיך אליין מודע געווען אין 14 טויזנט הארוגעם. נאר אין דער עמעסן איז די צאל קארבאנעס געווען פיל גרעסער. די הארוגעם האבן אויפגעהערט נאר דעמאלט, ווען פון די טויטע קערפערס, וואס מע פלעגט ניט באוויזן אפצוראמען, איז אנשטאנען די געפאר פון א עפידעמיע. נאר אז עס האבן אויפגעהערט די מאסן הארוגעם האבן ניט אויפגעהערט די איינצעלנע. די מיליטערישע געריכטן האבן געארבעט עטלאכע יאר, ארויסטראגנדיק אומבראכמאנעסדיקע פסאקדינים. ניט ווינציקער פון 45 טויזנט מאן, בעסויכאם פרויען און קינדער, זיינען ארעסטירט געווארן. העכער טויזנט פון זיי זיינען אומגעקומען אין די שרעקלאכע באדינגונגען, אין וועלכע מע האט זיי געהאלטן; 270 מאן זיינען פארמישפעט געווארן צו טויט שטראף, 410 צו קאטארגע; אין פארשיקונג, פעסטונג און טפיסע איז אוועקגעשיקט געווארן קארעוו צו 9 טויזנט מאן און א. וו. גאנצע צעבן זיינען כארעוו געווארן, גאנצע קווארטאלן פון פאריז זיינען געבליבן אן מענטשן, נאר א קליינע צאל פון די פירער פון דער קאמונע האט זיך איינגעגעבן צו ראטעווען זיך.

דאס דאזיקע אכזארישע נעקאמע נעמען האט ווידער אף א יארצענדליק אפגעווארפן דעם פראנצויזישן פראלעטאריאט פון דער פאליטישער ארענע. נאר דאס האט געמאכט דערפאר דעם אנדיינק וועגן די מארטירער פון דער קאמונע הייליק אינם הארצן פונם אינטערנאציאנאלן פראלע-

טאריאט. דער לעצטער האט איינגעזעען אין דער פאריזער קאמונע זיין אייגענע זאך. און ער איז געווען גערעכט.

און וואס באשטייט די גרויסע היסטארישע באדייטונג פון דער רעוואלוציע פון 18-טן מארט? אין דעם, וואס זי איז געווען דער ערשטער פרואוו פונם פראלעטאריאט צו נעמען די מאכט אין זיינע הענט און אויסנוצן דעם מעכאניזם פון דער מלוכע, וועלכער איז ביז דעמאלט געווען א געצייג צו אונטערדריקן דעם ארבעטער-קלאס, אלס א געצייג פאר זיין באפרייאונג. דאס איז געווען די ערשטע פראלעטארישע רעגירונג. ווען זי וואלט זיך אפילע לעבאטבילע ניט געשטעלט פאר א ציל די געזעלשאפטלאכע איבערבויאונג, וואלט זי זיך אינם פראצעס פונם קאמף אומפארמיידלאך געשטעלט אף א קאמוניסטישן וועג. ווייל דער פראלעטאריאט קאן ניט האלטן אין זיינע הענט די מלוכע-מאכט און בלייבן אין דער אייגענער צייט אן עקאנאמיש פארקנעכטעטער קלאס, ער קאן ניט איבערלאזן אין די הענט פון די קאפיטאליסטן די מיטלען פון פראדוקציע און עקספלואטאציע. די בורזשואזיע האט עס אויסגעצייכנט פארשטאנען, און אט פארוואס זי איז מיט אזא האס ארויסגעטראטן קעגן דער קאמונע.

די קאמונע איז ניט געווען קיין ראטן-ארגאניזאציע, דאס הייסט קיין ארגאניזאציע פונם ארבעטער-קלאס, לויט דער פארם. אין איר יעסאד איז געווען אלגעמיינע אפשטימונג אן אונטערשייד פון קלאסן. דאס איז געווען איר פעלער, וואס דערקלערט זיך מיט דער ווירקונג פון די נאך ניט אויסגעלעבטע דורכן פראלעטאריאט אילוזיעס. די ווירקונג פונם ריינעם, ניט פארקריפלטן אלגעמיינעם וואלרעכט איז נאך ניט געווען אויסגעפרואווט אין א געננגנדיקער מאס דורכן פראלעטאריאט, און אים האט זיך געדוכט, אז נאר דאס דאזיקע וואלרעכט קאן דינען אלס א געצייג פון זיין באפרייאונג. פאקטיש איז די קאמונע סאף קאל סאף געווארן א פארשטייערין נאר פונם ארבעטער-קלאס, ווייל די דעלעגאטן, וואס האבן פארגעשטעלט די בורזשואזע גרופן זיינען אוועק פון איר. נאר אין פאריז גופע האט דער ניט ריכטיקער פרינציפ, וואס זי האט אנגעווענדעט, געבראכט שאדן דעם איניען, ווייל ער האט פאראליזיאט אף די ערשטע וואכן איר ארבעט. און אין דער פראווינץ, ווען זי וואלט געווען נאכגעגאנגען נאך דער קאמונע, וואלט ער געבראכט נאך מער שאדן, ווייל דארטן איז די האשפאע פון די גוטבאזיצער, פון דער בורזשואזיע און פון די גאלאכים געווען נאך שטארקער, און ער וואלט נאך מער פארקריפלט די פארשטייערשאפט פון די ארבעטנדיקע אין די קאמונאלע אנשטאלטן.

אבוץ דעם, האט דער אויפן פון פארשטייערשאפט לויט ריין געאגראפישע טיילונגען, לויט קרייזן, ניט געגעבן די מעגלאכקייט, עס זאל זיך איינשטעלן יענער אייגער אינטימער צוזאמענבונד צווישן דער מאסע ארבעטער מיט זייערע פארשטייער, וועלכער איז נויטיק געווען אין אזא פאראנטווארטלאכע צייט. דער דאזיקער כיסארן פלעגט טיילווייז באזייטיקט ווערן דורך דער ארבעט פון די דעלעגאציעס [1]) און פון די קאמיסיעס פון דער קאמונע, אין וועלכע עס

---

[1]) די דעלעגאציעס פון דער קאמונע האבן אנטשפראכן אונזערע פאלקס-קאמיסאריאטן.

האבן גענומען אן א נטייל ארבעטער-פארשטייער. די אלטע ביוראקראטיע האט דורכגעפירט אן אלגעמיינעם שטרייק קעגן דער קאמונע, ניט דערקלערנדיק אים אפן: זי האט פאשעט סאבאטירט. די ארבעטער איז אויסגעקומען צו נעמען אף זיך די הויפט-ארבעט. ניט שאנעווענדיק זייערע קויכעס, האבן זיך אומגעניטע ארבעטער איינגעשפאנט אין וואו און האבן באוויזן, אז דער אוואנגארד פונם פראלעטאריאט איז שוין פייאיק אנצופירן מיט די איניאנים פון אברייטן קאלעקטיוו און דערביי בא די סאמע שווערע אומשטענדן. אין דער צייט פון דעת קאמונע איז די פארוואלטונג אין פאריז געווען ניט קיין ערגערע, ווי אין די בעסטע צייטן פון דעת הערשאפט פון דעת בורזשואזיע, און צו דעם איז זי נאך געווען א מער שפארעוודיקע. אגעוואורכע, האט די קאמינע דורכן דעקרעט פון 1-טן אפרעל באשטימט, אז דעה געהאלט פון אירע אנגעשטעלטע טאר ניט זיין מעה פון 500 פראנק א כוידעש און האט מיט דעם באזייטיקט די שרייענדיקע אומגלייכקייט, וואס ליגט בעטעווע פון אלע פריערדיקע אהדענונגען.

אין א מעשעד פון צוויי כאדאשים האט דער קאלאסאלער מעכאניזם פון פאריז פונקציאנירט, א דאנק די באמיאונגען פון מענטשן וואס זיינען גענומען געווארן פון די פאבריקן, ווארשטאטן און פון קאנטאר-טיש. דאס ראוו פון זיי האט אויך געשטאמט פון די רייען פונם אינטערנאציאנאל. די דאזיקע מענטשן האבן אי אין די קאמיסיעס פון דער קאמונע, אי אף פאראנטווארטלאכע פאסטנס ארויסגעוויזן אלע ארגאניזאטארישע און אדמיניסטראטיווע טאלענטן, וואס ליגן בעטעווע פון ארבעטסלייט. אזוינע זיינען געווען: דער דעלעגאט פאר ארבעט און אויסטויש פרענקעל, דער דעלעגאט פון דער אינטענדאנץ ווארלען, פאר פינאנצן זשורד, דער פאסט-דירעקטאר טייס, דער דירעקטאר פונם מאטבייעס-הויף קאמעלינא און א. וו. און יענע קליינע צאל סאציאלע מאסמיטלען, וואס זיינען דורכגעפירט געווארן דורך דער קאמונע, זיינען דורכגעפירט געווארן דער איקער א דאנק דער ווירקונג פון אט די ארבעטער, באזונדערס א דאנק דער ווירקונג פונם אינסטיטוט פון באפולמעכטיקטע פום אינטערנאציאנאל בא דער קאמונע, וואס האט זיך שפעטער פארוואנדלט אין א שטענדיקע דעלעגאציע פונם פעדעראל-ראט בא דער קאמונע.

די פאן פון דער קאמונע איז געווען די רויטע פאן פונם פראלעטאריאט, די פאן פון דער סאציאלער רעוואליוציע, וואס איז אפגעווארפן געווארן פון דער בורזשואזער דערווייליקער רעגירונג אין 1848-טן יאר און וואס איז אנגענומען געווארן פונם ניצאכנדיקן פאלק. די זעלבע פאן איז אויך געווארן די אלוועלטלאכע פאן פונם ארבעטער קלאס. און די קאמונע איז טאקע געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פונם אינטערנאציאנאליזם. דעם עקסטן פאטריאטיזם פון איניקע מיטגלידער פון דער קאמונע טאר מען ניט צונויפמישן מיטן געוויינטלאכן פאטריאטיזם פון דער בורזשואזיע. זיי האבן געהאסט די דייטשישע באצווינגער ניט אלס דייטשן, נאר אלס אינטערדריקער, אלס סאנים פון דער סאציאלער רעוואליוציע. מיט פעלקער אבער האט זיך די קאמונע געהאלטן פאר סאלידאריש. אין די רייען פון אירע פארטיידיקער האט זי צוזאמען מיט

פראנצויזן דערלאזט אויסלענדער, אויב נאר די דאזיקע אויסלענדער זיינען געשטאנען אפן באדן פון סאציאליזם. די פאליאקן דאמבראווסקי און ווראבלעווסקי האט זי פארטרויט די קאמאנדע איבער אירע באוואפנטע קויכעס, דעם אונגאר פרענקעל—דאס מיניסטעריום פאר ארבעט. און קדיי באשיימפערלאך צו באווייזן דער גאנצער וועלט, אז זי איז פאר אלגעמיינע ברודערשאפט פון פעלקער און באציט זיך מיט א גלייכן עקל צו „מיליטערישן רום", א פראנצויזישן אדער אן אנדערן, האט די קאמונע באשלאסן דורכן דעקרעט פון 12-טן אפרעל צו צעשטערן דעם וואנדאמער זייל, וואס איז אויפגעבויט געווארן צום אנדיינק פון די נאפאלעאנישע ניצכוינעס. אראפווארפנדיק אט דעם „סימוואל פון דעספאטיזם", האט די קאמונע געוואלט מיט דעם אויפווייזן איר איינרייסן מיטן מיליטאריזם און איר סאלידאריטעט מיט אלע אונטערדריקטע פעלקער. דער וואנדאמער פלאץ האט באקומען דעם נאמען אינטערנאציאנאלער.

דער איקערדיקער כיסארן פון דער דאמאלסדיקער פראנצויזישער ארבעטער באוועגונג, וואס האט באדינגט די שוואכקייט פון דער קאמונע און איר מאפאלע, איז געווען דאס אויספעלן פון א פאליטישער פארטיי פונם פראלעטאריאט. עס איז ניט געווען ווער עס זאל פאראייניקן אינאיינעם אלע צעבראקעלטע אקציעס, אריינטראגן אין זיי פלאנמעסיקייט, פאראויסזען דעם גאנג פון די געשעענישן, ארגאניזירן אלע קויכעס, אננעמען גיכע און צוועקמעסיקע באשלוסן, פארמולירן די אומקלארע שטרעבונגען פונם ארבעטער קלאס, באפרייען אים פון אונטער דער ווירקונג פון בורזשואזע אידייען, געבן אים א פראגראם און זען, אז זי זאל דורכגעפירט ווערן, אריינטראגן די נויטיקע דיסציפלין—מיט איין ווארט אויסלערנען דעם פראלעטאריאט אויסצונוצן די מאכט, וואס איז אנגעקומען אין זיינע הענט, און פירן אים צו א ניצאכן. דאס אויספעלן פון אזא באוואוסטזיניקער און אנטשלאסענער קראפט האט זיך געפילט אף יעדן טריט. נאר ס'איז געווען אוממעגלאך צו שאפן זי אינם פראצעס פון דער מילכאמע. זי האט געזאלט שוין זיין פאר דער רעוואלוציע. דעמאלט וואלט די רעוואלוציע נופע ניט געווארן אזא סטיכישע, און איר גאנצער גאנג וואלט אנגענומען א גאנץ אנדערן כאראקטער. דורך דעה ביטערער דערפארונג איז דער פראנצויזישער פראלעטאריאט געקומען צום געדאנק וועגן דער נויטיקייט פון אזא פארטיי, און האט פאר וואס דאס ראוו לעבן געבליבענע מיטגלידער פון דער קאמונע האט זיך אנגעשלאסן אנם מארקסיסטישן פליגל פונם אינטערנאציאנאל אין זיין קאמף מיטן אנארכיזם, וואס האט אפגעלייקנט די נויטיקייט פון א צענטראליזירטער פארטייאישער ארגאניזאציע און פונם פאליטישן קאמף פונם ארבעטער קלאס. די מאפאלע פון דער קאמונע איז געווען איינע פון די סיבעס, וואס האבן געבראכט די אידייען פונם קאמוניזם א ניצאכן איבער די אידייען פונם אנארכיזם אין דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער באוועגונג.

# .III

# דײַטשלאַנד.

אין די דרײַסיקער יאָרן פֿונם 19-טן יאָרהונדערט איז דײַטשלאַנד געווען אַן עקאָנאָמיש אָפּגעשטאַנען לאַנד מיט אַן איבערוואָג פֿון דער לאַנדווירטשאַפֿט און מיט אַ שוואַכער אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע. די פּאָליטישע צעבראָקלטקייט פֿונם לאַנד אויף 36 מלוכעס האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע און פֿונם האַנדל און האָט געוועקט אַן אָפּאָזיציאָנעלע שטימונג צווישן דער בורזשואַזיע, וואָס האָט מער געשטרעבט צו דער פֿאַראייניקונג פֿון דײַטשלאַנד, איידער צו פּאָליטישער פֿרײַהייט. דער ווילדער ווידערשטאַנד, וואָס די אַליינהערשנדיקע רעגירונגען פֿלעגן אַרויסווײַזן יעדער ליבעראַלער באַוועגונג, פֿלעגט אַרויסרופֿן בײַ די פּראָגרעסיווע שיכטן פֿון דער בורזשואַזער יוגנט עקסט ראַדיקאַלע פּאָליטישע שטרעבונגען און פֿלעגט זיי שטויסן אויף אַ דערנענטערונג מיט די אַרבעטער. אויף אַזאַ אויפֿן האָבן אין די אַממערסטן אינדוסטריעלע צענטרען די אידייען פֿון פּאָליטישן קאַמף אָנגעהויבן אַרײַנדרינגען אויך צו די אַרבעטנדיקע. אין אַלגעמיין גענומען האָט דײַטשלאַנד דעמאָלט פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אַ לאַנד פֿון קליינער האַנטווערקערײַ, נאָר וואו ניט וואו, אין זאַקסן, שלעזיע און באַזונדערס אין דער ריינישער געגנט, זײַנען שוין געווען שפּראַצונגען פֿון אַ קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטריע, דער איקער, אין דער פֿאָרם פֿון מאַנופֿאַקטורן אָדער פֿון אונטערגעוואָרפֿענע אונטערן קאַפּיטאַל קוסטאַרע געווערבן. די גרינדונג פֿונם צאָפֿן-דײַטשישן גרענעץ-צאָל-בונד און דאָס בויען פֿון אײַזנבאַנען האָבן געגעבן אַ שטאַרקן שטויס דער אַנטוויקלונג פֿון דער דײַטשישער אינדוסטריע.

מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער אינדוסטריע האָט אָנגעהויבן וואַקסן אויך דער פּראָלעטאַריאַט. אַ באַזונדער קראַפֿט האָט דער דאָזיקער פּראָצעס באַקומען אין די פֿערציקער יאָרן. די לאַגע פֿון די דאָזיקע אַרבעטער-מאַסן, וואָס פֿלעגן רעקרוטירט ווערן פֿון די פּויערים, וועלכע האָבן פֿאַרלאָרן זייער ערד, און פֿון די בעדאַלעס-געוואָרענע האַנטווערקער און וואָס פֿלעגן פֿון ערגעץ ניט געפֿינען קיין שוץ, איז געווען שרעקלאַך. זיי פֿלעגן מאַמעש הונגערן און אויסשטאַרבן פֿון טיפֿוס. אַזוי ווי עס איז געשטאַנען אויף אַ נידע-

ריקער אנטוויקלונגס=שטופע און איז ניט געווען ארגאניזירט, איז דער דאזיקער פראלעטאריאט געווען אבסאליוט אומבאהאלפן קעגן דער גרענצלאזער עקספלואטאציע פון דער גייציקער בורזשואזיע, וועלכע האט זיך געפונען אין דער טקופע פון דער רויבערישער „אנפאנגלאכער אקומולירונג“ (אנזאמלונג). אויסדריקן זיין פראטעסט קעגן די אומדערטרעגלאכע לעבנס-באדינגונגען האט ער געקאנט נאר דורך סטיכישע אויפרעגונגען. אין מיטן פון די 40=ער יארן האבן זיך איבער גאנץ דייטשלאנד פארשפרייט הונגער=בונטן. באזונדערס באריממט איז דער בונט פון די שלעזישע וועבער=קוסטארן, וואס האט אויסגעבראכן אין יוני פון יאר 1844 און וואס איז דערשטיקט געווארן דורך מיליטערישע קראפט.[1])

בא די דייטשישע האנטווערקער איז געווען אן אוראלטער מינהג, וואס לויט אים האבן די געזעלן געמוזט אין א מעשעך פון א געוויסער צייט וואנדערן איבער פארשיידענע ערטער צו פארפולקומען זיך אין זייער פראפעסיע. דייטשישע האנטווערקער פלעגט מען דעמאלט טרעפן אי אין איינגלאנד, אי אין שווייץ, נאר דער איקער אין פאריז. דא פלעגן זיי זיך צונויפקומען מיט די פאליטישע עמיגראנטן און מיט די ארטיקע ארבעטער און פלעגן זיך אנשליסן אן זייער באוועגונג. נאכדעם, ווי עס זיינען ארויסגעגעבן געווארן די רעאקציאנערע סענטיאבער=געזעצן פון 1834=טן יאר, זיינען די כעוורעס, וואס זיינען געבילדעט געווארן דורך די דייטשישע האנטווערקער, געווארן געהיימע און פלעגן ארבעטן האנט אין האנט מיט די געהיימע כעוורעס פון די פראנצויזישע בלאנקיסטן. די געשאפענע דורך די דייטשישע האנטווערקער דער „בונד פון פארטריבענע“ (1834=1836) און דער „בונד פון גערעכטע“ (1836=1839) האבן זיך אויסגעבילדעט און האבן געארבעט אין פאריז, נאר זיי האבן געהאט זייערע פארצווייגונגען אויך אין אנדערע ערטער, בעסויכאם אויך אין דייטשלאנד.

שוין די ערשטע געהיימע כעוורעס פון די ארבעטער פון די 30=ער און 40=ער יארן זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט א נאציאנאליסטישן גייסט. דאס לעבן גופע, דער מוסער האסקל פון דערווירקלאכקייט, די סוויווע און די אומשטאנדן, בא וועלכע זיי פלעגט אויסקומען צו האנדלען פלעגן זיי שטויסן אין דער דאזיקער זייט. די דייטשישע ארבעטער פלעגט אויסקומען צו לעבן און צו קעמפן צוזאמען מיט פראנצויזישע, זייערע לערערס זיינען געווען פאליטישע עמיגראנטן דייטשן, איטאליענער, פאליאקן און אנדערע. דאס ראוו פון די דאזיקע עמיגראנטן און פון יענע באוועגונגען, וואס זייערע רעשטלאך האבן זיי מיט זיך פארגעשטעלט, האבן נאך געטראגן א בורזשואזו=דעמאקראטישן און ניט קיין פראלעטארישן כאראקטער. דעריבער איז דער אינטערנאציאנאליזם פון די דאמאלדיקע געהיימע כעוורעס געווען א בורזשואזו=דעמאקראטישער: ער האט געפריידיקט ברודערשאפט פון אלע מענטשן, סאלידאריטעט פון אלע אונטערדריקטע קעגן די טיראנען און א. י. נאר ביסלאכווייז

[1]) דער דאזיקער בונט איז באשריבן אין האופטמאנס באוואוסטער דראמע „די וועבער“ וואו עס ווערט אויך געבראכט דאס לידל, וואס די שטרייקער האבן פארפאסט.

האָט פון אָט דעם אומקלאָרן כאַאָס אַלץ שאַרפער אָנגעהויבן אויסצוטיילן זיך און צו ווערן שטאַרקער דער פּראָלעטאַרישער שטראָם. די אַרבעטער און האַנט־ווערקער, וואָס האָבן ביסלאַכווייז אַרויסגעשטופּט פון די געהיימע בעוורעס די בורזשואַזע דעמאָקראַטן און רעפּובליקאַנער, האָבן געיאָרשנט פון זיי דעם באַוואוסטזיין פון דער געמיינזאַמקייט פון די אויפגאַבן פון די אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע מענטשן פון אַלע פעלקער. נאָר איצט האָט זיך שוין געהאַנדלט ניט פּאַשעט וועגן דער ברודערשאַפט פון אַלע מענטשן, נאָר וועגן דער סאָלידאַריטעט פון די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט אינם קאַמף מיט זייערע עקספּלואַטאַטאָרס פאַר זייער פולשטענדיקע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַפרייאונג.

דער „בונד פון פאַרטריבענע" איז, אַפּאַנים, געווען אַ צווייג פון דער פראַנצויזישער „געזעלשאַפט פאַר מענטשן־רעכט". ער האָט טכילעס געטראָגן אַ דעמאָקראַטישן כאַראַקטער, נאָר ביסלאַכווייז האָבן די קאָמוניסטישע טענדענצן אָנגעהויבן צו דאָמינירן אין אים.

מע האָט אין אים אָנגעהויבן צו ריידן וועגן קלאַסנקאַמף, וועגן אַ סאָציאַלער רעוואָליוציע, און מע האָט דערביי רעקאָמענדירט צו גרינדן נאַציאָנאַלע ווארשטאַטן, דאָס הייסט, פּראָדוצירנדיקע געזעלשאַפטן, וואָס וועלן מיט זייער קאָנקורענץ ארויסשטופּן די פריוואַטע אונטערנעמונגען, און א. וו. די האַנטווערקער, וואָס זיינען געקומען צו אַזעלכע אַנשויאונגען, האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן פו דער פריערדיקער געזעלשאַפט און האָבן געשאַפן דעם „בונד פון גערעכטע" אין 1836־טן יאָר.

דער נייער פאַרבאַנד האָט פאָרגעשטעלט א דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען געבויט אַפן וואַל־פּרינציפּ. צווישן די אינטעליגענטן, וואָס האָבן גענומען אַן אַנטייל אין אים, זיינען די אַממערסטען אָנגעזעענע געווען עווערבעק און קאַרל שאַפּער. נאָר דאָמינירט האָבן האַנטווערקער, וואָס צווישן זיי זיינען געווען אַזעלכע מערקווירדיקע מענטשן, ווי דער זייגערמאַכער יאָזעף מאָל, דער שוסטער הענריך באַוער און דער שניידער ווילהעלם ווייטלינג. דער פאַרבאַנד האָט זיך איינגעשלאָסן אין דער געהיימער „געזעלשאַפט פון די יאָרצייטן", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1837־טן יאָר דורך באַרבעסן און בלאַנקי. ער האָט געציילט קאָרעוו צו טויזנט מיטגלידער.

אינם נייעם פאַרבאַנד איז דער קאָמוניסטישער עלעמענט געווען אויסגעדריקט שוין אַ סאַך בולטער. דער פאַרבאַנד האָט געשטרעבט איינצושטעלן אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק און איז געווען נויטע צום געדאַנק וועגן דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט. אין 1838־טן יאָר האָט דער פאַרבאַנד אַרויפגעלייגט אַף זיין מיטגליד ווייטלינג די אַרבעט פון צונויפשטעלן אַ מאַניפעסט, אין וועלכן עס זאָלן אויסגעדריקט ווערן די אַנשויאונגען פון דער געזעלשאַפט, און אַף אַזאַ אויפן איז דערשינען די בראָשור „די מענטשהייט ווי זי איז און ווי זי דאַרף זיין", וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס אַ פאָרגייער פונם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט", הגאַם זי שטייט נאָך אַף אַ אוטאָפּיסטישן שטאַנדפּונקט.

דעם 13—12־טן מאַי פון יאָר 1839 איז אין פּאַריז פאָרגעקומען אַן אויפשטאַנד, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער „געזעלשאַפט פון יאָרצײַטן". דער „בונד פון גערעכטע" האָט אין אים גענומען אַ טעטיקן אנטייל, און דער דורכפאַל פונם אויפשטאַנד האָט אויך געבראַכט צום אונטערגאַנג פונם פאַרבאַנד. אַ טייל זײַנע מיטגלידער איז דערהאַרגעט געוואָרן אַף די באַריקאַדן. אַנדערע זײַנען פאַרמישפּעט געוואָרן צו טפיסע, בעסויכאם אויך באַוער און שאַפּער (וואָס זײַנען נאָכדעם, ווי זיי זײַנען אָפּגעזעסן זייער טערמין, אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן). די דריטע, ווי מאָלן און ווייטלינגן, האָט זיך אײַנגעגעבן צו אַנטלויפן.

דער פאַרבאַנד איז ווידער אויפגעשטעלט געוואָרן אין 1840־טן יאָר אין לאָנדאָן שוין אונטערן נאָמען „קאָמוניסטישע גרופּע צו דערציען דעם אַרבעטער־קלאַס". אַכוץ שאַפּערן, באַוערן און מאָלן, איז צו אים צוגעשטאַנען דער שנײַדער עקאַריוס, וואָס איז שפּעטער געווען מאַרקס מיטקעמפער אינם אינטערנאַציאָנאַל. פון דער אַנדער זײַט, האָט זיך ווייטלינג אין שווייץ געפּרואווט צו גרופּירן אַרום זיך די דײַטשישע האַנטווערקער, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט, און צו פירן אַ קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די שווייצאַרישע אַרבעטער, נאָר אָן אַן איבעריקן ערפאָלג. די דורכפאַלן, וואָס ער האָט געליטן, און אויך די רעדיפעס, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין מיצאַד די רעגירונגען, האָבן פאַרביטערט אָט דעם טאַלענטפולן אַוטאָדידאַקט, און סאָף קאָל סאָף איז ער אַרײַנגעפאַלן אין פּאָליטישער סעקטאַנטישקייט, וואָס האָט אים דערווײַטערט פון דער מאַסנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג. אין פּאַריז זײַנען אויך פאַרבליבן אייניקע דײַטשישע אַרבעטער־קרײַזלאַך, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט עווערבעק. נאָר די הויפּט־גרופּע איז געווען די לאָנדאָנער, אָן וועלכער עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אייניקע סקאַנדינאַווישע, אונגאַרישע, טשעכישע, סלאַווישע און אַנדערע עמיגראַנטן און וועלכע איז אַף אַזאַ אויפן געוואָרן אַ מין קליינע אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפט.

פון 1843־טן יאָר הויבט אָן צו ווירקן אַף די דאָזיקע געזעלשאַפטן צוויי יונגע טעאָרעטיקער, מאַרקס און ענגעלס. זיי זײַנען ביידע אַרויס פון דער סוויווע פון די לינקע יונגהעגעליאַנער,[1] נאָר ניט פאַרהאַלטנדיק זיך אַפן פּאָליטישן ראַדיקאַליזם, האָבן זיי זיך גיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין דער זײַט פון רעוואָלוציאָנערן קאָמוניזם. צו דער פאָרמולירונג פון דער נײַער קאָמוניסטישער טעאָריע זײַנען זיי געקומען אומאָפּהענגיק איינער פון אַנדערן: מאַרקס דורך שטודירן דעם קלאַסנקאַמף ב'איים דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע און דורך שטודירן די ווערק פון די סאָציאַליסטישע שולן פונם אוטאָפּיסטישן פּעריאָד, און ענגעלס דורך באַאָבאַכטן די ענגלישע אינדוסטריע און די אַרבעטער־באַוועגונג פון דער טשאַרטיסטישער טקופע. ב'איים זיי האָבן זיך

[1]) העגעל איז אַ דײַטשישער פילאָסאָף, דער שעפער פון דער לעצטער גרויסער סיסטעם פון דער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע, וואָס באַזירט זיך אַף דער טעאָריע פון אַנטוויקלונג דורך איבערקערענישן. זײַנע לינקע אָנהייגער האָבן געמאַכט פון זײַן פילאָסאָפיע די סאַמע עקסטע אויספירן.

דאס צווייטע מאל באגעגנט אין 1844-טן יאר אין פאריז, האבן זיי זיך איבערצייגט, אז זייערע גרונט-אנשויאונגען קומען זיך פולשטענדיק צונויף, און זיי זיינען צוגעטראטן צו געמיינזאמער ארבעט, שטעלנדיק זיך פאר אן אויפגאבע איינצופלאנצן צווישן די פראגרעסיווע ארבעטער די קאמוניסטישע טעאריע, וואס איז געבויט אף וויסנשאפטלאכע יעסוידעס, אפן אנאליז פונם פראצעס פון דער היסטארישער אנטוויקלונג און אפן שטודירן די געזעצן פון דער קאפיטאליסטישער ארדענונג.

מארקס און ענגעלס האבן זיך אפגעזאגט אריינצוטרעטן אינם „בונד פון גערעכטע", האלטנדיק פאר נויטיק דורכצומאכן טכילעס די צוגרייטונגס-ארבעט פון אפרייניקן זיין פראגראם פון איבערלעבענישן פון די פארעלטערטע לערעס. זיי האבן געוואלט אויפווייזן, אז פארן פראלעטאריאט האנדלט זיך ניט וועגן דער פארווירקלאכונג פון דער אדער יענער אוטאפיסטישער סיסטעם, וואס איז צוגעטראכט געווארן דורך א קאבינעט-דיינקער, נאר וועגן א באוואוסטזיניקן אנטייל אין דער פארקומענדיקער פאר אונדזערע אויגן היסטארישער רעוואליוציע פון דער געזעלשאפט. ארום זיי האט זיך אינגיכן צונויפגעקליבן א גרופע מענטשן, וואס זיינען געוועזן מאסקים מיט זייערע אנשויאונגען. ענגעלס האט געפירט א פראפאגאנדע צווישן די קרייזלאך אין פאריז, און מארקס, וואס איז ארויסגעשיקט געווארן פון פראנקרייך, האט זיך באזעצט אין ברויסעל, וואו ער האט געלייענט לעקציעס אין דעם ארטיקן דייטשישן ארבעטער קרייזל. די גרופע, וואס האט זיך פארזאמלט ארום זיי, וואס פון איר האט זיך אויסגעצייכנט מוישע העס, ווילהעלם וואלף (אים איז געווידמעט דער ערשטער באנד פונם „קאפיטאל"), סטעפאן בארן און אנד., האט אונטערגעהאלטן לעבהאפטע באציאונגען מיט די לאנדאנער און פאריזער קרייזלאך. אומדערמידלאך פלעגן מארקס און ענגעלס פארווירקלאכן זייער פלאן פון שטרייננגער קריטיק פון די לוי-יוצלאכדיקע טעארעטיקער, פון אפרייניקן די פראגראם פון די איבערלעבענישן פונם אוטאפיסטישן און קליינבירגערלאכן סאציאליזם, דעם קאמף מיט דער פארכאלעמטקייט און סענטימענטאלקייט. דאס צוגעוואוינען צום רעוואליוציאנערן באנעמען די ווירקלאכקייט און צום וויסן ווי אויסנוצן די רעוואליוציאנערע זייטן פון דער היסטארישער אנטוויקלונג, און ביסלאכווייז האט זיך איינגעגעבן צו דערשלאגן זיך, אז די סאמע פארגעשריטענע ארבעטער-גרופן האבן זיך געשטעלט אף זייער שטאנדפונקט. אין פרילינג פון יאר 1847 האט מאל איבערגעגעבן די ביידע פריינט, אז די לאנדאנער גרופע האט זיך געשטעלט אף זייער פאזיציע, און האט זיי ווידער פארגעלייגט אריינצוטרעטן אינם „בונד פון גערעכטע". דאס מאל האבן מארקס און ענגעלס געגעבן זייער האסקאמע. עס איז באשלאסן געווארן צונויפצורופן א צוזאמענפאר פון אלע פארבאנד-גרופן, קדיי איבערצוקוקן די פראגראם און צו רעארגאניזירן דעם פארבאנד אף נייע יעסוידעס.

דער ערשטער צוזאמענפאר איז פארגעקומען זומער פון יאר 1847. מארקס איז ניט געוועזן אפן צוזאמענפאר, נאר דערפאר זיינען געוועזן ענגעלס, וואס האט פארגעשטעלט די פאריזער גרופן, און וו. וואלף, וואס האט פארגעשטעלט די ברויסעלער. דער פארבאנד איז רעארגאניזירט געווארן. דער פאר-

שווערערישער עלעמענט איז באַזייטיקט געוואָרן, און האַנאַם ער איז צוליב די דאַמאַלסדיקע אומשטאַנדן געבליבן אַ געהיימע געזעלשאַפט, נאָר פון היינט אָן האָט ער זיך נעקליבן צו זיין אַ געזעלשאַפט פאַר פּראָפּאַגאַנדע. אין העסקעם מיט דעם איז דער פאַרבאַנד געבויט געוואָרן אַף דעמאָקראַטישע יעסוידעס מיט אויסגעקליבענע אַמטמענער, וואָס קענען צו יעדער צייט אַראָפּגעזעצט ווערן. פון היינט אָן האָט דער פאַרבאַנד באַקומען דעם נאָמען „קאָמוניסטן-פאַרבאַנד" און פאַר זיין ציל איז דערקלערט געוואָרן די אומוואַלגערונג פון דער בורזשואַזיע, די הערשאַפט פונם פּראָלעטאַריאַט, די פאַרניכטונג פון דער אַלטער בורזשואַזער געזעלשאַפט, וואָס איז געבויט אַף קלאַסן-סטירעס, און די גרינדונג פון אַ נייער געזעלשאַפט אָן קלאַסן און אָן פּריוואַטאייגנטום. דער נייער סטאַטוט איז איבערגעגעבן געוואָרן אַף באַהאַנדלונג פון די אָרטיקע גרופּן, און דעם ענטגילטיקן באַשלוס האָט געזאָלט אָננעמען דער קומענדיקער צוזאַמענפאָר, וואָס האָט אויך געזאָלט אָננעמען די פּראָגראַם פונם פאַרבאַנד.

דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר איז פאָרגעקומען סאָף נאָיאַבר און אָנפאַנג דעקאַבר פון יאָר 1847. אַפן דאָזיקן צוזאַמענפאָר איז געווען אויך מאַרקס, וואָס האָט אין אַ מעשעך פון צען טעג פאַרטיידיקט די נייע פּראָגראַם, וואָס איז שפּעטער איבערגעגעבן געוואָרן אינם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט". סאָף קאָל סאָף זיינען אַלע ספּייקעס באַזייטיקט געוואָרן, און די נייע פּראָגראַם איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן. מאַרקסן און ענגעלסן איז איבערגעגעבן געוואָרן, זיי זאָלן אין נאָמען פונם פאַרבאַנד צוזאַמענשטעלן אַ מאַניפעסט. זיי האָבן גיך אויסגעפירט די איבערגעגעבענע זיי אַרבעט, און אַף אַזאַ אופן איז דערשינען דער באַרימטער „מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי", וואָס האָט אונטערגעפירט אַ סאַכאַקל אונטער דער גאַנצער פריערדיקער אַנטוויקלונג פונם סאָציאַליזם און וואָס האָט אָנגעמערקט די וועג-צייכנס פון זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג.

דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" שטעלט מיט זיך פאָר אַן איינגעפּרעסטע און גלענצנדיק אָנגעשריבענע עקספּאָזיציע פון דער טעאָריע פונם רעוואָליוציאָנערן קאָמוניזם, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמער „וויסנשאַפטלאַכער סאָציאַליזם". ער שטייט אַפן באָדן פון היסטאָרישן (אָדער „עקאָנאָמישן") מאַטעריאַליזם, וואָס לויט אים איז אינם יעסאָד פון דער מענטשלאַכער אַנטוויקלונג ליגט די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קייכעס פון דער מענטשלאַכער געזעלשאַפט. די סאָציאַלע רעוואָליוציע וועט, ווי די געזעלשאַפטלאַכע איבערקערעניש, וואָס זיינען געווען פאַר איר, זיין אַ רעזולטאַט ניט פון גוטע וואונשן פון איינצעלנע באַלעכאַלוימעס אָדער באַגליקער פון דער מענטשהייט, נאָר אַ רעזולטאַט פון דער נאַטירלאַכער אַנטוויקלונג פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט, וואָס שטעלט אַליין מיט זיך פאָר אַ פּראָדוקט פון אַ לאַנגער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. דער מאַניפעסט ווייזט אויף, ווי אַזוי די איצטיקע בורזשואַזיע, דער קלאַס פון אייגנטימער פון די פּראָדוקציאָנס-מיטלען, איז געשאַפן געוואָרן, אַלס אַ רעזולטאַט פון אַ גאַנצער ריי איבערקערענישן אין די

מיטלען פון פראָדוצירן און אויסטוישן די מאַטעריעלע ווערטן. ווײַטער מאָלט ער די רעוואָלוציאָנערע ראָלע, וואָס די בורזשואַזיע האָט געשפּילט אין דער געשיכטע מיט דעם, וואָס זי האָט געשאַפן דעם אַלוועלטלאַכן מאַרק, וואָס זי האָט אין אַ קאָלאָסאַלער מאָס געהעכערט די פּראָדוקטיווע קויכעס פון די מענטשן, וואָס זי האָט צעקלאַפּט אַלע אָרטיקע און נאַציאָנאַלע מעכיצעס, וואָס זי האָט איבערגעאַנדערשט דאָס דײנקען פון דער מענטשהײַט און וואָס זי האָט געמאַכט אַ סאָף מיט דער אַלטער פאַרגליווערטקײַט פונם פאַטריאַרכאַלן פעריאָד. נאָר אָט די זעלבע אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע קויכעס, וואָס האָט באַדינגט דעם ניצאָכן פון דער בורזשואַזיע, גרייט צו אומפאַרמײַדלאַך איר אונטערגאַנג, ווײַל זי איז שוין ניט בעקויאַך בײַצוקומען יענע מעכטיקע קויכעס, וואָס זי האָט אַרויסגערופן צום לעבן. די פעריאָדישע איבערכאַזערונג פון די אינדוסטריעלע קריזיסן באַווײַזט, אַז די בורזשואַזיע האָט פאַרלאָרן די מאַכט איבער די פּראָדוקטיווע קויכעס, וואָס זי אַליין האָט געשאַפן. די פּאָליטישע און יורידישע פאָרמען פון איר הערשאַפט אַנטשפּרעכן שוין ניט דעם עקאָנאָמישן צושטאַנד פון דער איצטיקער געזעלשאַפט. די סאָציאַלע רעוואָלוציע, וואָס דאַרף אויסאַרבעטן נײַע פּאָליטישע פאָרמען, וועלכע זאָלן אַנטשפּרעכן דעם דערגרייכטן מאַצעוו פונם עקאָנאָמישן לעבן, איז אַף אַזאַ אויפן אומפאַרמײַדלאַך און הײַנט ניט אָפּ פון וועמענס ס'ניט איז ווילן.

נאָר די בורזשואַזיע האָט אויך געשאַפן יענעם קלאַס, וועלכער איז באַרופן אײַנצופירן אָט די היסטאָרישע אויפגאַבע פון געזעלשאַפטלאַכער איבעראַנדערשונג. דער דאָזיקער קלאַס איז דער מאָדערנער פּראָלעטאַריאַט. ער האָט אויך דורכגעמאַכט אַ גאַנצע רײ שטופן, איידער ער האָט זיך אַנטוויקלט ביז זײַן איצטיקן צושטאַנד. זײַן קאַמף קעגן דער בורזשואַזיע האָט טכילאַס געטראָגן אַן אָרטיקן, טיילווײַזן און צעבערעקלטן כאַראַקטער, איידער ער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ באַוואוסטזיניקן קלאַסנקאַמף אין נאַציאָנאַלן און אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. פון אַלע קלאַסן, וואָס שטייען אַנטקעגן דער בורזשואַזיע, איז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט וואַקסט צוזאַמען מיטן וואוקס פון דער גרויסער אינדוסטריע, אין דער צײַט ווען די איבעריקע, די קליינע הענדלער, די האַנטווערקער, די פּויערים קומען אום פון איר. און ביסלאַכווײַז ווערט דער פּראָלעטאַריאַט אַ קעמפער ניט נאָר פאַר זײַנע אייגענע אינטערעסן, נאָר אויך פאַר די אינטערעסן פון אַלע אונטערדריקטע דורכן קאַפּיטאַל. ווײַל דער פּראָלעטאַריאַט קאָן זיך ניט באַפרײַען, ווי באַלד ער וועט ניט פאַרניכטן די מאָדערנע געזעלשאַפט אין איר יעסאָד גופע. די אַנטוויקלונג פון דער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג שטעלט מיט זיך פאָר אַ קעסיידערדיקע פאַרבאַהאַלטענע מילכאָמע אין די ראַמען פון דער עקסיסטירנדיקער געזעלשאַפט, און דערנאָך גייט זי איבער אין אַן אָפענע רעוואָלוציע, וואָס מאַכט אַ סאָף מיט דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע און שטעלט אײַן די הערשאַפט פונם אַרבעטער־קלאַס. די דאָזיקע רעוואָלוציע וועט זיך לויט איר מעהוס אונטערשיידן פון אַלע פריערדיקע. אַלע פריערדיקע רעוואָלוציעס, זײַנען געווען רעוואָלוציעס וואָס פלעגן דורכגעמאַכט ווערן דורך דער מינדערהײַט אָדער אין די אינטערעסן פון דער מינדערהײַט. די רעוואָלוציע

פונם פראלעטאריאט וועט זיין א רעוואליוציע פון דער איבערוועגנדיקער מערהייט אין די אינטערעסן פון דער איבערוועגנדיקער מערהייט.

דער מאניפעסט קריטיקירט אומבארעכמאנעסדיק אלע פריהערדיקע סאציאליסטישע לערעס. ער ווייזט אויף, אז זיי זיינען ניט געווען ניט קיין אויסדרוק פון פראלעטארישע אידייען, ניט קיין אפשפיגלונג פון דער פראלעטארישער שטימונג; און אויב זיי האבן יא אויסגעדריקט די האפענונגען פונם ארבעטער קלאס, איז עס געווען אין אן אומפולקומער און ניט וויסנשאפטלאכער פארם. נאר דער קאמוניזם איז די עמעסע לערע פונם פראלעטאריאט, וואס האט דערגרייכט צו קלאסנבאוואוסטזיין, נאר דער קאמוניזם ניט אין זיין פרימיטיווער פארם, נאר אין דער, וועלכע ער באקומט דורך דער באאבאכטונג פון דער ווירקלאכקייט און דורכן באנעמען דעם קלאסנקאמף, וואס קומט פאר אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט. די קאמוניסטן בילדן ניט קיין באזונדערע פארטיי, וואס שטעלט זיך אנטקעגן דעם ארבעטער-קלאס. פון אנדערע ארבעטער-פארטייען אונטערשיידן זיי זיך מיט דעם, וואס אף די פארשיידענע שטופן פון דער באוועגונג, דורך וועלכע עס גייט דורך דער קאמף פונם פראלעטאריאט, זעען זיי קלאר צו מאכן די אלגעמיינע אינטערעסן פון דער באוועגונג אינגאנצן גענומען. פון דער אנדער זייט, רוקן די קאמוניסטן ארויס און פארטיידיקן אינם קאמף פון פראלעטאריער פון באזונדערע פעלקער די געמיינזאמע און אינטערנאציאנאלע אינטערעסן אין דער ארבעטער באוועגונג. דער נאענטסטער ציל פון די קאמוניסטן איז די אנטוויקלונג פונם קלאסן-באוואוסטזיין פונם פראלעטאריאט, די אומוואלגערונג פון דער בורזשואזיע און די עראבערונג פון דער פאליטישער מאכט דורכן ארבעטער-קלאס. אינם קאמף פאר די דאזיקע צילן שטעלן מיט זיך די קאמוניסטן פאר אין דער פראקטיק דעם סאמע אנטשלאסענעם טייל פון דער ארבעטער באוועגונג, און טעארעטיש זיינען זיי דער אוואנגארד פונם פראלעטאריאט, וואס האט פארשטאנען די געזעצן פון דער היסטארישער אנטוויקלונג און האט דעריבער אויסגעקליבן דעם סאמע ריכטיקן און זיכערן וועג.

דער ערשטער טריט פון דער ארבעטער רעוואליוציע איז די עראבערונג פון דער דעמאקראטיע און די דערהויבונג פונם פראלעטאריאט ביז דער לאגע פון א הערשנדיקן קלאס. דער פראלעטאריאט וועט אויסנוצן זיין הערשאפט, קדיי דורכצופירן א פאליטישע און עקאנאמישע עקספראפריאירונג פון דער בורזשואזיע, דאס הייסט קדיי אפצונעמען בא איר די מאכט און די רייכקייטן. זיין דיקטאטור דארף דער פראלעטאריאט אויך אויסנוצן, קדיי וואס גיכער צו מאכן גרעסער דעם סכום פון די פראדוקטיווע קויכעס. ווען די געזעלשאפט וועט מער ניט זיין איינגעטיילט אין קלאסן, וועט פארשוואונדן אויך די באדערפעניש אין דער מלוכע, אלס אן אפאראט פון אונטערדריקן איין קלאס דורך דעם צווייטן. דעמאלט וועט זיך אויך פארענדיקן דער פעריאד פון פראלעטארישער דיקטאטור. אפן ארט פון דער אלטער בורזשואזער געזעלשאפט מיט אירע קלאסן-טיילונגען און קעגנזאצן וועט זיך אויסבילדן א כאווערשע ארגאניזאציע, אן אסאציאציע, וואס אין איר וועט די פרייע אנטוויקלונג פון יעדער פערזענלאכקייט זיין א טנאי פאר דער פרייער אנטוויקלונג פון אלע מענטשן.

די קאָמוניסטן דערקלערן אָפֿן, אַז זייערע צילן קאָנען דערגרייכט ווערן נאָר דורך דער געוואַלטזאַמער אומוואַלגערונג פֿון דער עקסיסטירענדיקער אָרדענונג און, האַלטנדיק, אַז צו דעם איז נויטיק די באַהעפֿטונג פֿון אַלע פּראָלעטאַרישע קויכעס, פֿאַרענדיקט זיך דער „מאַניפֿעסט" מיטן באַוואוסטן קאַמפֿס־רוף, וואָס איז פֿון דעמאָלט אָן געוואָרן דער לאָזונג פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג פֿון די אַרבעטער: „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך!"

אַט דאָס איז געוואָרן דער גרונט־אינהאַלט פֿונם דאָזיקן דאָקומענט, וואָס איז די ערשטע צייט ווייניק ווערן באַקאַנט געווען, נאָר וואָס אים איז באַשערט געווען אויסצוגיין די גאַנצע וועלט און צו ווערן די פֿאָן פֿונם קעמפֿנדן פּראָלעטאַריאַט. דער מאַניפֿעסט האָט פֿאָראויסגעזען אַ גיכע אויפֿטרייסלונג אין אייראָפּע און ער האָט ניט געהאַט קיין טעות. אין עטלעכע טעג אַרום נאָכדעם ווי די בראָשור איז אַרויס פֿון דרוק, האָט אויסגעבראָכן די פֿעברואַר־רעוואָלוציע אין פּאַריז, און נאָך אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט אויפֿגעפֿלאַקערט די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד און עסטרייך.

גלייך ווי עס האָט זיך באַקומען די ידיעה וועגן דעם אָנהייב פֿון דער רעוואָלוציע, האָט דער לאָנדאָנער צענטראַל קאָמיטעט פֿונם „קאָמוניסטן פֿאַרבאַנד" איבערגעגעבן זיינע פֿולמאַכטן, דער בריוסעלער גרופּע. די לעצטע האָט פֿון איר זייט באַשלאָסן פֿאַנאַנדערצולאָזן זיך, איבערגעבנדיק מאַרקסן אַלע אירע רעכט און באַפֿולמעכטיקנדיק אים צוזאַמענצושטעלן אין פּאַריז אַ נייעם צענטראַל־קאָמיטעט. דער דאָזיקער קאָמיטעט, וואָס איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן פֿון מאַרקסן, ענגעלסן, שאַפּערן, וו. וואָלפֿן, באַוערן, און מאָלן האָט אַרויסגעלאָזט אַ פּראָגראַם מיט אַ ראַדיקאַלן אינהאַלט, אין וועלכער עס זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אייניקע פֿאָדערונגען מיט אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. די פּראָגראַם האָט געפֿאָדערט די דערקלערונג פֿון דייטשלאַנד פֿאַר אַן איינהייטלעכע רעפּובליק, די אַלגעמיינע באַוואָפֿענונג פֿונם פֿאָלק, די נאַציאָנאַליזירונג פֿון די פֿירשטלעכע און אַנדערע פֿעאָדאַלע גיטער, פֿון די קוילן און מעטאַל־גרובן מיטן איינפֿירן אין זיי די גרויסע פּראָדוקציע, די נאַציאָנאַליזירונג פֿון די אייזנבאַנען פֿון דער פּאָסט, פֿון די קאָמוניקאַציאָנס־וועגן, די איינפֿירונג פֿון אַ פּראָגרעסיוון שטייער, די אָפּשאַפֿונג פֿון די שטייערן אויף געברויכס־פּראָדוקטן, די באַגרענעצונג פֿונם ירושה־רעכט, די איינאָרדענונג פֿון נאַציאָנאַלע וואַרשטאַטן און אַ. וו. דער מיין פֿון דער פּראָגראַם איז באַשטאַנען אין דער שטרעבונג צו דערנענטערן די אַרבעטער מיט דער קליינער דעמאָקראַטישער בורזשואַזיע פֿאַר אַ געמיינזאַמען קאַמף מיטן אַבסאָליוטיזם.

דער „קאָמוניסטישער מאַניפֿעסט" האָט פֿאָראויסזעענדיק די נאָענטקייט פֿון אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, רעקאָמענדירט די קאָמוניסטן צו האַנדלען פֿאַראייניגט מיט דער בורזשואַזיע, אויף וויפֿל זי וועט אויסטרעטן רעוואָלוציאָנער קעגן די קויכעס פֿון דער אַלטער אָרדענונג. דער „מאַניפֿעסט" האָט געהאַלטן, אַז דייטשלאַנד שטייט ערעוו אַ בורזשואַזער רעוואָליוציע, וואָס קאָן, אָנגעוו,

ווערן א דירעקטער פראלאג פון א פראלעטארישער רעוואליוציע. דעריבער
האט דער „מאניפעסט" אין איין צייט מיט דער אויבנאנגעוויזענער
טאקטיק פון א פאליטישן אויסגלייך מיט דער רעוואליוציאנערער בור=
זשואזיע פארגעלייגט די קאמוניסטן אומאויפהערלאך איינצופלאנצן
בא די ארבעטער דעם געדאנק וועגן דעם פיינטלאכן קעגנזאץ צווישן
דער בורזשואזיע מיטן פראלעטאראט, קדיי דער פראלעטאריאט זאל
קענען אין א באקוועמען מאמענט, גלייך נאך דער אומוואלגערונג פון
דער אליינהערשונג, אנהויבן א קאמף קעגן דער בורזשואזיע.

מיט דעם צוועק האט דער צענטראל=קאמיטעט זיך געאיילט
אוועקצושיקן קיין דייטשלאנד קארעוו צו 300 ארבעטער, וואס זיינען גע=
ווען מיטגלידער פונם „קאמוניסטן=פארבאנד". די מערהייט פון זיי האט
פארלארן דעם צוזאמענבונד מיטן פארבאנד, אפגעבנדיק זיך גלייך אינגאנצן די
ארטיקע איניאנים. נאר איצט האט זיך ארויסגעוויזן, אז דער פארבאנד איז גע=
ווען אן אויסגעצייכנטע פאליטישע שול. אומעטום זיינען די קאמוניסטן
געשטאנען אפן עקסטן פליגל און אף וויפל דאס האט דערלויבט די אפגעשטא=
נענע סוויווע פונם דאמאלסדיקן דייטשלאנד, האבן זיי געזועט ארויסצורופן
א זעלבשטענדיקע באוועגונג פון די ארבעטער. אזוי איז געווען
אין האמבורג, אפן ריין (וואו מארקס האט זיך אין קעלן געשטעלט בערויש פון
דער „נייער ריינישער צייטונג", דעם ארגאן פון דער ראדיקאלער דעמאקרא=
טיע מיט א בוילעטן סאציאליסטישן כאראקטער), אין בערלין (וואו עס האט
געארבעט ס. באָרן), אין ברעסלאוול (וואו עס האט געארבעט וו. וואלף)
און א. וו.

דער גאנג פון די געשעענישן האט אין גיכן באוויזן, אז די דייטשישע
בורזשואזיע האט שוין ניט די רעוואליוציאנערע אייגנשאפטן פון דער פראנצוי=
זישער בורזשואזיע פון 18=טן יארהונדערט. זי האט ניט ארויסגעוויזן קיין
באזונדערע אנטשלאסנקייט צו קעמפן מיט די קויכעס פון דער אלטער ארדע=
נונג, נאר, אדראבע, א גרייטקייט מושווע צו ווערן מיט די פריצים און מיט
דער מאנארכיע, קדיי צו געבן א ווידערשטאנד די עקסטע פאדערונגען פון דער
ראדיקאלער דעמאקראטיע. בא אזעלכע באדינגונגען האט קיין רייד ניט גע=
קאנט זיין וועגן א פשארע צווישן דעם פראלעטאריאט מיט דער בור=
זשואזיע. אדראבע, די ארבעטער האבן זיך אנגעהויבן ארגאניזירן אן
א זייט פון דער בורזשואזיע און קעגן איר ווילן. אין מיטן אפרעל האט
זיך אין בערלין געבילדעט א צענטראלער ארבעטער קאמיטעט מיט סטע=
פאן בארנען בערויש. דער צונויפגערופענער דורכן קאמיטעט ארבעטער צוזא=
מענפאר האט זיך געעפנט דעם 25=טן אווגוסט פון יאר 1848 אין דער אנ=
וועזנהייט פון פארשטייער פון ארבעטער ארגאניזאציעס פון בערלין, ברעסלאוול,
לייפציק, האמבורג, מיונכען און אנדערע שטעט. דער צוזאמענפאר האט גע=
טראגן א גאנץ מעסיקן כאראקטער און, ניט שטעלנדיק די פראגע וועגן
דער פולשטענדיקער באפרייאונג פונם פראלעטאריאט, האט ער באהאנדלט פרא=

גן וועגן די נאָענטסטע רעפאָרמען מיט א סאָציאַלן כאַראַקטער, בעסויכאָם אויך, פאַרשטייט זיך, וועגן מלוכישער הילף די פראָדוצירנדיקע ארבעטער־אסאָציאַציעס. (די דאָזיקע אידייע איז, געווען, ווי ס'איז באַוואוסט, דעמאָלט זייער פאָפולער). עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן א פלאַן פון א ברייטער ארגאַניזאַציע מיטן נאָמען „ארבעטער־ברודערשאַפט”, עס איז צונויפגערופן געווארן אַ ריי קרייז־קאָנפערענצן, און די האַשפּאָע פונם פארבאנד האט זיך גענוג ברייט פאַרשפּרייט. נאר דער פארבאנד איז ניט געווען קיין סאציאליסטישער און האט ניט באַוויזן טיף איינצעווארצלען זיך.

מיטן ניצאכן פון דער קאנטער־רעוואָלוציע אין מיטן פון 1849־טן יאר איז געמאכט געווארן א סאף צו די אפענע האסכאלעס פון דער ארגאַניזאציע פונם דייטשישן ארבעטער קלאס. די מיטגלידער פונם „קאָמוניסטן פארבאנד”, וואס האָבן זיך געהאט צעשפּרייט איבער דייטשלאנד, האבן זיך אין הארבסט פון יאר 1849 ווידער צונויפגעקליבן אין לאנדאָן. צו די אלטע מיטגלידער פונם פארבאנד זיינען צוגעקומען אייניקע נייע קאָמוניסטן וואס זיינען ארויסגערוקט געוואָרן דורך דער באַוועגונג פון 1848־טן יאָר. בעסויכאם איז געווען דער געוועזענער אָפיצער וויליך, אַן איבערגעגעבענער און ענערגישער מענטש, נאר אן א גרונטלאכער פאליטישער צוגרייטונג. צוזאמען מיט שאפער, וואס איז אין פרילינג פון יאר 1850 באפרייט געווארן פון טפיסע, האט ער צונויפגעקליבן ארום זיך א גרופּע „לינקע” קאָמוניסטן, וואס האָבן ניט געוואלט שאלעם מאַכן מיט דער אנגעקומענער יערידע פון דער רעוואָליוציאָנערער כוואַליע און האבן געהאפט מעמאלע צו זיין דעם מאנגעל אין קויכעס דורך אנטשלאסנקייט און פערזענלאכער העלדישקייט.

אין מעשעך פון זומער פון יאָר 1850 איז קלאָר געוואָרן, אז מע דאַרף זיך אָפּזאָגן פון דער האָפענונג אַף די נאָענטסטע באַנייאונג פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. דער אינדוסטריעלער קריזיס פון 1847־טן יאָר, וואָס האט געדינט אַלס איינע פון די סיבעס פון דער רעוואָליוציע פון 1848 יאָר, איז פאַרביי געגאנגען, און זיין אָרט האט פאַרנומען א פעריאָד פון אומגעהערטער אויפבליאונג פון דער אינדוסטריע. מאַרקס און ענגעלס האָבן עס פאַרשטאַנען און האָבן אָפן אַרויסגעזאַגט זייער איבערצייגונג. נאָר דער אינגערער און מער היציקער טייל פונם „קאָמוניסטן־פאַרבאַנד” האָט ניט געקאָנט שאָלעם מאַכן דערמיט. אַפן באָדן פון די דאָזיקע בעלוקע־דייעס איז אין פאַרבאַנד פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג, וואָס האָט געפירט צו זיין צעפאַלונג אַף צוויי פאַרבאַנדן, וואָס בערויש פון איינעם פון זיי זיינען געשטאַנען מאַרקס און ענגעלס, און בערויש פונם צווייטן וויליך און שאַפער. די גרופּן וואָס האָבן זיך אין דייטשלאַנד אנגעשלאָסן אינם ערשטן פאַרבאַנד, זיינען צעקלאפּט געוואָרן אַלס רעזולטאַט פון די מאַי־אַרעסטן פון 1851־טן יאָר און פונם קאָמוניסטן פּראָצעס אין קעלן אין נאָיאַבר פון יאָר 1852, וו[…]ס איז געגאַנגען נאָך די דאָזיקע אַרעסטן. די פיינטלאַכע צו זיי אָרגאַניזאַציע [.]ון וויליך־שאַפער האָט זיי איבערגעלעבט ניט אַף קיין לאַנגע צייט. מיט דער פאַנאַנדער־

לאַזונג פון ביידע צווייגן פונם „קאָמוניסטן־פאַרבאַנד" האָט זיך פאַר־ענדיקט דער ערשטער פעריאָד פון דער דייטשישער אַרבעטער באַ־וועגונג.

די אויפוואַכונג פונם דײַטשישן פּראָלעטאַריאַט באַמערקט זיך פון אָנהויב פון די 60־ער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלגעמיינער אויפלעבונג פון דער אייראָפּייִשער אַרבעטער־באַוועגונג נאָך דער מילכאָמע פון 1859־טן יאָר. אינם דאָזיקן מאָמענט האָט זיך דאָס ראָוו אַרבעטער געפונען אונטער דער פּאָליטישער און אידייִשער אָנ־פירונג פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע, וואָס האָט דעמאָלט געפירט אַ קאַמף מיט דער רעגירונג פאַר די רעכט פונם פּאַרלאַמענט. די קליינצאָליקע פּאָליטיש־אויפקלערערישע אַרבעטער־קרײַזלאַך האָבן זיך אינגאַנצן נאָכגעשלעפּט נאָכן בורזשואזן ליבעראַליזם, און אינם עקאָנאָמישן געביט האָט מען געפּרעדיקט די אַרבעטער „זעלבסטהילף" און „אָפּשפּאָרעניש", אַלס דעם זיכערסטן מיטל צו פאַרבעסערן די לאַגע פונם פּראָלעטאַריאַט. דער הויפּט־פּרעדיקער פון אַזעלכע אידייען איז געווען דער מעסיקער קאָאָפּעראַטאָר שולצע־דעליטש. פון דער אַנ־דער זייט, האָט אויך די רעגירונג אונטער דער אָנפירונג פונם רעאַקציאָנערן גוטבאַזיצער ביסמאַרקן געזוכט צוציען די אַרבעטער אויף איר זײַט, כדיי צו מאַכן זיי פאַר אַ געצייג אין איר קאַמף מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע. כדיי צו דערשלאָגן זיך צו זעלבשטענדיקייט, האָבן די אַרבעטער געמוזט אָפּשלאָגן די אָנ־גריפן פון ביידע זײַטן. אַ גרויסע ראָלע אינם איניען פון באַפרײַען דעם דײַטשישן פּראָלעטאַריאַט פון אונטער דער פּאָליטישער ווירקונג פון דער בורזשואַזיע האָט געשפּילט פערדינאַנד לאַסאַל.

לאַסאַל, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ רײַכער בורזשואַזער מישפּאָכע, האָט זיך פון דער יוגנט אָן אַנגעשלאָסן אָן דער דעמאָקראַטישער באַוועגונג. אין 1848־טן יאָר האָט ער נעבן מאַרקסן גענומען אָן אַנטייל אין דער רעוואָלוציע אָפן ריין און האָט זיך געפּרוּווט אויפצוהייבן אַן אויפשטאַנד אין דיוסעלדאָרף. לאַסאַל האָט זיך געהאַלטן פאַר מאַרקס אָן אָנהייגער. נאָר אין דער עמעסן איז עס געווען ניט אינגאַנצן אַזוי. אין מאַרקס רעוואָלוציאָנערן קאָמוניזם פלעגט לאַסאַל אַריינטראָגן פיל עלעמענטן פונם אַלטן סאָציאַליזם פון די 40־קער יאָרן, בּיפראַט די אַלטע אידייע וועגן נאַציאָנאַלע וואַרשטאַטן, וועגן פּראָדוציר־אַסאָצי־אַציעס, וואָס וועלן געגרינדעט מיט דער הילף פון דער מלוכע און וואָס טוען מיט זייער קאָנקורענץ די קאַפּיטאַליסטישע אינדוסטריע. נאָר לאַסאַל פלעגט דערגאַנצן דעם דאָזיקן געדאַנק מיט דער פאָדערונג פון אַלגעמיינעם וואַלרעכט, און דאָס פלעגט צוגעבן זיין פּראָפּאַגאַנדע אַ רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער, שטוי־סנדיק די אַרבעטער צום געדאַנק וועגן דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט דאַרף פאַר־כאַפּן די מלוכע־מאַכט און אויסנוצן זי פאַר זײַנע קלאַסן צילן. פון דער אַנדער זײַט, האָט אין לאַסאַלס פּראָפּאַגאַנדע געהאַט די איבערוואָג ניט דער אינטער־נאַציאָנאַליסטישער, נאָר דער נאַציאָנאַלער מאָמענט, וואָס האָט אים אויך אָפּגע־פרעמדט פון מאַרקסן. פונדעסטוועגן האָט לאַסאַל אין זיין צײַט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פון דער דײַטשישער אַרבעטער־באַוועגונג מיט

דעם, וואָס ער האָט אַרויסגעריסן די אַרבעטער פון אונטער דער ווירקונג פון דער ליבעראַלער בורזשואַזיע אינם פּאָליטישן געביט, וואָס ער האָט אויפגעטרייסלט די אינערטע מאַסע און וואָס ער האָט געמאַכט אַן אָנהויב פון אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פונם דייטשישן פּראָלעטאַריאַט.

אין 1862=טן יאָר האָבן די אַרבעטער=קרייזלאַך אין לייפּציק און בערלין פאָרטראַכט צונויפצורופן אַן אַלגעמיינעם קאָנגרעס פון די דייטשישע אַרבעטער. האַגאַם די פּראָגראַם פונם דאָזיקן קאָנגרעס האָט געטראָגן אַ גאַנץ מעסיקן כאַראַקטער, נאָר די בורזשואַזיע האָט גלייך דערפילט די געפאַר, וואָס שטייט פאַר איר, און די „פּראָגרעסיסטישע“ (ליבעראַלע) פאַרטיי, וואָס האָט געהאַלטן אין אירע הענט די דאַמאָלדיקע אַרבעטער=באַוועגונג, איז אַנטשיידן אַרויסגעטראָטן קעגן דעם דאָזיקן פּלאַן. ווי אַזוי די בורזשואַזיע פלעגט זיך באַציִען צו די אַרבעטער, וואָס זיינען אַפילע געשטאַנען אויף אַ ליבעראַלן שטאַנדפּונקט, איז צו זעען פון דעם, וואָס זי פלעגט זיי ניט דערלאָזן צו ווערן ווירקלאַכע מיטגלידער פונם אָרגאַניזירטן דורך איר „נאַציאָנאַלן פאַרבאַנד“, נאָר פלעגט זיי פאַרליינגן צו באַנוגענען זיך מיטן נאָמען פון זייַנע ערן=מיטגלידער, דאָס הייסט, אַזוינע, וואָס האָבן ניט קיין ווירקונג אויף די אַניאַנים פונם פאַרבאַנד. נאָכדעם, ווי די בורזשואַזיע איז נאָך לאַנגע מאַכלויקעסן אייַנגעגאַנגען אויף דעם, דער קאָנגרעס זאָל צונויפגערופן ווערן, האָט זי געשטעלט אַזוי פיל מניעס, אַז די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן צו זוכן אַ מאָראַלישע שטיצע אין אַ זייַט. זיי האָבן זיך געווענדעט צו לאַסאַלן, וואָס האָט מיט אַ קורצע צייַט צוריק צוגעצויגן צו זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט מיט זיין רעדע „וועגן דעם מעהוס פון דער קאָנסטיטוציע“, וועלכע ער האָט געהאַלטן אינם בערלינער האַנטווערקער=פאַראיין.

אויף דער אָנפראַגע פון די אַרבעטער האָט לאַסאַל געענטפערט מיט אַן אָפענעם בריוו („דער עפנטלאַכער ענטפער“) דעם לייפּציקער צענטראַל=קאָמיטעט. ער האָט אויפגעוויזן, אַז די מיטלען, וועלכע עס לייגט פאָר די בורזשואַזיע און איר זייל שולצע=דעליטש, זיינען ניט פייאיק צו פירן צו דער באַפרייַאונג פונם אַרבעטער=קלאַס, אַז די געברויכס=געזעלשאַפטן, וואָס ווערן פון זיי רעקאָמענדירט, קאָנען גאָרנישט ניט אויפטאָן קעגן דעם „אייַזערנעם געזעץ פון אַרבעטסלוין“, וואָס הערשט אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, און וואָס דערפירט דעם פאַרדינסט פונם אַרבעטער ביז דעם מינימום, וועלכער איז נויטיק אויף אונטערצוהאַלטן דאָס לעבן פונם אַרבעטער און פון זיין פאַמיליע, און אַז נאָר די פּראָדוציר-אַסאַציאַציעס, וואָס שטיצן זיך אויף מלוכישע הילף, זיינען פייאיק אַרויסצופירן דעם פּראָלעטאַריאַט פון זיין אָפּהייניקער לאַגע. נאָר צוליב דעם דאַרפן זיך די אַרבעטנדיקע פאַראייניקן אין אַ מעכטיקן פאַרבאַנד, קדיי צו עראָבערן דאָס אַלגעמיינע, גלייַכע, דירעקטע און געהיימע וואַלרעכט.

ניט קוקנדיק אויף אַלע טעאָרעטישע און פּאָליטישע בעסרוינעס פונם דאָזיקן דאָקומענט, וואָס איז ניט געשטאַנען אויף דער הויך, וועלכער איז שוין דעמאָלט

דערגרייכט געווארן דורכן סאציאליסטישן געדאנק, האט ער געהאט א קאלא=
סאלע היסטארישע באדייטונג: פון אים הויבט זיך אן די געשיכטע פון
דער דייטשישער סאציאל=דעמאקראטיע. די פראגרעסיסטן, וואס האבן
דערפילט די געפאר, האבן אויסגענוצט די לעצטע רעשטן פון זייער ווירקונג
אפן פראלעטאריאט, קדיי צו דערשלאגן זיך פון פיל ארבעטער=פארזאמלונגען,
זיי זאלן פאראורטיילן די אידייען, וואס זיינען ארויסגעשטעלט געווארן אין לא=
סאלס אפענעם בריוו, און זאלן אים דערקלערן פאר א געציילג פון דער רע=
אקציע. נאר דער לייפציקער צענטראל=קאמיטעט האט זיך מיט א מערהייט
ארויסגעזאגט פאר לאסאלן, און דערנאך האבן זיך דערקלערט פאר סאלידאריש
מיט אים ארבעטער=פארזאמלונגען אין א גאנצער ריי גרויסע שטעט פון דייטש=
לאנד, ווי האמבורג, לייפציק, קעלן, דיוסעלדארף און אנד. אין רעדלהיים האט
זיך צונויפגעקליבן א צוזאמענפאר פון די אויפקלערערישע ארבעטער-געזעל=
שאפטן פון דער מאינצער געגנט, און אפן דאזיקן צוזאמענפאר האבן די ליבע=
ראלן געהאפט צו דערשלאגן זיך די פאראורטיילונג פון לאסאלן. עס איז אבער
פארגעקומען גראד דער היפעך פון דעם. די ארבעטער האבן געוואלט אוים=
הערן ביידע צדאדים, שולצע=דעליטש, וואס האט זיך ניט געקאנט באשליסן אנ=
צונעמען אן אפענעם שלאכט, האט זיך אויסגעדרייט מיטן טערעץ, אז ער איז
פארנומען. נאר לאסאל איז געקומען און האט אפגעהאלטן א פולשטענדיקן ני=
צאכן. אף מארגן, 18=טן מאי, האט ער אפגעהאלטן פונקט אזא ניצאכן אין
מאינץ.

נאכדעם איז ער געפארן קיין לייפציק, וואו עס האט זיך צונויפגעקליבן
דער צוזאמענפאר פון ארבעטער=געזעלשאפטן פון 11 שטעט. דא איז דעם 23
מאי געגרינדעט געווארן דער אלגעמיינער דייטשישער ארבעטער=
פארבאנד, דער ערשטער פרואוו צו שאפן א זעלבשטענדיקע פאליטי=
שע פארטיי פונם פראלעטאריאט. פארן ציל פונם פארבאנד איז דערקלערט
געווארן די דערגרייכונג פונם אלגעמיינעם, גלייכן און דירעקטן וואלרעכט דורך
א „פרידלאכער און געזעצלאכער” אגיטאציע. דער אלגעמיינער וואלרעכט האט
געזאלט זיכערן די ברייטע פארשטייערשאפט פונם פראלעטאריאט און מיטהעלפן
דורך א ריי געזעצגעבונגס=מאסמיטלען דער באזייטיקונג פון די קלאסן סטירעס
פון דער מאדערנער געזעלשאפט. די ארגאניזאציע פונם פארבאנד איז געווען גע=
בויט אף שטרייגג צענטראליסטישע יעסוידעס און האט געזיכערט די דיקטאטארישע
מאכט פאר זיין פרעזידענט. פאר א פרעזידענט איז, פארשטייט זיך, אויסגע=
קליבן געווארן לאסאל.

לאסאל האט געהאפט צו גרופירן אינגיכן אין די רייען פונם פארבאנד עט=
לאכע הונדערט מיטגלידער. נאר דער עמעסער וואוקס פון פארבאנד איז געווארן
פול קלענער, איידער אט די ליכטיקע האפענונגען. ניט געקוקט אף זיין ענער=
גישע אגיטאציע, האט לאסאלן זיך אין דריי באדאשים איינגעגעבן צוצוציען אין
די רייען פונם פארבאנד סאכאקל קארעוו צו טויזנט מאן. צו הארבסט פון יאר
1864 האט זיך איינגעגעבן גרעסער צו מאכן די צאל מיטגלידער ביז 4600
מאן. נאר אויך די דאזיקע צאל האט גאנץ ווייניק אנטשפראכן לאסאלס האפע=

נונגען. עמעס, איס האט זיך איינגעגעבן אין א שטארקער מאס אונטערצוריייסן די האפנונג פון דער ליבעראלער בורזשואזיע אפן פראלעטאריאט. נאר קיין מאסנדיקע ארבעטער-פארטיי האט ער אזוי טאקע ניט געזען פאר זיין לעבן [1].

טיילוויז האבן דעם ערפאלג פון זיין אגיטאציע געשטערט טאקטישע פעלערן וועלכע ער האט דערלאזט און וועלכע זיינען געשטאנען אפן גרענעץ פון פולשטענדיקער פאליטישער טאקטלאזיקייט. געטריבן דורך זיין סינע צו דער ליבעראלער בורזשואזיע, האט לאסאל זיך ניט געקאנט איינהאלטן פון בייגדלען זיך מיט דער רעאקציע. ער האט געמיינט, אז ער וועט אפנארן ביסמארקן און אים מאכן פאר א געצייג פון די ארבעטער-אינטערעסן, און ביסמארק האט, פון זיין זייט, געהאפט אויסצונוצן לאסאלן אין די אינטערעסן פון דער פרייסישער מאנארכיע אין איר קאמף מיט דער ליבעראלער בורזשואזיע. ניט דעם, ניט יענעם האט זיך ניט איינגעגעבן צו דערגרייכן זיין ציל, נאר לאסאל האט אין אט דער צו איבערגעשפיצטער און נאאיווער שפיל באוויזן צו קאמפראמעטירן זיך פאליטיש. קדי צו באווייזן, ווי ווייט עס פלעגט דערגיין זיין טאקטלאזיקייט, וועלן מיר ברייגנען אזא פאקט: ווען אין זאלינגען האט דער פראגרעסיסטישער בורגמיסטר פארווערט פארזאמלונגען פון ארבעטער, האט לאסאל געשיקט ביסמארקן, דעם שעף פון דער פרייסישער פאליציייאישער רעאקציע, א טעלעגראמע, אין וועלכער ער האט זיך געקלאגט, אז די ליבעראלע בורזשואזיע איז אוווער איבער דער פרייהייט פון פארזאמלונגען! לאסאל האט געפירט מיט ביסמארקן, א מיניסטער פון פריצישער מאנארכיע, געהיימע אונטערהאנדלונגען וועגן איינפירן אלגעמיינעם וואלרעכט, האפנדיק, אז ער וועט אים איבערציינגן אין דער נוצלאכקייט פונם דאזיקן אינסטיטוט פאר דער מאנארכיע. לאסאלס אנהייגער זיינען אין דעם פראט אוועק נאך ווייטער פאר זייער לערער, וואס איז פונדעסטוועגן געווען פיל העכער פון זיי מיט זיין סייכל און טאקט, און האבן מיט זייער אויפירונג ארייגעווארפן אין די מויכעס פון פיל ארבעטער א כשאד צו זייער פאליטישער ערלאכקייט. און דאס האט געקאנט בדייגען נאר שאדן דער באוועגונג.

די דאזיקע כעסרוינעס פון דער לאסאליאנישער אגיטאציע האבן אנגענומען א באזונדערס שארפן כאראקטער אין די צייטן פון איינעם פון זיינע נאכגייער אפן פאסטן פונם פרעזידענט פונם אלגעמיינעם דייטשישן ארבעטער-פארבאנד, פון יאאן באפטיסט שווייצער. שווייצער, וואס האט געשטאמט פון אן אלטער אריסטאקראטישער פאמיליע, איז, זייענדיק א ראדיקאלער דעמאקראט, באקאנט געווארן מיט לאסאלן און האט זיך אונטער זיין ווירקונג דערקלערט אין 1863-טן יאר פאר א סאציאליסט. פונם סאף פון 1864-טן יאר האט שווייצער אנגעהויבן ארויסצוגעבן אין בערלין א זשורנאל, דעם „סאציאל-דעמאקראט", אין וועלכן ער האט געעפנט א פארביטערטע קאמפאניע קעגן די בורזשואזע ליבעראלן. זייענדיק אן אנהייגער פון לאסאלס אנשויאונג, וואס לויט איר בילדן אלע בורזשואז

[1] לאסאל איז אומגעקומען דעם 31-טן אווגוסט פון יאר 1864 אף א דועל מיט איינעם א רומענער, וואס איינע א שיינע אריסטאקראטין, וואס לאסאל האט זי געליבט, האט אים אפגעגעבן די בכוירע.

זע פארטייען דורכאויס א רעאקציאנערן בלאק און פארדינען א גלייכע באציאונג צו זיך, האט שווייצער נאך ווינציקער געלונגען איידער לאסאל אנגעווענדעט די דאזיקע האנאכע אין דער פראקטיק. די אנפאלן אף די ליבעראלע בורזשואזיע פלעגן אומבאמערקבאר פארוואנדלט ווערן בא אים אין קאקעטירן מיט דער פרייסישער רעאקציע, וואס איז געשטאנען בא דער מאכט. דער פאליטישער אפארטוניזם, וואס איז געווען בעטעווע אויך פון לאסאלן איז נאך שטארקער געווארן בא שווייצערן. סיי די בורזשואזיע און סיי די דעמאקראטיע האבן דעמאלט געשטרעבט צו דער פאראייניקונג פון דייטשלאנד; אויך די סאציאליסטן האבן געוואלט די דאזיקע פאראייניקונג. נאר די דאזיקע פאראייניקונג האט געקאנט פארקומען מיט צוויי וועגן: אדער מיט דער הילף פון א פאלקס-רעוואלוציע, וואס ווארפט אראפ אלע דייטשישע רעגירונגען און וואס שטעלט אוועק אפן ארט פון דער צוברעקלטער מאנארכיסטישער דייטשלאנד אן איינהייטלאכע דעמאקראטישע רעפובליק, אדער דורך דער פאראייניקונג פון דייטשלאנד אונטער דער מאכט פונם שטארקסטן מאנארך, וואס אזא איז דעמאלט געווען דער האלבזעלבסטהערשענדיקער פרייסישער קיניג. צופאסנדיק זיך צו דער פאקטישער זאכלאגע, האט שווייצער אנגעהויבן דורכצופירן דעם געדאנק, אז די פאראייניקונג פון דייטשלאנד קאן פארווירקלאכט ווערן נאר דורך דער פרייסישער מאנארכיע. דאס פלעגט בא אים איבערגיין אין א דירעקטעם כיינדלען זיך מיט ביסמארקן, וואס האט אפילע גוירעם געווען בא אייניקע צו ווארפן א כשאד אף שווייצערס פאליטישער ערלאכקייט און צו האלטן אים פאר אן אגענט פון דער ביסמארקישער פאליטיק.

מארקס און ענגעלס, וואס האבן דעמאלט געלעבט אין איינגלאנד, און וו. ליבקנעכט, וואס האט פון 1862-טן יאר געארבעט אין דייטשלאנד, האבן טכילאס מאסקים געווען מיטצוארבעטן אין שווייצערס „סאציאל-דעמאקראט“. ווען שווייצערס ארטיקלען האבן דערוועקט ספייקעס אין דער רייניקייט פון זיינע פאליטישע קאוואנעס, האבן זיי אלע, און נאך זיי אויך א ריי אנדערע סאציאליסטן, דערקלערט, אז זיי גייען ארויס פונם באשטאנד פון די מיטארבעטער פון זיין זשורנאל.

שווייצער האט פונדעסטוועגן ווייטער געפירט אן ענערגישע אגיטאציע, פאר וועלכע ער איז אריינגעפאלן אין טפיסע. ביקלאל האט די לאסאליאנישע באוועגונג ניט אויפגעהערט צו מאכן ערפאלגן, האגאם לאנגזאמע, אזוי אז אפן צוזאמענפאר פונם פארבאנד צום סאף נאיאבר פון יאר 1865 זיינען שוין געווען פארגעשטעלט 9,420 מיטגלידער פון 58 פונקטן. איינגיכן האבן די דייטשישע ארבעטער באקומען די מעגלאכקייט צו באנוצן זיך מיט א נייעם קאמפס-געווער, פון וועלכן זיי האבן אין א מעשעך פון פיל יארן געהאט גרויסע ניצן פארן איניען פון אגיטאציע און ארגאניזאציע, נעמלאך, מיטן אלגעמיינעם וואלרעכט, וואס וועגן אים האט לאסאל אזוי פיל געכאלעמט און וואס זיין באדייטונג ער האט אזוי מעגאזעם געווען. נאך דער מילכאמע מיט עסטרייך, וואס האט זיך געענדיקט מיט א ניצאכן פון פרייסן, איז געגרינדעט געווארן דער צאפן-דייטשישער פארבאנד. אין פעווראל פון יאר 1867 זיינען

פארגעקומען די וואלן אינם גרינדונגס-רייכסטאג אפן יעסאד פון אלגעמיינער אפשטימונג. די לאסאליאנער האבן צונויפגעקליבן אף די דאזיקע ערשטע וואלן קארעוו צו 40 טויזנט שטימען און, האגאם זיי האבן ניט דורכגעפירט קיין איין דעפוטאט, נאר זיי האבן זיך איבערצייגט, אז די ארבעטער ווייסן, ווי אזוי אויסצונוצן דעם נייעם מיטל. און אף די וואלן פון 31=טן אווגוסט פון יאר 1867 אין דעם ערשטן ארדנטלאכן רייכסטאג האבן די לאסאליאנער דורכגעפירט צוויי זייערע דעפוטאטן, שווייצערן און ריינקע.

צוזאמען מיט דער לאסאליאנישער באוועגונג האט זיך אין דייטשלאנד אויסגעבילדעט א צווייטע ארגאניזאציע, וואס פון איר איז אויך ארויס אן ארבעטער=פארטיי, וועלכע איז געווען באגייסטערט מיט אנדערע שטרעבונגען. די דאזיקע באוועגונג האט געשטאמט פונם זעלבן מאקער, וואס דער לאסאליאנישער פארבאנד, נעמלאך, פון די אויפקלערערישע ארבעטער קרייזלאך, וואס זיינען געשאפן געווארן דורך דער ליבעראלער פארטיי. מיר האבן שוין אנגעוויזן אף דעם, אז אינם אינדוסטריעלן זאקסן, באזונדערס אין לייפציק, האבן די ארבעטער אנגעהויבן ארויסצואווייזן א שטרעבונג צו באפרייען זיך פון אונטער דער האשפאע פון דער פראגרעסיסטישער פארטיי. צווישן די מיטגלידער פון די ארבעטער קרייזלאך, וואס האבן זיך נאך געפינען אונטער דער בורזשואזער האשפאע, האט אנגעהויבן בארימט צו ווערן דער יונגער טאקער אווגוסט בעבעל. טכילאס האט זיך בעבעל איינגעשפארט געהאלטן פאר בורזשואזע אנשויאונגען און פלעגט ארויסטרעטן קעגן די פרואוון צו שאפן א זעלבשטענדיקע פאליטישע באוועגונג פונם פראלעטאריאט. ביסלאכווייז האט אין אים אנגעהויבן אויפוואכן אן אומצוטרוי צו די בורזשואזע רעדלפירער פון די ארבעטער קרייזלאך. ער האט נאך אבער אלץ געקעמפט קעגן דער לאסאליאנישער פראפאגאנדע. אויסגעקליבן אין 1864 יאר פאר א פארזיצער פונם בילדונגס=פאראיין, האט בעבעל אנטוויקלט א שטארקע אגיטאציע צווישן די ארבעטער. ווען וו. ליבקנעכט, וואס איז ארויסגעשיקט געווארן פון פרייסן און איז אריבערגעפארן קיין זאקסן, איז באקאנט געווארן מיט בעבעלן, האט ער גלייך דערפילט אינם יונגן טאקער אן איינגעבארענעם פירער פון די ארבעטער=מאסן און האט אנגעווענדעט אלע באמיאונגען צו עפענען אים די אויגן אף די היסטארישע אויפגאבן פונם ארבעטער קלאס, און אף ארויסצורייסן אים פון אונטער דער ווירקונג פון די בורזשואזע אידייען. פון דעמאלט אן הויבט זיך אן די איינגע פריינטשאפט פון אט די צוויי מערקווירדיקע מענטשן, וואס האבן ארויסגעפירט די דייטשישע ארבעטער באוועגונג אף א נייעם וועג. ליבקנעכט איז געווען דער הויפט=פריידיקער פון מארקסיסטישע אידייען, דאס הייסט פון אידייען פונם רעוואליוציאנערן קאמוניזם, צווישן די דייטשישע ארבעטער, און אפן דאזיקן וועג האט ער געפינען אין בעבעלן א זעלטענעם מיטהעלפער, וואס האט אינגיכן אליין פארנומען דאס ערשטע ארט. לעגאבע זיין לערער און פריינט האט ער געהאט יענע מאילע, וואס ער האט אליין געשטאמט פון דער ארבעטער=סוויווע און האט דעריבער אויסגעצייכנט געקענט די פסוכאלאגיע פונם ארבעטער. א דאנק זיינע באמיאונגען האבן די

זאקסישע בילדונגס=פאראיינען וואס האבן געבילדעט דעם הויפט-קערן פון די
דייטשישע ארבעטער=קרייזלאך פון אט דעם מין, זיך פאראייניקט אין א געגנט=
פעדעראציע, וועלכע האט געציילט העכער $4^1/_2$ טויזנט מיטגלידער.

דעם 19=טן אווגוסט פון יאר 1866 האט זיך אין כעמניץ צונויפגעקליבן
א קאנפערענץ פון די זאקסישע ארבעטער=קרייזלאך, וועלכע האט געגרינדעט די
„זאקסישע פאלקס=פארטיי”. די פראגראם פון דער דאזיקער פארטיי איז געווען
צוזאמענגעשטעלט אין א בורזשואז=דעמאקראטישן גייסט; זי האט געפאדערט
פרייהייטן, אלגעמיין וואלרעכט, שוץ פאר די ארבעטער=ארגאניזאציעס, באזונדערס
פאר די פראדוצירנדיקע, זי האט גערעדט וועגן דער באפרייאונג פון דער אר=
בעט פון קאלערליי פענטעס, נאר האט ווייט גיט געטראגן קיין סאציאליסטישן
און נאך וויניקער א רעוואליוציאנערן כאראקטער, און איז אפילע געשטאנען
ווייט הינטער דער פראגראם פונם לאסאליאנישן פארבאנד. נאר דער הויפט=
אונטערשייד פון די אנהייגגער פון דער דאזיקער פארטיי פון די
לאסאליאנער איז באשטאנען אין דער באציאונג צו דער פראגע
וועגן דער פאראייניקונג פון דייטשלאנד. אין דער צייט, ווען די לאסא=
ליאנער, שאלעם מאכנדיק מיט דער פאקטישער זאכלאגע, פלעגן זיך ארויסזאגן
פאר א „קליין דייטשלאנד”, (דאס הייסט, מיט אויסשליסן עסטרייך) אונטער דער
איבערהאנט פון פרייסן, זיינען די זאקסישע דעמאקראטן געווען פאר א „גרויס
דייטשלאנד”, דאס הייסט, פאר די פאראייניקונג פון אלע דייטשישע נאכלעס אן
דער דאמינירונג פון באזונדערע גרויסע מאנארכיעס און אף א דעמאקראטישן
יעסאד. אפן דאזיקן באדן איז געגאנגען א פארביטערטער קאמף צווישן די אנ=
הייגגער פוןביידע ריכטונגען. די לאסאליאנער האבן באשולדיקט זייערע קעג=
נער אין א בונד מיט דער ליבעראלער בורזשואזיע און אין אידייאישער אפהייג=
גיקייט פון איר, און די לעצטע האבן באשולדיקט די לאסאליאנער אין כיינדלען
זיך מיט דער פריצישער רעאקציע און אין דינען די אויסזיכטן פון דער פרוי=
סישער מאנארכיע. אינם יעסאד פון ביידע באשולדיקונגען איז געווען א קערנדל
עמעס: דער דאמאלסדיקער דייטשישער ארבעטער קלאס איז נאך ניט געווען
פייאיק צו שאפן א פארטיי, וואס זאל זיין אינגאנצן אומאפהייגיק פון דער בור=
זשואזער האשפאע און וואס זאל שטיין אף אירע אייגענע פיס.

אף די וואלן אינם גרינדונגס=רייכסטאג פון צאפן=דייטשישן פארבאנד האט
די „זאקסישע פאלקס=פארטיי” צונויפגעקליבן קארעוו צו 15 טויזנט שטימען און
האט דורכגעפירט צוויי דעפוטאטן, בעבעלן און שראפסן. און אף די וואלן אינם
ערשטן ארדנטלאכן רייכסטאג האט זי ניט נאר איינגעהאלטן די דאזיקע צוויי
ערטער, נאר האט אויך דורכגעפירט דריי נייע דעפוטאטן, בעסויכאם אויך
וו. ליבקנעכטן. צוזאמען מיט די צוויי לאסאליאנער איז אין רייכסטאג געווען
אף אזא אויפן זיבן ארבעטער=פארשטייער. נאר פון זיי זיינען בלויז צוויי, ליב=
קנעכט און שווייצער, געשטאנען באשטימט אף א סאציאליסטישן שטאנדפונקט;
אלע איבעריקע, בעסויכאם אויך בעבעל, זיינען געווען בירזשואזע דעמאקראטן.
דער שטרייט צווישן די צוויי ריכטונגען האט זיך דער איקער קאנצענטרירט אף
דער פאלעמיק צווישן אט די צוויי מענטשן (ליבקנעכטן און שווייצערן) סיי אין

פארלאמענט און סיי אין דער פרעסע. די פארביטערטע אנפאלן אף שווייצערן דערקלערן זיך אגעוואורכע אויך מיט דעם, וואס אין זיין דיקטאטור אין דעם אלגעמיינעם דייטשישן ארבעטער־פארבאנד האבן זיינע קעגנער איינגעזען די הויפט־מניע צו דער פאראייניקונג פון דער דייטשישער ארבעטער באוועגונג. ליבקנעכטס ארגאן איז געווארן דאס „דעמאקראטישע וואכנבלאט", וואס האט אנגעהויבן ארויסצוגיין אין לייפציק פון 1867־טן יאר.

דער עקאנאמישער קריזיס פון 1866־טן יאר, וואס האט מיטגעהאלפן דער אויפלעבונג פון דער ארבעטער באוועגונג אין גאנץ אייראפע, האט געגעבן א שטויס אויך דער ארבעטער באוועגונג אין דייטשלאנד. פונם דאזיקן שטויס האט געוואונען אויך דער לאסאליאנישער פארבאנד, נאך מער האט פון אים געוואונען די „זאקסישע פאלקס־פארטיי". די ארבעטער־פאראיינען, מיט וועלכע בעבעל האט אנגעפירט מיט גרויס קענטשאפט, האבן אלץ מער זיך באפרייט פון אונטער דער ווירקונג פון בורזשואז־דעמאקראטישע אידייען. ביז וואס פאר א הויך פון פראלעטארישן באוואוסטזיין עס זיינען דערגאנגען די ארבעטער, וואס האבן זיך אנגעשלאסן אן די דאזיקע פאראיינען, האט באוויזן דער פינפטער צוזאמענפאר פון די אויפקלערערישע קרייזלאך אין נירנבערג דעם 5־טן סענטיבר פון יאר 1868. אפן דאזיקן צוזאמענפאר האט די מערהייט, וואס האט פארגעשטעלט 6,480 מיטגלידער, זיך ארויסגעזאגט פאר אננעמען א פראגראם אינם גייסט פונם אינטערנאציאנאל, און די מינדערהייט, וואס האט פארגעשטעלט 5,876 מיטגלידער, איז געווען געצוואונגען ארויסצוגיין פון דער פעדעראציע, קדיי ענטגילטיק אראפצוגיין איגגיכן פון דער פאליטישער ארענע, די רייניקונג פון דער פעדעראציע פון בורזשואזע עלעמענטן איז געגאנגען ווייטער, די אגיטאציע איז אומעטום, באזונדערס אין דארעם־דייטשלאנד, פארשטארקט געווארן, די פאלעמיק מיט די לאסאליאנער איז ניט אפגעשוואכט געווארן, און אין פייער פון די געשעענישן האבן זיך ביסלאכווייז אויסגעארבעט די עלעמענטן פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי. די לעצטע איז געגרינדעט געווארן אפן קאנגרעס אין אייזענאך.

דער דאזיקער קאנגרעס, וואס מיט אים הויבט זיך אן א נייע טקופע אין דער געשיכטע פון דער דייטשישער ארבעטער באוועגונג, איז צונויפגערופן געווארן סיי דורך דער פעדעראציע פון די דייטשישע ארבעטער־קרייזלאך, סיי דורך דער גרופע לאסאליאנער, וואס האט זיך אפגעשפאלטן, און דורך א ריי אנדערע גרופן, וואס זיינען געשטאנען נאענט צו די אידייען פונם אינטערנאציאנאל. שווייצערס אנהייגנער, וואס זיינען אויך געקומען אפן קאנגרעס מיט זייער פירער בעריויש, זיינען איגגיכן אוועק, און די פארבליבענע דעלעגאטן האבן געגרינדעט די „סאציאל־דעמאקראטישע ארבעטער־פארטיי", וועלכע מע פלעגט רופן פאשעט „אייזענאכער" אדער אפט מאל „מארקסיסטן", האגאם קיין מארקסיסטישע איז די פארטיי אייגנטלאך טכילאס ניט געווען. די פראגראם פון דער נייער פארטיי האט זיך אין טאך געגומען ניט אונטערגעשיידט פון דער פראגראם פונם לאסאליאנישן פארבאנד, נאר די ארגאניזאציע איז

געווען געבויט לויט דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ. בערויש פֿון דער פּאַרטײַ איז געשטאַנען א צענטראַל-קאָמיטעט פֿון 5 מיטגלידער, און איבער אים א קאָנטראָל-קאָמיסיע פֿון 15 מיטגלידער. דערבײַ פֿלעגן די דאָזיקע צוויי אָרגאַנען אויסגעקליבן ווערן דורך די פּאַרטיי-מיטגלידער פֿון יענע שטעט, אין וועלכע די דאָזיקע אָרגאַנען האָבן זיך געזאָלט געפֿינען לויט דער באַשטימונג פֿונם קאָנגרעס. דער ליטעראַרישער אָרגאַן פֿון דער פּאַרטיי איז געוואָרן ליבקנעכטס „דעמאָקראַטישעס וואָכנבלאַט" אונטער א נײַעם נאָמען די „פֿאָלקס-מלוכע". דער אײַזענאַכער קאָנגרעס האָט רעקאָמענדירט די מיטגלידער פֿון דער פּאַרטיי אַרײַנצוטרעטן אין אינטערנאַציאָנאַל (אינגאַנצן, אַלס אָן אָרגאַניזאַציע, האָט די פּאַרטיי ניט געקאָנט עס טאָן אָפֿן, לויט די דײַטשישע געזעצן).

די פּאָליטישע באַוועגונג פֿונם דײַטשישן פּראָלעטאַריאַט האָט זיך אַנטוויקלט צעטיילט אויף צוויי ריכטונגען, פֿון היינט אָן האָט נאָך שטאַרקער אויפֿגעפֿלאַקערט דער פֿאַרביטערטער קאַמף צווישן זיי, די „אײַזענאַכער" האָבן פּראָטעסטירט קעגן שווייצערס שטרעבונג אונטערצוּוואַרפֿן די מאַסנדיקע אַרבעטער באַוועגונג אונטער דעם ווילן פֿון איין דיקטאַטאָר און צו מאַכן זי פֿאַר א געווער פֿון פֿעראָזענלאַכער שפּיל. נאָר די לאַסאַליאַנער האָבן, פֿון זייער זייט, געהאַט אַרויסצושטעלן קעגן די אײַזענאַכער ניט קיין ווינציקער שווערער באַשולדיקונג אין דעם, אַז זיי פֿאַסן זיך צו צו בורזשואַזע פֿאַראורטיילן. מיט טריאומף פֿלעגן זיי אָנווײַזן אויף דעם, אַז ליבקנעכט האָט, קדי צוליב צו טאָן דער בורזשואַזער „פֿאָלקס-פּאַרטיי", אין א מעשעך פֿון עטלאַכע כאַדאָשים ניט געהאַט קיין דרייסטקייט אַרויסצוטרעטן צו פֿאַרטיידיקן די רעזאָלוציעס פֿונם באַזעלער קאָנגרעס פֿונם אינטערנאַציאָנאַל וועגן דער סאָציאַליזירונג פֿונם ערד-אייגנטום. אינם בּרען פֿונם פֿראַקציאָנעלן קאַמף זײַנען די לאַסאַליאַנער פֿאַרגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז אָפֿן צוזאַמענפֿאָר פֿונם פֿאַרבאַנד האָבן זיי באַשלאָסן צו שטימען פֿאַר א ליבעראַל, אויב עס וועט פֿאָרקומען א איבערבאַלאָטירונג צווישן אַן „אײַזענאַכער" מיט א ליבעראַל, און אָפּצוהאַלטן זיך פֿון אָפּשטימונג, אויב די איבערשטימונג וועט פֿאָרקומען צווישן אַן „אײַזענאַכער" מיט א רעאַקציאָנער. די „אײַזענאַכער" האָבן אַדראַבע, באַשלאָסן צו שטימען פֿאַר די לאַסאַליאַנישע קאַנדידאַטן, אַבי צו שווייצערן. דער קאָנפֿליקט איז אַרײַנגעטראָגן געוואָרן אויך אין דער פּראָפֿעסיאָנעלער באַוועגונג, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעהויבן.

אינם בּרען פֿון דער דאָזיקער פּאָלעמיק צווישן די צוויי סאָציאַליסטישע גרופּירונגען האָט אויסגעבראָכן די פֿראַנצויזישע פּרייסישע מילכאָמע. אין דער צײַט ווען די בורזשואַזיע איז סיי אין דײַטשלאַנד און סיי אין פֿראַנקרײַך פֿאַרכאַפּט געוואָרן דורך א פּאַטריאָטישער מעשוגאַס, האָבן די אַרבעטער פֿון ביידע לענדער פּראָטעסטירט קעגן דער מילכאָמע. עס איז פֿאָרגעקומען א רײַ גרויסע פֿאָלקס-פֿאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע די דײַטשישע אַרבעטער פֿלעגן דערקלערן וועגן זייער סאָלידאַריטעט מיט די פֿראַנצויזישע ברידער. וואו ניט וואו פֿלעגן, אַגעוו, אָנגענומען ווערן רעזאָלוציעס, וואָס פֿלעגן האַגאַם פֿאַראור-

טיילן די מילכאמע, וואס פלעגן אבער אנערקענען, אז די איניציאטארין פון דער דאזיקער מילכאמע איז די פראנצויזישע רעגירונג. די הינטערקולים=געשיכטע פון דער מילכאמע, בעסויכאם אויך דער אינצידענט מיט דער בארימטער „עמסער דעפעש" איז נאך דעמאלט אף אזוי פיל אומבאוואוסט געווען, אז אפילע דער גענעראל=ראט פונם אינטערנאציאנאל האט אין זיין ערשטער פראקלאמאציע אנערקענט, אז פאר דייטשלאנד איז די מילכאמע א פארטיידיקונגס=מילכאמע. און טאקע דעריבער האבן ליבקנעכט און בעבעל זיך נאר אפגעהאלטן בא דער אפשטימונג פון די מיליטערישע קרעדיטן אין רייכסטאג, און האבן ניט געשטימט קעגן. די לאסאליאנער האבן געשטימט פאר די קרעדיטן. נאכן ניצאכן פון דער פרייסישער ארמיי, נאכדעם, ווי די קויכעס פון דער אימפעריע זיינען צעקלאפט געווארן בא סעדאן און אין פראנקרייך איז פראקלאמירט געווארן א רעפובליק, האבן זיך ביידע פראקציעס ארויסגעזאגט קעגן ווייטער פירן די מילכאמע. נאר די „אייזענאכער" האבן זיך אין דעם פראט אויפגעפירט מער ענערגיש און אויסגעהאלטן, איידער די לאסאליאנער. זיי האבן דעמאלט ארויסגעוויזן א בעמעס=אינטערנאציאנאליסטישן גייסט און האבן פארדינט דעם בעקאוועדיקן נאמען פון מארקסיסטן. דעם 17=טן סענטיאבר פון יאר 1870 האט דער צענטראל=קאמיטעט פון דער פארטיי, וואס האט זיך געפונען אין בראונשווייג, ארויסגעלאזט א מאניפעסט צו די דייטשישע ארבעטער, אין וועלכן ער האט געפאדערט, עס זאל געשלאסן ווערן א בעקאוועדיקער שאלעם מיט דער פראנצויזישער רעפובליק און האט רעקאמענדירט צו פראטעסטירן קעגן דער פארטראכטער דורך דער רעגירונג אנעקסיע פון עלזאס=לאטארינגיע. פאר ארויסגעבן דעם דאזיקן מאניפעסט זיינען די מיטגלידער פונם צענטראל=קאמיטעט טייקעף ארעסטירט געווארן און אוועקגעשיקט געווארן אין קייטן אין א פרייסישע פעסטונג אף דער רוסישער גרענעץ. בא דער פאדערונג פון נייע קרעדיטן אף פארצוזעצן די מילכאמע, וואס פאר איר ציל איז דאס מאל געשטעלט געווארן די אנעקסיע פון עלזאס=לאטארינגיע, האבן די לאסאליאנער געשטימט קעגן די קרעדיטן צוזאמען מיט ליבקנעכטן און בעבעלן. נאכדעם ווי עס האט זיך פארמאכט די סעסיע, זיינען ליבקנעכט און בעבעל ארעסטירט געווארן און מע האט זיי באשולדיקט אין דעם, אז זיי האבן צוגעגרייט א „מלוכע=פארראט". אין מארט פון יאר 1872 האט מען זיי צוזאמען מיט א ריי אנדערע כאוויירים געמישפעט אין לייפציק, און זיי זיינען פארמישפעט געווארן צו צוויי יאר פעסטונג.

די מילכאמע מיט פראנקרייך האט געמאכט אן אנהויב פון א מעכטיקער דייטשישער אימפעריע, וואס די הויפט=מאכט אין איר האבן געהאט די פריצים און וואס די בורזשואזיע האט געשפילט אין איר נאר אן אונטערגעווארפענע ראלע. דעם 3=טן מארט פון יאר 1871 זיינען פארגעקומען די וואלן אינם ערשטן רייכסטאג פון דער פאראייניקטער אימפעריע. אין דער אלגעמיינער פארשיקערטקייט דורך די מיליטערישע ערפאלגן און דורך דער פארווירקלאכונג פונם לאנגאניקן כאלעם וועגן שאפן א גרויסע איינהייטליכע נאציאנאלע מלוכע, איז די סוויווע געווען ניט גאר קיין

גינסטיקע פאר דער סאָציאַל=דעמאָקראטיע. פונדעסטוועגן האָבן די ארבעטער-קאנדידאטן באקומען 101.927 שטימען, וואָס די לאסאליאנער האָבן פון זיי באַקומען 62.952 און די „אייזענאכער" 38.975. אין רייכסטאג זיינען אריינגעפאלן נאָר צוויי „אייזענאכער": בעבעל און שראפס. איינגיכן נאָך די וואלן האָט שווייצער אָנגעגעבן אין דעמיסיע, און אף זיין אָרט איז פאר א פרעזידענט פונם לאסאלינישן פארבאנד אויסגעקליבן געוואָרן האזענקלעווער. אינם קומענדיקן יאָר האָט דער קאָנגרעס פון דער לאסאליאנישער פארטיי אויסגעשלאָסן שווייצערן פונם פארבאנד. נאָכדעם איז ער ענטגילטיק אוועק אין פריוואטן לעבן און איז געשטאָרבן אין 1875=טן יאָר אין שווייץ. איינע פון די הויפט=מניעס צו דער פאראייניקונג פון ביידע סאָציאליסטישע פראקציעס איז אף אזא אופן באזייטיקט געוואָרן.

די פעאָדאלע מאָנארכיע פון פרייסן, וואָס האָט דערוויזן, אז זי איז פייאיק צו פארווירקלאכן דעם אידעאל פון דער דייטשישער בורזשואזיע אין זין פון שאפן א פאראייניקטע און א שטארקע דייטשישע מלוכע איז נאָך די צוויי ניצאָכנדיקע מילכאָמעס מיט עסטרייך און מיט פראנקרייך געווען אפן שפיץ פון טריאומף. די בורזשואזע אָפּאָזיציע, וואָס איז אויך ביז דעמאָלט געווען שוואך, איז איצט קימאט ענטגילטיק געוואָרן צו נישט. די פארטיי פון „פראָגרעסיסטן" האָט געהאט א מאפאָלע און איז פארביטן געוואָרן מיט א נייער בורזשואזער פארטיי פון „נאציאָנאל=ליבעראלן", וואָס זיינען געווען פאר אן אויסגלייך מיט די פריציס צו קעמפן מיט דער דעמאָקראטיע. דעם דייטשישן ליבעראליזם איז דערלאנגט געוואָרן א שטארקער קלאפ, און זיין אָפּשוואכונג האָט אין דער לעצטער שורע געזאָלט זיין נוצלאך פאר דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע, וואָס איז געוואָרן די איינציקע אָפּאָזיציאָנעלע פארטיי אין דייטשלאנד, וועלכע האָט אנטשלאָסן געקעמפט מיט דער הערשאפט פונם רעאקציאָנערן אדל און מיט דעם ניט ווייניקער רעאקציאָנערן גרויס=קאפיטאל.

נאָר נאָך מער האָט מיטגעהאָלפן דער פארשטארקונג פון דער סאָציאל=דעמאָקראטיע די אומגעהערטע אנטוויקלונג פונם דייטשישן קאפיטאליזם. דער גאָלדענער רעגן פון מיליארדן, וואָס זיינען גענומען געוואָרן בא דער באזיגטער פראנקרייך, האָט באפרוכפערט די דייטשישע אינדוסטריע. די אינדוסטריע, באזונדערס די שווערע, האָט זיך אָנגעהויבן גיך צו אנטוויקלען, דער האנדל האָט אָנגעהויבן צו וואקסן. אין א קורצע צייט איז דייטשלאנד פארוואנדלט געוואָרן אין איינס פון די סאמע אינדוסטריעלע לענדער פון דער וועלט און האָט אפילע אָנגעהויבן צו קאָנקורירן אפן אלוועלטלאכן מארק מיט איינגלאנד.

אין איין צייט מיטן וואוקס פון דער אינדוסטריע איז אויך געגאַנגען די אנטוויקלונג פון דער ארבעטער באוועגונג. די דייטשישע סאָציאַל=דעמאָקראטן האָבן זיך סאָלידאריזירט מיט דער פאריזער קאָמונע און האָבן ניט אויפגעהערט

זייער קאמף מיט ביסמארקס פאליטיק. אומזיסט זיינען געווען די רעדיפעס פון דער רעגירונג, וואס האבן זיך מיט א גלייכער ווילדקייט א שאט געטאן אף דער פאליטישער און עקאנאמישער באוועגונג פונם פראלעטאריאט. די רעדיפעס האבן נאר מיטגעהאלפן דער פאראייניקונג פון ביידע קעמפנדיקע פראקציעס. די כעלוקע-דייעס צווישן זיי זיינען שטארק אפגעשוואכט געווארן זינט דער מילכאמע, און די רעדיפעס האבן זיי געשטויסן צו א קעגנזייטיקער דערנעענטערונג. ווען דער פראקוראר טעסענדארף איז אנגעפאלן מיט אכזארישע רעפרעסיעס אף די לאסאליאנער, האט פארמאכט זייער פארבאנד, זייערע פראפעסיאנעלע ארגאניזאציעס, דעם פרויען-פאראיין, און האט זיך דערנאך גענומען פאר די „אייזענאכער“, האבן זיך צווישן דער מאסע אנהייגער פון ביידע ריכטונגען דערהערט שטימען לעטוויואס א פאראייניקונג. די מאסן האבן מער ניט איינגעזען קיין ערנסטע סיבעס פאר א באזונדערער עקסיסטענץ פון צוויי סאציאליסטישע פארטייען. די פאראייניקונגס-קאנפערענץ איז פארגעקומען אין גאטע דעם 14-15-טן פעווראל פון יאר 1875.

די וואלן פון 1874-טן יאר האבן באוויזן, אז ביידע פארטייען האבן אין לאנד קימאט א גלייכע צאל אנהייגער. סאכאקל האבן די סאציאליסטן באקומען 351.670 שטימען, דאס הייסט 5 פראצענט פון אלע שטימען, דערביי האבן די לאסאליאנער צונויפגעקליבן 180.319, און די „אייזענאכער“ 171.351 שטימען, די ערשטע האבן דורכגעפירט דריי דעפוטאטן, די צווייטע זעקס. אלס אן ארגאניזאציע, זיינען די לאסאליאנער געווען שטארקער: אפן פאראייניקונגס-צוזאמענפאר, וואס איז פארגעקומען אין גאטע פון 22-טן ביזן 27-טן מאי פון יאר 1875, איז פון די אייזענאכער געווען 56 דעלעגאטן מיט 9.121 שטימען און פון די לאסאליאנער 73 דעלעגאטן מיט 15.322 שטימען. די ארבעט פונם קאנגרעס איז דורכגעגאנגען גלאט און גיך. דער פראעקט פון א פראגראם פון דער פאראייניקטער פארטיי, וואס מארקס האט אים שטארק קריטיקירט פאר די האנאכעס, וואס זיינען אין אים געמאכט געווארן די לאסאליאנישע פאראורטיילן, איז אנגענומען געווארן דורך אן איבערוועגנדיקער מערהייט. די דאזיקע פראגראם האט אריינגענומען אי דעם „אייזערנעם געזעץ פון ארבעטסלוין“, אי מלוכישע הילף די פראדוצירנדיקע אסאציאציעס, אי די אנערקענונג פון אלע בורזשואזע פארטייען פאר א דורכאויס רעאקציאנערע מאסע. דערפאר איז די ארגאניזאציאנס-פראגע געלייזט געווארן אינם גייסט פון דעמאקראטישן צענטראליזם: די אנפירנדיקע ארגאנען פון דער פארטיי פלעגן אויסגעקליבן ווערן דורכן יערלאכן פארטיי-קאנגרעס. אין דעם ערשטן פאראייניקטן צענטראל-קאמיטעט זיינען אויסגעקליבן געווארן דריי לאסאליאנער און צוויי „אייזענאכער“. טעארעטישע שטרייטן האבן איצט ווינציק וואס אינטערעסירט די אנטיילנעמער פון דער באוועגונג. זיי האט זיך געוואלט שאפן קודעם קאל א שטארקע ארגאניזאציע, וואס זאל זיין בעקויאך ביישטיין אנטקעגן די רעדיפעס מיצאד דער רעגירונג, וואס אף א נייעם אויפרייס פון זיי האבן זיי גרונטלאך געווארט. פאנאנדערגייענדיק זיך פונם צוזאמענפאר, האבן זיינע מיטגלידער

פארשטאנען, אז זיי האָבן געלייגט א פונדאמענט פון א מעכטיקער
ארבעטער פּאַרטיי, וואָס האָט פון היינט אָן געזאלט ארויסטרעטן
צו עראבערן די מאכט אין די אינטערעסן פון דער סאָציאלער
רעוואָלוציע.

אין דער געשיכטע פון דער דײַטשישער ארבעטער באוועגונג האָט זיך
געעפנט א נײַ גלענצנדיק בלאַט.

## .IV

# דער ערשטער אינטערנאציאנאל

## (די אינטערנאציאנאלע ארבעטער-אסאציאציע).

מיר האבן געזעען, אז פון די ערשטע טריט פון דער ארבעטער באוועגונג פלעגן די פראלעטאריער קומען צום באוואוסטזיין פון דער אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט פון זייערע אינטערעסן. מיט דעם, וואס דער קאפיטאליזם פלעגט צוקלאפן די נאציאנאלע מעכיצעס, פלעגט ער מיטהעלפן דער דערנעענטערונג פון פראלעטאריער פון פארשיידענע לענדער און זייער קעגנזייטיקן באקאנען זיך איינע מיט די אנדערע. דערביי פלעגן זיך די ארבעטער איבערצייגן, אז זייער לאגע אין די קאפיטאליסטישע לענדער איז אין טאך גענומען איינע און די זעלבע, און די דערפארונג פונם אלטעגלאכן קאמף פלעגט זיי איבערצייגן אין דער נויטיקייט צו פאראייניקן זייערע קויכעס פאר געמיינזאמע מאיסים. ניט נאר סאציאליסטן, וואס פאר זיי איז די אינטערנאציאנאלע סאלידאריטעט פון די ארבעטער געוועזן דאס איינציקע מיטל פאר דער סאציאלער רעוואליוציע, וועלכע איז אינטערנאציאנאל לויט איר טאך, נאר אויך דורכשניטלאכע אנטיילנעמער פון דער פראפעסיאנעלער באוועגונג האבן געזעען, אז דער עקאנאמישער קאמף פונם פראלעטאריאט קאן ניט דורכגיין מיט ערפאלג אן א קעגנזייטיקן צוזאמענבונד און הילף פון די ארבעטער פון פארשיידענע לענדער. בא אלע זייערע פרואוון צו דערשלאגן זיך די העכערונג פון סכירעס, די פארקירצונג פונם ארבעטסטאג און אנדערע מאסמיטלען פון ארבעטס-שוץ, פלעגן זיך די ארבעטער שטענדיק אנשטויסן אף מניעס, וואס נעמען זיך פון דער קעגנזייטיקער קאנקורענץ צווישן קאפיטאליסטן פון פארשיידענע לענדער. אין דער צייט פון שטרייקן פלעגן די קאפיטאליסטן פון מער פראגרעסיווע לענדער נאך פון גאר א מאל אריינפירן ביליקע און אומאנטוויקלטע ארבעטער פון מער אפגעשטאנענע לענדער. סיי אין זייער רעוואליוציאנערער, סיי אין זייער רעפארמאטארישער טעטיקייט פלעגן זיך די ארבעטער אנשטויסן אפן געדאנק וועגן דער נויטיקייט צו פאראייניקן זייערע באמיאונגען אינם קאמף מיט דער בורזשואזער געזעלשאפט.

די קאפיטאליסטישע ארדענונג קאן ניט עקסיסטירן אן דעם, אז די גרויסע און שטארקע פעלקער זאלן ניט אונטערדריקן די שוואכע, זי קאן ניט עקסיסטירן אן צווישנפעלקערלאכע מילכאמעס און געוואלטאטן. נאר פון די דאזיקע געוואלטאטן און צוזאמענשטויסן האט שטענדיק מער פון אלעמען געליטן דער ארבעטער-קלאס, וואס פארנעמט אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט דאס סאמע נידעריקסטע טרעפל פונם סאציאלן לייטער. דאס אלץ פלעגט אויך וועקן טכילאס א סטיכישן און שפעטער אויך א באוואוסטזיניקן פראטעסט פונם פראלעטאריאט קעגן נאציאנאלער אונטערדריקונג, קעגן מילכאמעס און קעגן מיליטאריזם און פלעגט אים מאכן פאר א טרעגער פון דער אידייע פון אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט פון אלע אונטערדריקטע און פון אלע ארבעטנדיקע. פון דעם מאמענט אן, זינט די פארגעשריטענע ארבעטער זיינען געקומען צו סאציאליסטישע אנשויאונגען און האבן אנגעשריבן אף זייער פאן די פאראייניקונג פון די ארבעטער פון דער גאנצער וועלט פאר א געמיינזאמען קאמף פאר די פולשטענדיקע באפרייאונג פונם פראלעטאריאט, איז דער סטיכישער אינטערנאציאנאליזם פונם פראלעטאריאט פארוואנדלט געווארן אין א באוואוסטזיניקן.

מיר האבן געזען, אז שוין די ערשטע געהיימע פאראיינען פון די פראנצויזישע און דייטשישע ארבעטער זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט אן אומקלארן אינטערנאציאנאליסטישן גייסט. אזא שטימונג איז אויך געווען בא די אמטערסטן באוואוסטזיניקע פארשטייער פונם טשארטיזם, וואס האבן געשאפן דעם פארבאנד „פון דעמאקראטישער ברודערשאפט”. דער „מאניפעסט פון דער קאמוניסטישער פארטיי” האט שוין אויסגעדריקט די אידייע פון פראלעטארישן אינטערנאציאנאליזם אין א גאנץ באשטימטער פארם און האט אים געגעבן א טעארעטישע דערקלערונג. דער לאזונג „פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!”, וועלכן ער האט ארויסגעשטעלט, האט באטייט ניט נאר די אנווייזונג אף די נויטיקייט פון דער באהעפטונג פון די ארבעטער אין יעדן באזונדערן לאנד, נאר אויך די פאראייניקונג פון די באמיאונגען פון די ארבעטער פון אלע קאפיטאליסטישע לענדער צום געמיינזאמען קאמף פאר א סאציאלע רעוואליוציע.

די אידייע פון בילדן אן אלוועלטלאכע פאראייניקונג פון די ארבעטער האט זיך אין די 40-ער און 50-ער יארן פון 19-טן יארהונדערט געטראגן אין דער לופט, האגאם ווינציק ווער עס האט זיך פארגעשטעלט די פארמען פון אזא ארגאניזאציע און אירע צילן. באזונדערס האט זיך די דאזיקע שטרעבונג פארשטארקט פון מיטן פון די 50-ער יארן, ווען, פון איין זייט, האט זיך אין לאנדאן צונויפגעקליבן א מאסע עמיגראנטן פון קאלערליי פעלקער, און ווען, פון דער אנדער זייט, האט אנגעהויבן אויפצולעבן די אף א צייט געוועזט דערשטיקטע ארבעטער באוועגונג. אין אפרעל פון יאר 1856 איז קיין לאנדאן געקומען פון פראנקרייך א דעפוטאציע פון ארבעטער-פרודאניסטן מיטן ציל צו דערשלאגן זיך די גרינדונג פון אן אלוועלטלאכן ארבעטער-פארבאנד. אנאלאגישע געדאנקען האט אויך געהאט דער „אינטערנאציאנאלער קאמיטעט” אין לאנדאן, וואס איז באשטאנען פון אלטע טשארטיסטן און פון רעווא-

ליוציאַנערע עמיגראַנטן פון אַנדערע פעלקער. וועגן דעם האָבן אויך געבאָלעמט די דייטשישע עמיגראַנטן, וואָס האָבן געלעבט אין לאָנדאָן, געוועזענע מיטגלידער פונם „קאָמוניסטן-פאַרבאַנד”, ווי וו. ליבקנעכט, לעסנער, שאפּער, מיטן אַנטייל פון ליבקנעכטן, וואָס איז דעמאָלט געשטאַנען נאָענט צו מאַרקסן, איז אפילע געגרינדעט געוואָרן אַ מין „אינטערנאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע”, וואָס האָט געהאַט אָפּטיילונגען אויך אין אַמעריקע, נאָר וועגן דער טעטיקייט פון אָט דער ווייניק ווירקונגספולער גרופּע איז קימאַט ווי גאָרנישט ניט באַוואוסט. אַל קאָל פּנים איז צו זען, אַז צום אָנהויב פון די 60-ער יאָרן איז דער באָדן פאַר דער אויסבילדונג פון אַ אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אַסאָציאַציע געווען צוגעגרייט.

אַ שטויס צו דער אויסבילדונג פונם אינטערנאַציאָנאַל איז געגעבן געוואָרן דורכן עקאָנאָמישן קריזיס פון 1857-טן יאָר, וואָס האָט אָנגענומען אַ אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער, און דערנאָך דורכן פּאָליטישן קריזיס פון 1859-טן יאָר, וואָס האָט געפירט צו דער מילכאָמע צווישן עסטרייך מיט פּרייסן. צו דער שאַפונג פון אַ אינטערנאַציאָנאַלער פאַראייניקונג זיינען די אַרבעטער געשטויסן געוואָרן דורך די באַדערפענישן פונם עקאָנאָמישן קאַמף און דורך די אַלגעמיינע פּאָליטישע אינטערעסן. נאָר דער אויסערלאַכער שטויס איז געגעבן געוואָרן דורך אַ פראַגע פון אינטערנאַציאָנאַלער אויסערלאַכער פּאָליטיק, נעמלאַך, דורכן פּוילישן אויפשטאַנד, וואָס אים האָט אַל פּי טראַדיציע מיטגעפילט די גאַנצע אייראָפּייאישע דעמאָקראַטיע, באַזונדערס די אַרבעטער-דעמאָקראַטיע. די אַלוועלטלאַכע אויסשטעלונג פון 1862-טן יאָר פון לאָנדאָן האָט געפירט צו דעם, אַז עס האָבן זיך געטראָפן די פאָרשטייער פון די פראַנצויזישע און איינגלישע אַרבעטער, וואָס זיינען דעמאָלט געווען די אַממערסטן פאָרגעשריטענע.

דעם 5-טן אויגוסט פון יאָר 1862 איז פאָרגעקומען אַ פייערלאַכע אויפנאַמע פון 79 דעלעגאַטן פון די פראַנצויזישע אַרבעטער דורך זייערע איינגלישע באַווירים. דערביי איז אין די רעדעס אַרויסגעזאָגט געוואָרן דער געדאַנק וועגן דער נויטיקייט איינצושטעלן אַ אינטערנאַציאָנאַלן צוזאַמענבונד צווישן די פּראָלעטאַריער, וואָס האָבן אַלם מענטשן, בירגער און אַרבעטנדיקע, איינע און די זעלבע אינטערעסן און שטרעבונגען. אַף אַזאַ אופן איז געגעבן געוואָרן דער ערשטער געדאַנק. די באַציאונגען זיינען געגאַנגען ווייטער. דעם 22-טן יולי פון יאָר 1863 זיינען די פראַנצויזישע דעלעגאַטן טאָלען, פעראַשאָן און לימוזען געקומען קיין לאָנדאָן מיט אַן ענטפער פון די פראַנצויזישע באַווירים אַפן אַדרעס פון די איינגלישע אַרבעטער וועגן דער בלוטיקער דערשטיקונג פונם פּוילישן אויפשטאַנד דורכן רוסישן צאַריזם, און אין דעם זעלבן אָוונט זיינען זיי געווען אַף אַ מיטינג לעקאָווער פּוילן. דאָ, און אויך אַף אַנדערע מיטינגען, האָט מען ווידער גערעדט וועגן דער נויטיקייט פון אַן אַ אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון די אַרבעטער. הערביי פלעגן די פּאַקטישע איינגלענדער אַרויסרוקן אַפן ערשטן פּלאַן איר באַדייטונג אין זין פון ניט דערלאָזן אַריינצופירן אויסלענדישע אַרבעטער אין דער צייט פון שטרייקן.

אין סענטיאַבר פון יאָר 1864 זײַנען די פראַנצויזישע דעלעגאַטן ווידער געקומען קיין לאָנדאָן צו נעמען אָן אָנטייל אין אַ נײַעם פּוילישן מיטינג. דאָס מאָל האָבן זיי מיטגעבראַכט אַ קאָנקרעטן פּראָעקט פון אַ קאָמיסיע פאַר אויסטויש מיט יעדיעס איבער פראַגן, וואָס אינטערעסירן די אַרבעטער פון אַלע לענדער. דעם 28־טן סענטיאַבר האָבן די איינגלענדער אָרגאַניזירט אַ גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן מיטינג אין סענט־מאַרטינס כאָל (דאָס הייסט, אינם זאַל פונם הייליקן מאַרטין) אונטערן פאָרזיץ פונם ראַדיקאַלן פּראָפעסאָר בּוסלי. אַפן דאָזיקן מיטינג האָט מען פאַראורטיילט די רויבערישע אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון דער בּורזשואַזיע און מען האָט גערעדט וועגן דער נויטיקייט צו פאַראייניקן די אַרבעטער־מאַסן צום קאַמף מיט דער עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג סײַ אין אינערלעכע און סײַ אין אויסערלעכע איניאַנים, אַלס די אומפאַרמײַדלעכע פּויעל־יוצעם פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. עס איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָליוציע לעטויוואַס דער גרינדונג פון אַ אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבּאַנד מיטן צענטער אין לאָנדאָן, און עס איז אויסגעקליבּן געוואָרן אַ קאָמיטעט פון 21 מיטגלידער אַף אויסצואַרבעטן דעם סטאַטוט. די מערהייט פונם קאָמיטעט איז באַשטאַנען פון די פירער פון דער איינגלישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי אָדזשער, כאַועל, אסבאר, לאַקראַפט; פון פראַנקרײַך זײַנען אַרײַן אין קאָמיטעט דענואַל, לעליובּעז, באָסקע; פון איטאַליע — פאָנטאַנאַ און מעדזיניס סעקרעטאַר וואָלף; און דעם לעצטן אָרט האָט, לעסאָף, באַשיידן פאַרנומען דער „דאָקטאָר מאַרקס”, די נעשאָמע אין דער צוקונפטיקער פירער פונם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט צוזאַמען מיט עקאַריוסן פאָרגעשטעלט די דײַטשישע אַרבעטער. נאָכדעם ווי ער האָט דערגאַנצט זײַן באַשטאַנד דורך קאָאָפּטירונג, האָט דער קאָמיטעט געבילדעט אַ דערווײַליקן גענעראַל־ראַט פונם אינטערנאַציאָנאַל. אַף די פאַרלויפיקע הויצאָעס האָט ער צונויפגעקליבּן קאָרעוו צו 30 רובל און מיט אַזעלכע נישטיקע מיטלען איז ער דרייסט צוגעטראָטן צו זײַן אַרבעט.

פון אַ ריי פאָרגעלייגטע פּראָעקטן פון אַ פּראָגראַם און פון אַ סטאַטוט איז אָנגענומען געוואָרן מאַרקס פּראָעקט. דער „גרינדונגס־אַדרעס” (מאַניפעסט) פונם אינטערנאַציאָנאַל, וועלכן מאַרקס האָט פאָרגעלייגט, האָט געשטרעבט צו פאַראַלגעמיינערן די רעזולטאַטן פון דער היסטאָרישער דערפאַרונג פונם אַרבעטער־קלאַס און קלאָר צו מאַכן אַף פאַקטן פון דער אַלטעגלאַכער ווירקלאַכקייט פאַרן פּראָלעטאַריאַט דעם וועג, מיט וועלכן ער דאַרף גיין אינם קאַמף פאַר זײַנע אינטערעסן. ניט קוקנדיק אַפן קאָלאָסאַלן וואוקס פון דער רײַכקייט אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אינם פּעריאָד 1848 — 1864, איז די לאַגע פון די אַרבעטער ניט געוואָרן בּעסער. פּאַראַלעל מיט דעם איז געגאַנגען דער טריאומף פון דער פּאָליטישער רעאַקציע און די דערשטיקונג פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט. נאָר אַף אָט דעם פינסטערן פאָן זעט מאַרקס איין צוויי ליכטיקע פּונקטן. דאָס איז, ערשטנס, דער איינגלישער געזעץ וועגן דעם 10־שאָעיקן אַרבעטס־טאָג, וואָס שטעלט פאָר מיט זיך אַ ניצאָכן פונם פּרינציפּ פון מלוכישע אַרײַנמישונג אין די בּלינדע ווירקונג פונם

געזעץ פון נאָכפראגע און אָנבאָט, און, צווייטנס, דעם ערפאָלג פון דער קאָ־
אָפעראַטיווער באַוועגונג, וואָס דערווייזט די געזעלשאַפטלאַכע נויטיקייט פונם
קאַפּיטאַליסטן־קלאַס. נאָר קדיי די קאָאָפעראַטיווע כּאַווערשע ארבעט זאָל קאָנען
ראַטעווען דעם פּראָלעטאַריאַט פון זיין עקספּלואַטירונג דורך די קאַפּיטאַליסטן,
דאַרף זי זיין אָרגאַניזירט אין אַ מלוכישן מאַסשטאַב און באַקומען הילף פון דער
מלוכע, נאָר דאָס איז אוממעגלאַך, קאָל זמאַן די מאַכט געפינט זיך אין די הענט
פון דער בורזשואזיע. דעריבער „באַשטייט דער כּיוו פונם אַרבעטער־קלאַס אין
ערראָבערן די פּאָליטישע מאַכט”. די מאַסע שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסע
קראַפט. נאָר קדיי צו האָבן ערפאָלג, דאַרף די דאָזיקע קראַפט זיין אָרגאַניזירט
און פאַראייניקט. קדיי אויסצומיידן אַ מאַפּאָלע, וואָס איז אַ נאַטירלאַכע
זאַך, ווען עס פעלט אויס דער קעגנזייטיקער צוזאַמענבונד און די
שטיצע פון די אַרבעטער פון אַלע לענדער, איז געגרינדעט געוואָרן
די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־אַסאָציאַציע. ניט באַגרענעצנדיק זיך
מיטן קאַמף אין די ראַמען פון איינצעלנע מלוכעס, דאַרף דער אַלוועלטלאַכער
פאַרבאַנד פונם פּראָלעטאַריאַט אַנטקעגנשטעלן דער אויסערלאַכער פּאָליטיק פון
דער בורזשואזיע, וואָס איז געגרינדעט אויף אונטערדריקונג און פאַרכאַפּעניש,
זיין אויסערלאַכע פּאָליטיק, וואָס איז געגרינדעט אויף פּרינציפּן פון אינטערנאַציאָ־
נאַלער ברודערשאַפט און סאָלידאַריטעט פון די אַרבעטנדיקע. דער קאַמף פאַר
אַזאַ אויסערלאַכע פּראָלעטאַרישע פּאָליטיק בילדעט אַ טייל פונם אַלגעמיינעם
קאַמף פאַר די באַפרייאונג פונם אַרבעטער־קלאַס. און דער גרינדונגס־אַדרעס
פונם אינטערנאַציאָנאַל פאַרענדיקט זיך, פּונקט ווי דער קאָמוניסטישער מאַני־
פעסט, מיטן אינטערנאַציאָנאַליסטישן לאָזונג: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער,
פאַראייניקט זיך!”.

אַכוץ דעם, האָט מאַרקס צוגעשטעלט אַ פּראָעקט פונם סטאַטוט פונם
אינטערנאַציאָנאַל. די מאָטיווירונג, וואָס איז געווען פאַרן סטאַטוט, איז געווען
פאָלגנדיקע:

„נעמענדיק אין באַטראַכט:

„אַז די באַפרייאונג פון די אַרבעטער דאַרף זיין די זאַך פון די אַרבעטער
גופא; אַז, קעמפנדיק פאַר זייער פרייהייט, דאַרפן די אַרבעטער שטרעבן ניט
צו שאַפן נייע פּריווילעגיעס, נאָר איינצושטעלן גלייכע פאַר אַלעמען רעכט און
היסכאַיוועסן און צו פאַרניכטן יעדע קלאַסן־הערשאַפט;

„אַז די עקאָנאָמישע אונטערגעוואָרפנקייט פונם אַרבעטער אונטער דעם
אייגנטימער פון די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, דאָס הייסט, פון די מעקוירים פונם
לעבן, בילדעט די גרונט־סיבע פון קנעכטשאַפט אין אַלע אירע מינים, פון יעדער
סאָציאַלער אָרעמקייט, גייסטיקער פאַרטעמפּטקייט און פּאָליטישער אָפּהענגיקייט;

„אַז די עקאָנאָמישע באַפרייאונג פונם אַרבעטער־קלאַס איז דעריבער יענער
גרויסער ציל, וואָס יעדע פּאָליטישע באַוועגונג דאַרף זיין אונטערגעוואָרפן אונ־
טער אים אַלס אַ מיטל;

„אַז אַלע שטרעבונגען צו דערגרייכן דעם דאָזיקן גרויסן ציל האָבן ביז
איצט ניט געהאַט קיין ערפאָלג מאַכמעס דעם, וואָס עס האָט אויסגעפעלט די

סאָלידאַריטעט צווישן די אַרבעטער פון פאַרשיידענע פּראָפעסיעס אין יעדן לאַנד, און מאַכמעם דעם, וואָס עס האָט אויסגעפעלט אַ ברודערלאַכער בונד צווישן די אַרבעטער פון פאַרשיידענע לענדער;

„אַז די באַפרײַאונג פון די אַרבעטער איז ניט קיין אָרטיקע אָדער נאַציאָנאַלע, נאָר אַ סאָציאַלע אויפגאַבע, וואָס נעמט אַרום אַלע לענדער, אין וועלכע עס עקסיסטירט די נײַסטע געזעלשאַפט, און וואָס קאָן געלייזט ווערן נאָר דורך דער קענגזײַטיקער פּראַקטישער און טעאָרעטישער מיטווירקונג פון דער מערהײַט פון די פּאָרגעשריטענע לענדער;

„אַז די באַוועגונג, וואָס ווערט איצט באַנײַט צווישן די אַרבעטער פון די אַממערסטן אינדוסטריעלע לענדער פון אייראָפּע איז, וועקנדיק נײַע האָפענונגען, גיט זי צוזאַמען מיט דעם אַ פּײַערלאַכע האַסראָע קעגן די אַלטע פעלערן און צווינגט צו שטרעבן צו דער פאַראייניקונג פון די לעסאַטע צעבראָקלטע באַמיאונגען; —

„צוליב דעם אויבן געזאָגטן:

„איז די אונטן געכאַסמעטע מיטגלידער פונם קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן דורך דער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז פּאָרגעקומען דעם 28-טן סעפּטעמבער פון יאָר 1864 אין סענט-מאַרטינס האָל אין לאָנדאָן, האָבן אָנגענומען די נויטיקע מיטלען צו גרינדן אַ אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער אַסאָציאַציע.

„זיי דערקלערן, אַז די דאָזיקע אינטערנאַציאָנאַלע אַסאָציאַציע, ווי אויך אַלע געזעלשאַפטן אָדער פערזענלאַכקייטן, וואָס וועלן זיך אָן איר אַנשליסן, וועלן אָנערקענען דעם עמעס, גערעכטיקייט און מאָראַלישקייט פאַר אַ יעסאָד פון זייערע באַציאונגען צו אַלע מענטשן, אומאָפּהיינגיק פון ראַסע, רעליגיע און נאַציאָנאַליטעט.

„זיי האַלטן פאַר אַ כוויו צו דערשלאָגן זיך מענטשן-און בירגער-רעכט ניט נאָר פאַר זיך אַליין, נאָר אויך פאַר יעדן מענטשן, וואָס פירט אויס זײַנע היסבּאַיוועסן. ניטאָ קיין היסכאַיוועסן אָן רעכט, ניטאָ קיין רעכט אָן היסכאַיוועסן.

„און אינם דאָזיקן גייסט האָבן זיי צונויפגעשטעלט דעם דערוויילניקן סטאַטוט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָציאַציע".

די אויפגאַבע פונם אינטערנאַציאָנאַל איז געווען צו דינען אַלס אַ פאַרבינדנדיקער, אינטערנאַציאָנעלער און ווירקנדיקער צענטער צווישן די אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיידענע לענדער וואָס שטרעבן צו איינעם און דעם זעלבן ציל, און נעמלאַך: צו קענגזײַטיקער שטיצע, צו פּראָגרעס און צו פולשטענדיקער באַפרייאונג פונם אַרבעטער קלאַס. דער צענטראַלער קאָמיטעט פונם פאַרבאַנד (דער גענעראַל-ראַט) האָט זיך געזאָלט געפינען אין לאָנדאָן און באַשטיין פון פאָרשטייער פון אַרבעטער פון פאַרשיידענע פעלקער, וואָס שליסן זיך אָן אינם אינטערנאַציאָנאַל. דער אויבער-אָרגאַן פונם אינטערנאַציאָנאַל איז געווען דער יאָרלאַכער אַלגעמיינער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס. לויט אײַנצעלנע לענדער האָט זיך ביסלאַכווײַז אויסגעאַרבעט אָט וואָס פאַר אַ אָרגאַניזאַציע: די אָרטיקע גרופּן אָדער סעקציעס פלעגן זיך פאַראייניקן

אין ראיאָנישע אָדער געגנטלאַכע פאַרבאַנדן, און די לעצטע פלעגן צוזאַמען בילדן אַ נאַציאָנאַלע פעדעראַציע, וואָס בערויש פון איר פלעגט שטיין דער פעדעראַל-ראַט, וואָס פלעגט זיך באַציִען מיטן גענעראַל-ראַט. נאָר, אַגעוו, האָט יעדער באַזונדערע סעקציע געהאַט דאָס רעכט פון אומיטלבאַרע באַציִונגען מיטן גענעראַל-ראַט. די גרונט אויפגאַבע פונם אינטערנאַציאָנאַל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געוואָלט ווערן אַ אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער פאַרטיי, וואָס שטעלט זיך פאַר אַ ציל אָנצופירן מיט דער גאַנצער באַוועגונג פונם אַרבעטער קלאַס, סײַ מיט דער עקאָנאָמישער און סײַ מיט דער פּאָליטישער. אַזאַ אויפגאַבע האָט ער זיך געקאָנט און געדאַרפט שטעלן, ווײַל קײַן אַרבעטער פאַרטייען איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אין קײַן איין לאַנד.[1]) זיי זײַנען גראַד אויפגעקומען אַלס אַ רעזולטאַט פון דער טעטיקייט פונם אינטערנאַציאָנאַל.

מאַרקס איז געשטאַנען אַף אַ קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט. אין אַזאַ גייסט איז אויך צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן די פּראָגראַם, וועלכע ער האָט פאָרגעלייגט און וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן. נאָר ניט נאָר די מאַסן, נאָר דאָס ראָוו פון אירע פירער, בעסויכּאָם אויך פון די, וואָס האָבן געשטימט פאַר מאַרקס פּראָעקט, האָבן זיך נאָך ניט דערהויבן ביז אַ קאָמוניסטישער וועלטאַנשויאונג. עס איז פאַרגעשטאַנען אַ לאַנגער קאַמף אינעווייניק אינם אינטערנאַציאָנאַל און אין די אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן אים, קדיי עס זאָל זיגן די דאָזיקע פּראָגראַם. מיט אָט דעם אידייאישן קאַמף איז געווען פאַרפולט די געשיכטע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָציאַציע.

די היסטאָרישע באַדײַטונג און דעם עמעסן זין פונם אינטערנאַציאָנאַל האָבן די ערשטע צײַט ניט פאַרשטאַנען זײַנע צוקונפטיקע סאָנים, און אַפילע פיל פון זײַנע אָנהייענגער. טכילאָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָנם אינטערנאַציאָנאַל אַפילע אייניקע פילאַנטראָפּיש-געשטימטע בורזשוא. די הויפּט-גרינדער פונם אינטערנאַציאָנאַל, די פראַנצויזישע פּרודאָניסטן און די ענגלישע טרעד-יוניאָניסטן, האָבן אויך קנאַפּ וואָס פאַרשטאַנען זײַנע עמעסע אויפגאַבן. נאָר אַזעלכע זײַנע באַגײַסטערער, ווי מאַרקס, האָבן געוואוסט, וואָס זיי האָבן געטאָן, ווען זיי האָבן אַפּעלירט צום פּראָלעטאַריאַט, צו זײַן קלאַסן באַוואוסטזײַן און צו זײַן קלאַסן אינסטינקט. די ווײַטערדיקע אַנטוויקלונג פונם אינטערנאַציאָנאַל האָט געמוזט אַנטוישן אַי די ראַדיקאַלע בורזשואַ, וואָס האָבן אין אים אײַנגעזען אַ מין נײַע אויפלאַגע פון בורזשואַזער „זעלבסטהילף", אַי אַזעלכע אָפּגעשטאַנענע פירער פון דער אַרבעטער באַוועגונג, ווי די פּאַריזער פּרודאָניסטן.

דער אינטערנאַציאָנאַל האָט געזאָלט, ווי מאַרקס האָט שפּעטער געשריבן, אָפּן אָרט פון די סאָציאַליסטישע און האַלבסאָציאַליסטישע סעקטעס און גרופּקעלאַך, וואָס זײַנען דעמאָלט געווען אין דער אַר-

[1]) אויב מען זאָל ניט רעכענען דעם לאַסאַליאַנישן פאַרבאַנד אין דײַטשלאַנד, וואָס איז דעמאָלט נאָך געווען צו שוואַך און איז אויפגעקומען ערשט מיט אַ יאָר פאַר דער גרינדונג פונם אינטערנאַציאָנאַל.

בעטער באוועגונג, אוועקשטעלן א ווירקלאכע קאמפס=ארגאניזאציע
פונם ארבעטער קלאס. אף דער ערשטער שטופע פון דער ארבעטער באוועגונג
האבן נאך סעקטעס א היסטארישע בארעכטיקונג. נאר מיטן וואוקס פון דער ארבעטער
באוועגונג, מיט דער אנטוויקלונג פונם זעלבסטבאוואוסטזיין פונם פראלעטארי=
אט דעגענערירן די סעקטעס און ווערן א מניעה אף זיין וועג. די געשיכטע פונם
אינטערנאציאנאל איז געווען א קעסיידערדיקער קאמף פונם גענעראל=ראט מיט
די סעקטעס אין דער ארבעטער באוועגונג, וואס האבן זיך געפרואווט צו בא=
פעסטיקן זיך אינם אינטערנאציאנאל גופא. דעם דאזיקן קאמף מיט דער סאציא=
ליסטישער סעקטאנטישקייט האט געפירט דער איקער א גרופע טוער, וואס
האט זיך צונויפגעקליבן ארום מארקסן און וואס האט זיך געפינען אינטער זיין
אידייאישער ווירקונג. די ערשטע יארן האבן אים אונטערגעהאלטן די איינגלענדער
און אויך די פריערדיקע אנטיילנעמער פונם „קאמוניסטן=פארבאנד". פון מארקס
שטאנדפונקט האט די פון זיך אנגעהויבענע סטיכישע באוועגונג פונם פראלעטאריאט
אין דער לעצטער שורע אומפארמיידלאך געמוזט פירן צום ניצאכן פונם סאצי=
אליזם, אויב די אנפירנדיקע עלעמענטן פון דער באוועגונג וועלן קענען אויס=
נוצן די דערפארונג פונם ארבעטער קלאס, קדיי אפצורייניקן זיין וועלטאנשוי=
אונג פון פארעלטערטע קוקן און אויפצואווייזן אים אפן ביישפיל פון זיין פאק=
טישן קאמף, אז נאר אפן באדן פון א סאציאלער רעוואליוציע קאן ער זיך דער=
שלאגן זיין באפרייאונג. עס איז נויטיק געווען ניט שטעלן זיך קווער אפן וועג
פון דער נאטירלאכער אנטוויקלונג פון דער ארבעטער באוועגונג, ניט אראפפירן
זי פונם דערעך מיט פארשיידענע פאנטאסטישע פראעקטן און שולסיסטעמען, און,
פון דער אנדערער זייט, דארף מען זי ניט פארפירן, ניט שטויסן זי מיט אמאל
אף ארויסטרעטונגען, צו וועלכע זי איז ניט צוגעגרייט דורך דער פריערדיקער
אנטוויקלונג.

די ווירקונג פונם אינטערנאציאנאל האט זיך פארשפרייט אף
ארבעטער, וואס זיינען געשטאנען אף די סאמע פארשיידענע שטופן
פון פאליטישער און גייסטיקער אנטוויקלונג. דעריבער האט מארקס גע=
האלטן פאר נויטיק צו קאנצענטרירן די אויפמערקזאמקייט פון די אנטיילנעמער
פון דער באוועגונג אף א זעלכע פונקטן, וואס דערלאזן אן אוממיטלבארן אויס=
גלייך צווישן די ארבעטער און מאכן מעגלאך זייערע געמיינזאמע טאטן, וואס
גיבן צוזאמען דערמיט מאטעריאל און א שטויס פאר די באדערפענישן פונם
קלאסנקאמף און פון דער קלאסן ארגאניזאציע פון די ארבעטער. נאר, צוגייענ=
דיק פארזיכטיק צו דער שטעלונג פון די גרונט-פראגן פאר דער מאסע, וועלכע
האט אקערשט אויפגעוואכט צום פאליטישן לעבן, האט מארקס צוזאמען מיט
דעם געפאדערט פון די אנפירער פון דער באוועגונג, זיי זאלן שטיין אף א גע=
בונגדיקער טעארעטישער הויך און זיי זאלן ניט פארהאלטן די אנטוויקלונג פון
דער מאסן=באוועגונג מיט זייערע אפגעשטאנענע אנשויאונגען.

אט דער גאנצער אידייאישער קאמף פלעגט פארקומען אף די קאנגרעסן
פונם אינטערנאציאנאל, אינווייניק אין די באזונדערע פעדעראציעס און סעקציעס
און אין די באציאונגען פונם גענעראל-ראט מיט די ארטיקע ארגאניזאציעס. סא=

באקל איז געווען פינף קאנגרעסן, ניט רעכענענדיק צוויי קאָפערענצן. אף די דאזיקע צוזאמענפארן פון פארשטייער פון דער אינטערנאציאנאלער ארבעטער־באוועגונג פלעגן באהאנדלט ווערן די וויכטיקסטע פראגן, וועלכע דאס לעבן שטעלט פארן מאדערנעם פראלעטאריאט, און עס פלעגן אויסגעארבעט ווערן די גרונט־פרינציפן פונם סאציאליזם. קדיי ריכטיק אפצושאצן די גאנצע באדייטונג פונם ערשטן אינטערנאציאנאל, דארף מען געדיינקען, אז אין יענער צייט איז נאך די מאסנדיקע ארבעטער־באוועגונג ניט געווען ארויס־עגאנגען פון דער אנפאנגלאכער שטופע פון איר אנטוויקלונג, אז עס איז נאך ניט געווען קיין מער אדער וויניקער שטארקע פראפעסיאנעלע באוועגונג (ניט רעכענענדיק איינגלאנד) און אז עס איז אין ערגעץ ניט געווען קיין פאליטישע פארטייען פונם פראלעטאריאט. נאך מער, קימאט אין קיין איין לאנד האבן די ארבעטער ניט געהאט קיין פאליטישע רעכט און האבן ניט גענומען קיין אנטייל, לעכאלאפאכעס באוואוסטזיניק, אינם פאליטישן לעבן. דעם דאמאלסדיקן פראלעטאריאט האט מען אי געדארפט געבן א טעאריע, אי אנווייזן אים דעם וועג פון מאיסים און קאמף, מיט איין װארט, מע האט אים געדארפט געבן די פראגראם און די טאקטיק פון דער ארבעטער באוועגונג. און די דאזיקע אויפגאבע האט אויסגעפירט דער ערשטער אינטערנאציאנאל.

דער ערשטער קאנגרעס, וואס מע האט געהאט בעדייע צונויפצורופן אין בריוסעל אין 1865־טן יאר, איז ניט פארגעקומען און איז פארביטן געווארן מיט א קאנפערענץ אין לאנדאן. אכוץ די באוואוסטע אונדז טוער פונם איינגלישן טרעד־יוניאניזם און די פרודאניסטן, האבן זיך אף איר באוויזן נייע מענטשן ווי וואַרלען, וואס אים איז אינגיכן אויסגעקומען צו שפילן אזא גרויסע ראלע אין דער פראנצויזישער ארבעטער־באוועגונג, דער בעלגישער דאקטאר צעזאר־דע־פאפ, וואס איז אוועק „אין פאלק” און וואס האט אויסגעקליבן צוליב דעם די מלאכע פון א זעצער, דער וועטעראן פון דער רעוואליוציע י.—פ. בעקער, וואס האט ארגאניזירט דייטשישע סעקציעס אין דער שווייץ און אנד. די קאנפערענץ האט קלאר געמאכט די שוואכקייט פון דער ארבעטער־באוועגונג אין אלע לענדער, אכוץ, עפשער, איינגלאנד, דאס אויספעלן פון מיטלען, די הערשאפט צווישן די ארבעטער אדער פון קליינבירגערלאכע, אדער פון אומקלארע בונטארישע אידייען און א. וו. פונדעסטוועגן האט זי געהאלפן די אנפירער פונם אינטערנאציאנאל צונויפצורייידן זיך וועגן די גרונט־פראגן און האט געגעבן א געווויסן שטויס דער אנטוויקלונג פון דער באוועגונג צווישן די ארבעטער פונם קאנטינענט.

אין איינגלאנד האבן זיך ביזן זשענעווער קאנגרעס אנגעשלאסן אנם אינטערנאציאנאל 15 פאראיינען (נאך אים נאך 13); אין פראנקרייך האבן צו דעם מאמענט עקסיסטירט סעקציעס אין פאריז און אין די פראווינציעלע שטעט; לעסאף, איז אין דער שווייץ ארגאניזירט געווארן אדאנק דער ענערגישער טעטיקייט פון י.—פ. בעקערן אין זשענעווע א צענטראלער שווייצאריש־דייטשישער קאמיטעט, וואס זיין דייטשישער אפטייל איז געווארן דער ארגאניזאציאנס־צענטר פונם

אינטערנאַציאָנאַל פאַר דײַטשלאַנד (בעסויבאָם אויך פאַר עסטרײַך). פון דער אַנדערער זײַט, איז די ראָמאַנישע סעקציע אין זשענעווע געוואָרן דער אָרגאַניזאַציאָנס-צענטער פאַר דער פראַנצויזישער יורע. דערבײַ איז איר האַשפּאָע דערגאַנגען ביז מאַרסעל און ליאָן (דאָס האָט שפּעטער אויסגענוצט באַקונין). צום אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אַ באַדײַטנדיקער טײל פון די שווייצאַרישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן. דער זשורנאַל „דער פאָרבאָטע" (אָנזאָגער), וואָס בעקער האָט אַרויסגעגעבן פון אָנהויב 1866-טן יאָר, האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער געשיכטע פונם אינטערנאַציאָנאַל, באַזונדערס אין די לענדער פון דער דײַטשישער שפּראַך.

דער ערשטער אַלגעמײנער קאָנגרעס פונם אינטערנאַציאָנאַל איז פאָרגעקומען אין זשענעווע פון 3-טן ביזן 9-טן סענטיאַבר פון יאָר 1866. אַפן קאָנגרעס זײַנען געווען פאָרגעשטעלט 22 סעקציעס דורך 46 דעלעגאַטן און 11 געזעלשאַפטן, וואָס האָבן זיך אָן אים אָנגעשלאָסן, דורך 14 דעלעגאַטן. דער צוזאַמענפאָר האָט באַשטעטיקט דעם סטאַטוט פונם אינטערנאַציאָנאַל צוזאַמען מיט דער אויבנגעבראַכטער מאָטיווירונג, וואָס האָט געבילדעט קעמוי די פּראָגראַם פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאָציאַציע. אַזוי ווי אין דאָס ראָוו לענדער זײַנען ניט געווען קיין נאַציאָנאַלע צענטראַלע אָרגאַניזאַציעס, האָט דער גענעראַל-ראַט באַקומען נאַטירלאַך גאַנץ ברייטע פולמאַכטן, און דאָס האָט דעמאָלט ניט אַרויסגערופן קיינע שום דערווידערונגען, האָגאַם אַפן קאָנגרעס זײַנען געווען גיליאָם און שווייצהעבעל, באַקונינס צוקונפטיקע מיטקעמפער.

דער קאָנגרעס האָט באַהאַנדלט די פראַגן וועגן דער באַדײַטונג פון דער פּראָפעסיאָנעלער און קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג, וועגן אינטערנאַציאָנאַלער קעגנזײַטיקער הילף אינם קאַמף מיטן קאַפּיטאַל, וועגן דער פאַרקירצונג פון דער אַרבעט-צײַט ביז 8 שאָ, וועגן דער אַרבעט פון ניט דערוואַקסענע און קינדער, וועגן דירעקטע און אומדירעקטע שטייערן, וועגן קאַמף מיט דער הערשאַפט פון דער רוסישער אַליינהערשאַפט אין אייראָפּע, וועגן דער פאַרניכטונג פון דער שטענדיקער אַרמיי און פאַרבײַטן זי דורך דער אַלגעמײנער באַוואָפענונג פונם פאָלק און א. וו. די פּרודאָניסטן פלעגן אַרײַנטראָגן אומגעלומפּערטע פאָרשלאָגן, פלעגן קאַליע מאַכן, אַף וויפל ס'איז געווען אין זייערע קויכעס, די רעזאָליוציעס, וואָס זײַנען פאָרגעלייגט געוואָרן דורכן גענעראַל-ראַט און וואָס זײַנען דאָס ראָוו אָנגעשריבן געוואָרן דורך מאַרקסן (וואָס איז ניט געווען אַליין אַפן קאָנגרעס), נאָר קיין באַזונדערס שאַרפע כעלוקע-דייעס איז ניט געווען צו באַמערקן אַפן צוזאַמענפאָר. מע דאַרף, אַגעוו, באַמערקן, אַז די גרונט-פראַגן פונם סאָציאַליזם זײַנען ניט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין זייער גאַנצן וואוקס אַפן דאָזיקן קאָנגרעס, און ווען זיי פלעגן אַליין אַרויסרוקן זיך אינם פּראָצעס פון די וויקוכים, פלעגן זיי פאַרענטפערט ווערן פאַרבײַגייענדיק, אָן דער אַנטוויקלונג פון קאָנקרעטע פּראָטים, וואָס פלעגן שפּעטער אַרויסרופן שטורמישע שטרײַטן. אַזוי איז געווען, לעמאָשל, מיט דער פראַגע וועגן פּאָליטישן קאַמף, וואָס אַף איר האָט מען אין זשענעווע לעבאַטכילע ניט געווענדעט קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. פאַר די פאָרמול, וואָס האָט געזאָגט, אַז די פּאָליטישע באַווע-

גונג דארף זיין אונטערגעווארפן, אלס א מיטל, אונטער דער עקאנאמישער באוועגונג, האבן געשטימט אלע, ניט אריינגלייגנדיק אין איר קיין שום באשטימטן אינהאלט. קיינער האט דעמאלט ניט צוגעגעבן דעם דאזיקן פונקט קיין ערנסטע באדייטונג (אחוץ די באוואוסטזיניקע קאמוניסטן פון מארקס טיפ), קיינער האט ניט געטראכט, אז ארום אים וועט אויפפלאקערן דער סאמע פארביטערטער קאמף.

נאכן זשענעווער קאנגרעס איז דער וואוקס פון דער ווירקונג פונם אינטערנאציאנאל אוועק מיט א גיכן טעמפ. דער עקאנאמישער קריזיס פון 1866=טן יאר האט ארויסגערופן א ברייטע שטרייק=באוועגונג סיי אין איינגלאנד און סיי אפן קאנטינענט. פון דער אנדערער זייט, האבן די קאפיטאליסטן אנגעהויבן ברייט אנצואווענדן לאקאוטן. דער אינטערנאציאנאל האט געאיילט צו קומען צו הילף די קעמפנדיקע ארבעטער, אף וויפל דאס האבן דערלויבט זיינע באגרענעצטע מיטלען. די דאזיקע אריינמישונג פונם אינטערנאציאנאל אין שטרייק=קאמף האט זיך אויסגעדריקט, ערשטנס אין דעם, וואס ער פלעגט ניט דערלאזן אריינפירן אויסלענדישע ארבעטער פון איין לאנד אין צווייטן. אף צו פארבייטן די שטרייקער (ווי למשל, ב'איים דעם שטרייק פון די זיפ=מאכערס, די שניידער און קערבפלעכטער אין לאנדאן) און, צווייטנס, אין דירעקטער הילף די שטרייקער דורך דער ארגאניזירונג פון געלט=זאמלונגען. דאס אלץ האט אים געשאפן א קאלאסאלע פאפולערקייט אין דער ארבעטער מאסע, וואס האט אנגעהויבן צוגעוואוינען זיך צום געדאנק, אז דער אינטערנאציאנאל איז דער זיכערסטער פארטיידיקער פונם פראלעטאריאט און אז ער שטייט מונטער אף דער וואך פון די ארבעטער אינטערעסן. דער שטרייק פון די ארבעטער פונם בראנזע פאך אין פאריז אין 1866=טן יאר, דער זיבנכאדאשעמדיקער שטרייק פון די שניידער אין לאנדאן, די פילצאליקע שטרייקן פון די פראנצויזישע און בעלגישע קוילנגרעבער, דער שטרייק פון די בוי=ארבעטער אין זשענעווע פון 1868=טן יאר — זיי אלע זיינען דורכגעגאנגען בא א מער אדער ווייניקער אקטיוון אנטייל פונם אינטערנאציאנאל אין דער פערזאן פון זיין גענעראל=ראט און פון די ארטיקע סעקציעס. די פרודאניסטן, וואס האבן ניט פארשטאנען די באדייטונג פון אט דער מאסנדיקער ארבעטער באוועגונג, פלעגן מיט צארן פראטעסטירן קעגן דעם שטרייק=אזארט און פלעגן מיט באוואונדערונג צוזען, ווי אינם רעזולטאט פון דער דאזיקער אגיטאציע „גייט א רעקרוטירונג אין די ווארשטאטן, און מען שליסט זיך אן אינם אינטערנאציאנאל פונקט אזוי פאשעט, ווי מען לייגט פאר און מען טרינקט אויס א גלאז וויין“. עמעס, דאס דאזיקע מאסנדיקע אנשליסן זיך איז לאבלוטן ניט געווען קיין סימען פון דעם, אז די מאסן ווערן פעסט דורכגעדרונגען מיט דער קאמוניסטישער לערע. די מאסע פלעגט פונקט אזוי גרינג אפפאלן פונם אינטערנאציאנאל, ווי זי פלעגט זיך אנשליסן אן אים. דאס דאזיקע אנשליסן זיך האט נאך ווייט ניט געפירט צו דער שאפונג פון יענער אינטערנאציאנאלער קאמוניסטישער פארטיי, וועגן וועלכער עס האבן געכאלעמט די גייסטיקע פירער פונם אינטערנאציאנאל, נאר דאס פלעגט דאך איבערלאזן זיינע

שפּורן; דאָס האָט פּאָפּוליאַריזירט אין די רייען פונם ארבעטער קלאַס דעם געדאַנק וועגן דעם קאַמף מיט דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און פלעגט שאַפן קאדרען פאר דער קומענדיקער אויפבליאונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

צו זיין צווייטן קאָנגרעס, וואָס איז פאָרגעקומען אין לאזאנע פון 2-טן ביזן 8-טן סענטיאַבר פון יאָר 1867, איז דער אינטערנאַציאָנאַל שטאַרק אויסגעוואַקסן סיי אין אידייאישן, סיי אין אינטערנאַציאָנאַלן פּראַט. אפן צוזאמענפאָר זיינען געווען 71 דעלעגאַטן, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט איינגלאַנד, איטאַליע, בעלגיע, דייטשלאַנד, פראַנקרייך און די שווייץ.

דעם קאָנגרעס איז צווישן דער גרויסער צאָל טעמעס אויסגעקומען צו באַהאַנדלען די דריי גרונט-פראַגן פון דער ארבעטער באַוועגונג: וועגן קאָלעקטיוון אייגנטום, וועגן מילכאָמע און וועגן פּאָליטישן קאַמף פונם ארבעטער קלאַס.

די פראַגע וועגן קאָלעקטיוון אייגנטום, אָט די גרונט-פראַגע פונם סאָציאַליזם, איז באַרירט געוואָרן אין לאזאנע פארבייגייענדיק, בא דער באַהאַנדלונג פון אן אנדער פראַגע וועגן דער ראָלע פון דער מלוכע, פון געזעלשאַפטלאַכע שטעלעס און א. וו. אין דער אָנגענומענער איבער דעם דאָזיקן פּונקט רעזאָלוציע האָט זיך געפאָדערט דער איבערגאַנג אין די הענט פון דער מלוכע פון די טראַנספּאָרט און פאַרקער-מיטלען מיטן ציל צו באַזייטיקן די מאָנאָפּאָלן פון גרויסע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפטן. ווען דע-פּאַפּ האָט פאָרגעלייגט צו פארברייטערן די דאָזיקע רעזאָלוציע אינם זין פון אנערקענען קאָלעקטיווע אייגנטום אף ערד, האָבן זיך דערהערט דערווידערונגען, וואָס האָבן באַוויזן, אז אינם אינטערנאַציאָנאַל זיינען פאַראַן אָנהייגער פון פּריוואַט-אייגנטום (פּאַרשטייט זיך, פּרודאָניסטן), און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אָפּצולייגן די באַהאַנדלונג פון דער דאָזיקער פראַגע ביז דעם קומענדיקן קאָנגרעס. נאָר עס איז געמאַכט געוואָרן אן אָנהויב פון טעאָרעטישער רייניקונג.

די פראַגע וועגן דער באַציאונג פון פּראָלעטאַריאַט צו מילכאָמע, איז איינע פון די סאַמע אָנגעווייטאַקטע פראַגן פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט. אינם טאָג-סיידער פונם לאזאנער קאָנגרעס איז זי אריינגעטראָגן געוואָרן אלס אן אקטועלע טאָג-פראַגע: עס האָט זיך נאָר וואָס פארענדיקט די עסטרייכיש-פּרייסישע מילכאָמע, וואָס נאָך איר האָבן זיך אין דער פּערספּעקטיוו פאַראויסגעזען אויך אנדערע מילכאָמעס, ביפראַט די פראַנצויזיש-דייטשישע. פון דעמאָלט אָן איז די דאָזיקע פראַגע ניט אראָפּגענומען געוואָרן פונם טאָג-סיידער פון די סאָציאַליסטישע קאָנגרעסן. אלס אן אויסערלאַכע סיבע אַוועקצושטעלן זי אין לאזאנע האָט געדינט די ווענדונג פון דער קליינבירגערלאַכער פּאַציפיסטישער „ליגע פאַר שאלעם און פרייהייט”, וואָס האָט איינגעלאַדן די אינטערנאַציאָנאַלע ארבעטער-אַסאָציאַציע צו שיקן אירע פאָרשטייער אפן ערשטן צוזאמענפאָר פון דער ליגע, וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין זשענעווע דעם 9-טן סענטיאַבר פון יאָר 1867.

דעם זשענעווער קאנגרעס פונם אינטערנאציאָנאל איז שוין אויסגעקומען צו באַרירן פאַרבײַגײיענדיק די פראגע וועגן מילכאָמע בא דער אָפּשטימונג פון דער רעזאָליוציע וועגן דער פאַרניכטונג פון דער שטענדיקער אַרמײ. מער אויספירלאך האָט זיך דער פּרינציפּיעלער קוק פונם אינטערנאַציאָנאַל אַף מילכאָמע אויסגעדריקט אין דער רעזאָליוציע פונם גענעראַל־ראַט וועגן דער מילכאָמע צווישן פּרײַסן מיט עסטרײַך אין 1866־טן יאָר. אין דער דאָזיקער רעזאָליוציע איז די עסטרײַכיש־פּרײַסישע מילכאָמע דערקלערט געוואָרן פאַר אַ רויסערײַ צווישן צוויי דעספּאָטן, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט קאָן קיין אײנעם פון זיי ניט אָפּגעבן זײַנע סימפּאַטיעס; דער אַרבעטער קלאַס דאַרף ווערן דורכגעדרונגען מיט אַן אײנהײטלאַכן געדאַנק און ווילן, באַהעפטן זיך און אויסנוצן זײַן קראַפט, כדי אומצוואַוואַלגערן מיט אײן קלאַפּ אַלע טיראַנען און צו דערשלאָגן זיך צו זײַן פולשטענדיקער באַפרײַאונג. אַף אַזאַ אופן איז שוין דעמאָלט אַרויסגעזאָגט געוואָרן דער געדאַנק, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער יעסאָד פון דער באַציאונג פונם דריטן אינטערנאַציאָנאַל צו מילכאָמע.

באַם באַהאַנדלען די אײנלאַדונג פון דער „שאָלעם־ליגע“ האָט דער לאָזאַנער קאָנגרעס געהאַט אַ געלעגנהײט אַרויסצוזאָגן זײַן פּרינציפּיעלע באַציאונג צו מילכאָמע אין אַן אַלגעמײַנע פאָרם. אין דער אָנגענומענער וועגן דעם רעזאָליוציע איז געזאָגט געוואָרן, אַז די מילכאָמע פאַלט מיט איר הויפּט־לאַסט אַפן אַרבעטער קלאַס, אַז די סיסטעם פון „באַוואָפנטן שאָלעם“ פאַראַליזירט די פּראָדוקטיווע קויכעס, אַז דער שאָלעם איז דער גרונט־טנאַי פאַרן געזעלשאַפטלאַכן וואוילשטאַנד, אַז ער קאָן אָבער פאַרפעסטיקט ווערן נאָר דורך אַזאַ אָרדענונג, בא וועלכער עס וועט ניט זײַן קײַן טײלונג פון דער געזעלשאַפט אַף קלאַסן. דעריבער באַשטימט דער קאָנגרעס פונם אינטערנאַציאָנאַל אָנצונעמען די אײנלאַדונג פון דער „שאָלעם־ליגע“ און אונטערצוהאַלטן מיט אַלע מיטלען אירע אָנשטרײַנגונגען, וואָס װעלן זײַן געווענדעט אַף אָפּצושאַפן די שטענדיקע אַרמײען און אַף אײַנצוהאַלטן דעם שאָלעם מיטן ציל פון דער וואָס גיכערער באַפרײַאונג פונם אַרבעטער קלאַס און פון זײַן אויסלײזונג פון אונטער דער מאַכט פונם קאַפּיטאַל, ווי אויך מיטן ציל צו בילדן אַ פאַרבאַנד פון פרײַע מלוכעס אין גאַנץ אײראָפּע. ווײַטער וועלן מיר, אַגעוו, זען, אַז דער אינטערנאַציאָנאַל האָט זיך גיך אַרומגעזען און האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די פּאַציפיסטישע פלאַפּלערײ פון די בורזשואַזע דעמאָקראַטן פון דער ליגע.

די דריטע וויכטיקע פראַגע, וואָס איז אויסגעקומען צו באַהאַנדלען דעם לאָזאַנער קאָנגרעס, איז געווען די פראגע וועגן פּאָליטישן קאַמף. אינם גרינדונגס־אַדרעס איז די עראָבערונג פון דער פּאָליטישער מאַכט דערקלערט געוואָרן פאַרן וויכטיקסטן כויוו פונם אַרבעטער קלאַס. אינם מעמאָראַנדום דעם זשענעווער קאָנגרעס איבער דער פראַגע וועגן קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט ווערט איבערגעבאַזערט דער אײגענער געדאַנק. אין דער מאָטיווירונג פונם סטאַטוט איז דער פּאָליטישער קאַמף אונטערגעוואָרפן אַלס אַ מיטל אונטער דעם עקאָ־

נאָמישן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט.[1]) צי באַדײַט עס, אַז דער פּאָליטישער קאַמף ווערט אַנערקענט פאַר ניט נויטיק און פאַר שעדלאַך פאַרן פּראָלעטאַראַט, ווי דאָס האָבן שפּעטער דערקלערט די באַקוניסטן (די אנאַרכיסטן), אָדער דאָס באַדײַט, פאַרקערט, אַז עס איז פאַר אים אבליגאַטאָריש בײַ געוויסע באַדינגונגען? אין טאַך געקומען האָט די דאָזיקע האנאכע פּאָשעטע אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז קדיי צו דערגרייכן די גרונט־אויפגאַבע פונם עקאָנאָמישן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט, דאָס הייסט, פאַר דער עקאָנאָמישער עקספּראָפּריאירונג פון דער בורזשואַזיע, איז נויטיק פאָראויס איר פּאָליטישע עקספּראָפּריאירונג. עס איז נויטיק, אַז דער אַרבעטער קלאַס זאָל פאַרכאַפּן די מאַכט, און אַז נעמלאַך די אויפגאַבע פון דער עקאָנאָמישער באַפרייאונג פונם פּראָלעטאַריאַט דאַרף צו זיך אונטערוואַרפן, דאָס הייסט, אַז זי דאַרף געבן אַ ריכטונג און אָנפירן מיט זײַן פּאָליטישן קאַמף.

ווי דאַרף מען פאַרשטיין דעם דאָזיקן פּאָליטישן קאַמף פונם פּראָלעטאַריאַט— צי בלויז ווי דעם ענטגילטיקן אַקט פון דער רעוואָלוציע און דאָס פאַרכאַפּן די מאַכט, אָדער ווי אַ לאַנגדויעריקן פּראָצעס פון בעהאַדראַגיקער ערשבערונג פון פּאָליטישע פרייהייטן, פון אָרגאַניזירונג פון די אַרבעטער אין אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס פירט טריט בײַ טריט אַ קאַמף מיט דער בורזשואַזיע אויף פּאָליטישן באָדן וועגן אַלע געשעענישן פונם געזעלשאַפטלאַכן לעבן? די סאָציאַליסטן פון די אַלטע שולן, באַזונדערס די בלאַנקיסטן, האָבן געדײַנקט דעם פּאָליטישן קאַמף נאָר אַלס דעם ענטגילטיקן אַקט, דאָס הייסט, אַלס אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד פונם פּראָלעטאַריאַט (וואָס איז דערבײַ צוגעגרייט געוואָרן דורך אַ פאַרשווערונג) און דאָס פאַרכאַפּן די מלוכה־מאַכט דורך דער באַוואוסטזיניקער מינדערהייט מיטן ציל פון סאָציאַלער איבעראַנדערשונג אין די אינטערעסן פון דער מערהייט. די מאַרקסיסטן זײַנען אין דעם פּראָט אַוועק ווײַטער. עמעס, אויך זיי זײַנען ניט מיט אַמאָל געקומען צום באַנעמען דעם פּאָליטישן קאַמף אינם זין פון

---

[1]) דער אָריגינאַל פונם סטאַטוט איז געווען צוזאַמענגעשטעלט אין איינגליש. אין דער ערשטער שלעכטער פראַנצויזישער איבערזעצונג פון 1894־טן יאָר זײַנען דורכגעלאָזט געוואָרן די ווערטער „אַלס אַ מיטל", מיסטאָמע, צוליב פּאָליציייִשע טאַימים, און דאָס האָט געדינט אַלס אַן אויסרייד פאַר די בורזשואַזע רעפּובליקאַנער און פאַר די בלאַנקיסטן צו באַשולדיקן די ערשטע פראַנצויזישע אינטערנאַציאָנאַליסטן (די פּרודאָניסטן) אין באַנאַפּאַרטיזם און אינם וואונטש אונטערצוּוואַרפן די אַרבעטער באַוועגונג אונטער פּאָליציייִשע צילן. אינם פראַנצויזישן טעקסט וועלכער איז אָפּגעשטימט געוואָרן דורך די פראַנצויזישע דעלעגאַטן אויפן זשענעווער קאָנגרעס, און אויך אינם פּריוואַטן באַריכט וועגן דעם דאָזיקן קאָנגרעס (קיין אָפיציעלער באַריכט אין פראַנצויזיש איז ניט געווען) זײַנען אויך ניט געווען די דאָזיקע ווערטער. אין דעם מאָמענט האָט מען אויף דעם ניט געווענדעט קיין באַזונדער אויפמערקזאַמקייט. און ערשט שפּעטער, ווען עס האָט אויפגעפלאַקערט דער שטרייט צווישן די מאַרקסיסטן מיט די באַקוניסטן, האָט דער גענעראַלראַט געווענדעט זײַן אויפמערקזאַמקייט אויפן טעקסט פונם פראַנצויזישן טעקסט, און די יורער וואָס האָבן ניט געוואוסט, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָבן אין ברען אָנגעהויבן צו באַשולדיקן די מאַרקסיסטן אין אַ „פעלשונג". ערשט פיל שפּעטער האָבן זיי זיך איבערצײַגט אַז זיי זײַנען אומגערעכט. נאָר, ווי עס האָבן באַוויזן די געשעענישן, איז עס ניט געווען קיין שטרייט בלויז וועגן ווערטער.

א שטענדיקן, פלאנמעסיקן, אף א לעפיערעך לאנגן פעריאד אויסגערעכנטן אנטייל פונם פראלעטאריאט אין אלע קאנפליקטן פון דער בורזשואזער געזעלשאפט און אינם זין פון אויסנוצן די דאזיקע קאנפליקטן פאר זײַנע צילן, פאר א סיסטעמאטישער און אומאפווענדלאכע פארברייטערונג פון דער באזע פונם פראלעטארישן קאמף. מארקס אליין איז קיינמאל ניט געווען נויטע צוגעבן א באזונדערע באדײַטונג דער פארמעלער פאליטישער פרײַהײַט, אלס אזעלכער, נאר ער האט אויסגעצייכנט פארשטאנען די מעגלאכקייט פון איר רעוואלוציאנערער אויסנוצונג דורכן באוואוסטזיניקן און ארגאניזירטן אוואנגארד פונם ארבעטער-קלאס אין די אלגעמיינע אינטערעסן פונם פראלעטארישן קאמף. דעריבער זײַנען אים גלײַך פרעמד געווען סיי דאס בוקן זיך פאר דער פארמעלער „דעמאקראטיע“ און פארן „פארלאמענטארישן קרעטיניזם“, אין וועלכן עס איז שפעטער ארײַנגעפאלן די סאציאל-דעמאקראטיע, סיי די אבערגלויביקע מוירע פון די אנארכיסטן פאר יעדער „פאליטיק“. נאר פאר אים איז קלאר געווען, אז אין דעם פראט דארף מען ניט פארסירן דעם גאנג פון די געשעענישן, און ער איז געווען זיכער, אז די נאטירלאכע פארברייטערונג פונם עקאנאמישן קאמף פונם ארבעטער-קלאס וועט אומפארמיידלאך שטעלן פאר אים די פראגע וועגן פאליטישן קאמף אין מלוכישן מאסשטאב, דאס הייסט אין זין פון קאמף פאר די דעמאקראטיזירונג פון דער פאליטישער ארדענונג און דערנאך אויך פאר די מאכט, און, לעסאף, אין א אינטערנאציאנאלן מאסשטאב, דאס הייסט אין זין פון קאמף פאר א אינטערנאציאנאלע סאציאליסטישע איבערקערעניש. און טאקע אין אזא גײַסט, דאס הייסט, ארויסגייענדיק פון דער דערפארונג פונם פאליטישן קאמף, איז מארקס טאקטיש צוגעגאנגען צו דער דאזיקער פראגע סיי אין „גרינדונגס-אדרעס“ און סיי אין מעמאראנדום, וועלכן ער האט דערלאנגט דעם זשענעווער קאנגרעס.

אפן לאזאנער קאנגרעס איז די דאזיקע פראגע אוועקגעשטעלט געווארן ניט דורכן גענעראל-ראט, נאר דורך די דעלעגאטן, וואס האבן געוואלט אויספרובירן די רעפובליקאנישע געפילן פון די פאריזער פראדוניסטן, וועלכע מ'האט בוישעד געווען אין באנאפארטיסטישע טענדענצן. די פראגע איז געשטעלט געווארן אט אזוי: צי איז ניט דאס אויספעלן פון פאליטישע פרייהייטן א מניעה צו דער עקאנאמישער באפרייאונג פונם ארבעטער קלאס און איינע פון די הויפט-סיבעס פון דער סאציאלער נוטאיינגעארדנקייט, און מיט וואס פאר א מיטלען קאן מען פארגיכערן די דערגרייכונג פון פאליטישער פרייהייט? אין אזא פארם איז די פראגע ניט ארויס פון די ראמען פון אלגעמיינע וואונשן און האט ניט ארויסגערופן קיין באזונדערע וויכוחים. דערבײַ האבן פאר דער רעזאלוציע געשטימט אפילע דער צוקונפטיקער פירער פונם באקוניזם, דזש. גיליאם, און די אפארטוניסטיש געשטימטע פראנצויזן. דער קאנגרעס האט אנערקענט, אז די סאציאלע באפרײַאונג פון די ארבעטער קאן ניט אפגעטיילט ווערן פון זייער פאליטישער באפרייאונג און אז די איינשטעלונג פון פאליטישער באפרייאונג איז א מיטל פון ערשטער און אומבאדינגטער נויטיקייט. דער ענטפער איז געווען א צו אומבאשטימטער און האט ניט אנגעוויזן קיין קאנקרעטע פארמען פון פאליטישן קאמף.

נאָר דאָס איז אויך געווען אַ טריט פאָראויס. די פּאָליטישע פראַגע איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן. די אַלטפּריינקישע פּרודאָניסטן און צוזאַמען מיט זיי די באַנאַפּאַרטישע פּאָליציי האָבן געשאָטן פּעך און שוועבל אַפן אינטערנאַציאָנאַל וואָס האָט אָנגענומען, לויט זייער מיינונג, אַ פּאָליטישן אָפּנייג. ווי מיר ווייסן, האָט די פראַנצויזישע פּאָליציי געווענדעט פֿון דעם מאָמענט איר אויפֿמערקזאַמקייט אַף דער טעטיקייט פֿון דער פּאַריזער סעקציע און האָט געעפֿנט אַ תּקופֿה פֿון רעדיפֿעס קעגן די אינטערנאַציאָנאַליסטן.

דער דריטער קאָנגרעס פֿונם אינטערנאַציאָנאַל איז פֿאָרגעקומען אין בריוסעל פֿון 6=טן ביזן 15=טן סעפּטעמבער פֿון יאָר 1868. אַפֿן קאָנגרעס זיינען געווען 99 דעלעגאַטן, בעסויכאָם 55 בעלגיער. דער דאָזיקער קאָנגרעס האָט געמאַכט אַ גרויסן טריט פאָראויס אינם פּראַט פֿון אָפּרייניקן די באַוועגונג פֿון די קליינבירגערלאַכע פֿאָראורטיילן פֿונם פּרודאָניזם און האָט זי דערנעענטערט צו דער קאָמוניסטישער פּאָזיציע.

איבער דער פראַגע וועגן קאַמף מיט מילכאָמע האָט די רעזאָלוציע פֿונם בריוסעלער קאָנגרעס באַשטימט אונטערגעשטריכן, אַז נאָר די סאָציאַלע רעוואָליוציע קאָן אַף אייביק מאַכן אַ סאָף צו די מילכאָמעס; אָבער אויך בא דער איצטיקער אָרדענונג דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס אַ קלאַס, וואָס ליידט מער פֿון אַלעמען פֿון מילכאָמע, קעמפֿן מיט איר מיט זיינע ספּעציפֿיש=פּראָלעטאַרישע מיטלען, דערהאַינע מיט אַן אַלגעמיינעם שטרייק. אין העסקעם מיטן דאָזיקן באַשלוס האָט דער בריוסעלער קאָנגרעס ענטגילטיק באַשטימט זיין באַציאונג צו דער בורזשואַזער „שאַלעם=ליגע”, וואָס האָט ווידער איינגעלאַדן זיינע פֿאַרשטייער אַף זיין צוזאַמענפֿאָר. ער האָט אָנערקענט, אַז אַזוי ווי עס עקסיסטירט די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער אַסאַציאַציע, וואָס איר טעטיקייט איז ב'עצם אימשטאַנד צו מאַכן אַ סאָף מיט מילכאָמעס, איז אַ גאַנץ איבעריקע זאַך די עקסיסטענץ פֿון דער „שאַלעם=ליגע”, און דער אינטערנאַציאָנאַל האָט איר דעריבער פֿאָרגעלייגט אָנצושליסן זיך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַסאַציאַציע און אירע מיטגלידער אַריינצוטרעטן אין די סעקציעס פֿונם אינטערנאַציאָנאַל. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז די ליגע האָט ניט געפֿאָלגט די דאָזיקע אייצע און האָט נאָך געצויגן אַ געוויסע צייט איר צוועקלאָזע עקסיסטענץ, נאָר, ווי מיר וועלן זען, איז אַפֿן צוזאַמענפֿאָר אין בערן אין 1898=טן יאָר פֿאָרגעקומען אין דער ליגע אַ שפּאַלטונג. דערביי איז איר לינקער פֿליגל אַרויס פֿון איר קריי אָנצושליסן זיך אינם אינטערנאַציאָנאַל.

בא'ם באַהאַנדלען אַ ריי פראַגן פֿון דער לויפֿנדיקער פּאָליטיק, וואָס פֿלעגן איבערגעגעבן ווערן פֿון איין קאָנגרעס אַפֿן צווייטן ווי: וועגן קעגנזייטיקן קרעדיט, וועגן מאַשינעס, פֿאַרקירצן דעם אַרבעט=טאָג און א. וו., איז ווייטער געגאַנגען דאָס בעהאַרדאָגיקע אַרויסקלאַפּן די פּרודאָניסטן פֿון זייערע אַלטע פּאָזיציעס. נאָר אין דער פראַגע וועגן שטרייקן, וואָס די פּרודאָניסטן האָבן זיי פּרינציפּיעל אָפּגעוואָרפֿן, האָבן זיי געליטן אַ באַשטימטע מאַפּאָלע, און דער קאָנגרעס האָט אָנערקענט דעם שטרייק אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפֿט פֿאַר אַן אומפֿאַרמיידלאַכן קאַמפֿס=מיטל פֿונם פּראָלעטאַריאַט און האָט רע=

קאָמענדירט צו שאַפן אומעטום פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, און זיי פאַר=
אייניקן אין מלוכישן און אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב.
נאָר די הויפט מאַפּאָלע האָבן די פּרודאָניסטן געכאַפּט באַם באַ=
האַנדלען די פראַגע וועגן אייגנטום. עס איז העכסט כאַראַקטעריסטיש פאַר
דעם דאַמאָלדיקן מאַצעוו פון דער אַרבעטער באַוועגונג, וואָס אָט די גרונט=
פראַגע פונם סאָציאַליזם האָט באַקומען אַ באַשטימטע שטעלונג ערשט אַפן
פערטן יאָר פון דער עקסיסטענץ פונם אינטערנאַציאָנאַל. ניט קוקנדיק אַף דעם,
וואָס נאָך אין די ערשטע דאָקומענטן פונם אינטערנאַציאָנאַל, האָט שוין געקלונ-
גען אַ קאָמוניסטישע נאָטע, האָבן נאָך די מאַסן, וואָס האָבן זיך אָן אים אָנגע=
שלאָסן, און אַפילע פיל פון זייערע פירער זיך ניט דערהויבן ביז אַ קאָמוניסטי=
שער וועלט-אַנשויאונג. די קאָמוניסטישע אידייען פלעגן זיך דורכמאַכן אַ וועג
נאָר ב'האַדראָגע און ניט אָן אַ קאַמף, דערביי פלעגן די אינדיווידואַליסטישע אַנ=
שויאונגען אַרויסטרעטן שטאַרקער באַ די פאָרשטייער פון עקאָנאָמיש אָפּגעשטאַ=
נענע לענדער, וואו עס האָט זיך אייננעהאַלטן אַ שטאַרקע קליינבורזשואַזיע און
וואו עס האָט געהערשט דאָס קליינע פויערשע ערד-אייגנטום (ווי פראַנקרייך,
איטאַליע, טייל ווייז די שווייץ און בעלגיע).

ווי מיר ווייסן, האָט דער לאָזאַנער קאָנגרעס אָפּגעלייגט ביזן בריוסעלער
די באַהאַנדלונג פון דער פראַגע וועגן קאָלעקטיוון אייגנטום. די ספּעציעלע קאָ=
מיסיע, וואָס האָט באַטראַכט די דאָזיקע פראַגע, האָט צוגעשטעלט דעם קאָנ=
גרעס אַ פראָעקט פון אַ רעזאָליוציע, וואָס האָט אַנערקענט פאַר נויטיק איינצו=
שטעלן קאָלעקטיוון אייגנטום ניט נאָר אַף די קוילן-גרובן, מעטאַל-גרובן, אייזנ=
באַנען, וואַסער-וועגן און אַנדערע פאַרקער-מיטלען, נאָר אויך אַף דער גאַנצער
ערד, וואָס איז באַשטימט פאַר לאַנדווירטשאַפטלאַכער קולטור, און אַף די וועל=
דער. די פּרודאָניסטן, וואָס זיינען נאָך גרייט געווען צו דערלאָזן די פאַרוואַנדלונג
אין געזעלשאַפטלאַך אייגנטום פון די מאַשינעס און ביקלאַל פון די מיטלען פון
אינדוסטריעלער פראָדוקציע, זיינען קאַטעגאָריש אַרויסגעטראָטן קעגן דעם אַגראַר=
קאָמוניזם, אויסדריקנדיק די אינדיווידואַליסטישע פאָראורטיילן פון די קליינע
פראַנצויזישע פויערים. נאָר זייערע באַמיאונגען זיינען געווען אומזיסט. מיט אַ
מערהייט פון 30 שטימען (8 איינגלענדער, 4 פראַנצויזן, 4 דייטשן, 1 איטאַל=
יענער און 13 בעלגיער) קעגן 5 (איין פראַנצויז און 4 בעלגיער) באַ 15 אָפּ=
געהאַלטענע, איז אָנגענומען געוואָרן דע-פּאַפּס רעזאָליוציע לעטוּוואָס דעם קאָ=
לעקטיוויזם. נאָר די דאָזיקע באַשטימונג, וואָס האָט געבילדעט אַ תּקופה אין דער
געשיכטע פונם אינטערנאַציאָנאַל און ביקלאַל פונם סאָציאַליזם, האָט אַרויסגערופן
אַזאַ טיפע אויפרודערונג און אַזעלכע פאַרביטערטע שטרייטן, אַז ס'איז באַשלאָסן
געוואָרן ווידער צו באַהאַנדלען די דאָזיקע פראַגע אַפן קומענדיקן קאָנגרעס.
דער קאָמוניזם האָט אָפּגעהאַלטן אַן ערנסטן ניצחון. דאָס ערשטע מאָל
האָט זיך דער אינטערנאַציאָנאַל נאָך אַן אויספירלאַכער באַהאַנדלונג
פון דער פראַגע אָפן דערקלערט פאַר אַן אָנהייגער פונם קאָמוניזם,
און דערביי נאָך אינם פאַרבאָטענעם אַגראַר-געביט. נאָכן בריוסעלער
קאָנגרעס ווערט שוין אייגנטלאַך אינגאַנצן צו נישט די ראָלע פון דער רעאַקצי=

אַנדערער גרופּע פון די קלײנבירגערלאַכע סאָציאַליסטן (פון די פּרודאָניסטן). זײער רעכטער פליגל גײט אַװעק פון דער אַרבעטער־באַװעגונג און גיסט זיך צונױף מיט דער בורזשואַזיע. נאָר דער לינקער, איבערגעפירנדיק זײַנע רײען, און איבערמאַכנדיק זײַן טעאָריע, טרעט װידער אַרױס אין שלאַכט קעגן דעם קאָמוניזם — דאָס מאָל אונטער דער פאָן פונם אַנאַרכיזם. מיטן דאָזיקן נײַעם רעװאָלוציאָנערן אונטערמין פונם פּרודאָניזם, װאָס האָט געצױגן זײַן פירער אין דער פּערזאָן פון באַקונינען, האָט זיך דער אינטערנאַציאָנאַל צונױפגעשטױסן גלײַך אױף זײַן קומענדיקן קאָנגרעס.

אָט דער, דער פערטער לױטן חשבון, קאָנגרעס פונם אינטערנאַציאָנאַל איז פאָרגעקומען אין באַזעל פון 6־טן ביזן 12־טן סעפּטעמבער פון יאָר 1869. אױפן קאָנגרעס זײַנען געװען 75 דעלעגאַטן, דערבײַ איז שטאַרק געװען פאָרגעשטעלט פראַנקרײַך (דאָס מאָל דורך רעװאָלוציאָנערע עלעמענטן, װאָס בעסױכאַם זײַנען געװען װאַרלען, אַ. רישאַר און באַקונין). עס האָבן זיך באַװיזן דעלעגאַטן פון שפּאַניע (מיט אַ נעטיע צום אַנאַרכיזם) און אַלס אַ קעגנגעװיכט קעגן זײ פאָרשטײער פון דער דײַטשישער פּאַרטײ פון די „אײַזענאַכער" (װ. ליבקנעכט). אױפן דאָזיקן קאָנגרעס, װאָס האָט זיך צונױפגעקליבן אינם בליאָונגס־פּעריאָד פונם אינטערנאַציאָנאַל, האָבן זיך באַװיזן די ערשטע סימאָנים פון דער קרענק, װאָס איר איז באַשערט געװען צו פירן אים אין קבֿר.

באַם באַהאַנדלען דעם טאָג־סדר האָבן די שװײצאַרער פאָרגעלײגט אַרײַנצוטראָגן די פראַגע װעגן „דירעקטער פאָלקס־געזעצגעבונג". די שװײצאַרער האָט אונטערגעהאַלטן ליבקנעכט. נאָר קעגן דעם דאָזיקן פאָרשלאַג זײַנען אַנטשלאָסן אַרױסגעטראָטן באַקונין און דער בעלגיער הינס, װאָס האָבן אין אים אײַנגעזען אַ פּרואװ אָנצובינדן דעם אינטערנאַציאָנאַל אַ פּאָליטישע פּראָגראַם, װאָס איז געבױט אױף דער אָננעמונג און דער מילװײַזער רעפאָרמירונג פון דער בורזשואַזער מלוכע. די לײדנשאַפטלעכקײט פון די װיכוחים, װאָס האָבן זיך אױפגעהױבן װעגן דער דאָזיקער פראַגע, איז געװען אַ שלעכטער סימן, װײַל זי האָט באַװיזן, אַז אינם אינטערנאַציאָנאַל זײַנען פאַראַן צװײ אומבעשאָלעמדיקע פּאָליטישע טענדענצן. נאָר דערװײַל האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז מע מוז פאַרפעסטיקן די פאַרבינדונגען צװישן די אַרבעטער פון פאַרשידענע לענדער און פאַרשטאַרקן די מאַכט פונם גענעראַל־ראַט, װאָס פלעגט אױספירן די אױפגאַבן פון אַזאַ פאַרבינדיקן צענטער. דער דאָזיקער באַװאַוסטזײַן איז אױף אַזױ פיל געװען אַלגעמײנער, אַז דער פאָרשלאַג צו געבן דעם ראַט דאָס רעכט אױסצושליסן פונם אינטערנאַציאָנאַל יעדע סעקציע, װאָס האַנדלט לעהײפּעך צו זײַנע פּרינציפּן, איז הײם אונטערגעהאַלטן געװאָרן פון באַקונינען גופֿא. ערשט שפּעטער האָבן די באַקוניסטן אױפגעהױבן אַ קאַמפּאַניע קעגן דער „דיקטאַטור" פונם גענעראַל־ראַט, װען זײַנע פולמאַכטן האָבן זיך געװענדעט קעגן זײ.

דער באַזעלער קאָנגרעס האָט זיך ענטשלאָסיק אַרױסגעזאָגט פאַר קאָלעקטיװיזם. די פראַגע װעגן אײגנטום איז װידער באַטראַכט געװאָרן אין אַ באַזונדערער קאָמיסיע, װאָס האָט פאָרגעלײגט דעם צונױפפאָר אַ רעזאָ־

ליוציע, וועלכע אנערקענט פאר דער געזעלשאפט דאס רעכט אפצושאפן פריוואט-אייגנטום אף ערד און וועלכע באהויפטעט, אז די נויטיקייט פון איינשטעלן קאלעקטיוון אייגנטום אף ערד, איז צייטיק געווארן. ניט קוקנדיק אפן פארצווייפלטן ווידערשטאנד פון די פאריזער פרודאניסטן, האט דער קאנגרעס זיך ארויסגעזאגט מיט אן איבערוועגנדיקער מערהייט פאר די אפשאפונג פון פריוואט-אייגנטום. פון דעם מאמענט אן איז פאר די בורזשואזע דעמאקראטן און פאר די קליינבירגערלאכע סאציאליסטן מער קיין ארט ניט פארבליבן אינם אינטערנאציאנאל.

נאר די ארבעטער-באוועגונג האט נאך ניט אויסגעלעבט אירע קינדער-קראנקייטן. גלייך ווי ס'איז באווייטיקט געווארן איין סוינע, האט זיך אפן האריזאנט באוויזן א צווייטער, און א פיל מער געפערלאכער, ווייל לויטן אויסזען איז ער געווען זייער רעוואליוציאנער און באפארבט מיט א העלער סינע צו דער בורזשואזער געזעלשאפט, וועלכע ער איז גרייט געווען איינצונעמען דורך אן אנטשיידענעם שטורעם. דער דאזיקער סוינע איז געווען דער אנארכיזם. אפן באזעלער קאנגרעס האט ער נאך ערשט געטאפט אונטער זיך דעם באדן און האט געפרואווט זיינע קויכעס אין פארפאסט-שלאכטן: איינמאל באם באהאנדלען דעם פא״שלאג וועגן אריינטראגן אין טאג-סידער די פראגע וועגן „דירעקטע פאלקס-געזעצגעבונג", און דאס צווייטע מאל באם באהאנדלען די פראגע וועגן ירושה-רעכט. דערביי האט זיך אפילע באקונינען איינגעגעבן איבערצולאזן דעם גענעראל-ראט אין א מינדערהייט. נאר דער עמעסער קאמף האט אויפגעפלאקערט נאכן באזעלער קאנגרעס.

אלס דער פירער פונם אנארכיסטישן פליגל פונם אינטערנאציאנאל איז ארויסגעטראטן דער רוסישער עמיגראנט מיכאאיל אלעקסאנדראוויטש באקונין (1814-1876). באקענענדיק זיך אין די 40-קער יארן אין פאריז מיט מארקסן און פרודאנען, איז ער ארונטערגעפאלן אונטער דער ווירקונג פון ביידן און האט שפעטער געשאפן א סיסטעם, וואס האט פארגעשטעלט מיט זיך א מעשונעדיקן געמיש פון מארקסיזם מיט פרודאניזם. ארעסטירט פאר זיין אנטייל אין די רעוואליוציאנערע געשעענישן פון 1848-1849 אין דייטשלאנד און עסטרייך און ארויסגעגעבן דער רוסישער רעגירונג, איז באקונין אריינגעזעצט געווארן אין פעטראפאוולאווער, דערנאך אין שליסלבורגער פעסטונג און אין 1857-טן יאר איז ער פארשיקט געווארן קיין סיביר, און פון דארטן איז ער אנטלאפן געווארן אין 1861-טן יאר. זייענדיק א רעוואליוציאנערער פאנסלאוויסט, האט זיך באקונין געהאט געפרואווט אויפצוהויבן א רעוואליוציאנערע באוועגונג צווישן די סלאוון, האט גענומען אן אנטייל אינם פוילישן אויפשטאנד, נאר סאף קאל סאף האט ער זיך אנטוישט אין די בורזשואזע רעוואליוציעס און האט באשלאסן אפצוגעבן אלע זיינע קויכעס אויסשליסלאך דער באוועגונג פונם ארבעטער קלאס. וועגן דעם האט ער געמעלדעט מארקסן, וואס האט אים אין 1864-טן יאר צוגעצויגן צום אינטערנאציאנאל. אוועקפארנדיק קיין איטאליע, האט באקונין צוגעזאגט מארקסן ארבעטן דארט פארן אינטערנאציאנאל, אף וויפל נאר עס וועלן אים דערלויבן זיינע קויכעס.

נאָר, אַן אָפּשטאַמלינג פון אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד, האָט באַקונין ניט פאַרשטאַנען די מאָדערנע אַרבעטער באַוועגונג. די פּלאַנמעסיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע און דערציערישע אַרבעט איבער דער אַנטוויקלונג פונם קלאַסן באַוואוסטזיין פונם פּראָלעטאַריאַט, דאָס צוגרייטן אים צו דער ראָלע פון אַ הערשנדיקן קלאַס אַף איבערצואַנדערשן די געזעלשאַפט אין אַ סאָציאַליסטישן גייסט—זיינען געווען פרעמד באַקונינען. ער האָט געקוקט אַפן מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט דורך אַלטע ברילן: ער האָט אין אים איינגעזען פּאַשעט אַ ליידנדע און עקספּלואַטירטע מאַסע, וואָס איז דערפירט געוואָרן ביז ייעש און וואָס איז גרייט צו אַ בונט. דער דאַזיקער בונט האָט געזאָלט מיט איין קלאַפּ צעשטערן די בורזשואַזע געזעלשאַפט און צעשטערן די מלוכה. פונקט ווי זיין לערער פּרודאָן, פלעגט באַקונין אַנטשיידן אָפּוואַרפן יעדע פּאָליטישע טעטיקייט פונם פּראָלעטאַריאַט, בעסויכאָם אויך דאָס פאַרכאַפּן די מאַכט און דאָס איינשטעלן די דיקטאַטור פונם אַרבעטער קלאַס. אין דער פּאָליטיק האָט ער איינגעזען בלויז אַ בורזשואַזן אַפנייג און אַ בורזשואַזע אינטריגע. אַנטשיידן אָפּוואַרפנדיק דעם קאָמוניזם, האַלטנדיק אים פאַר אַ נייע פאָרם פון דעספּאָטיזם, האָט ער פּראָקלאַמירט אומבעראַכמאָנעסדיקע צעשטערונג, דאָס אַרייננטראָגן אַן אַנאַרכיע אין די געזעלשאַפטלאַכע פאַרהעלטענישן, די ליקווידירונג פונם איצטיקן מלוכישן לעבנס־שטייגער און די אויפבויאונג פון אַ געמיינשאַפטלעבן אַפן יעסאָד פון אַ פרייען אָפּמאַך צווישן פּערזענלאַכקייטן, גרופּן און געמיינדעס אין אַן אַלוועלטלאַכע פרייע פעדעראַציע.

ב'איים באַקונין האָט געלעבט אין איטאַליע, האָט ער זיך געפּרואווט אָרגאַניזירן עטלאַכע געהיימע רעוואָליוציאָנערע ברודערשאַפטן מיט אַן אַנאַרכיסטישער פּראָגראַם און מיט אַ בונטאַרישער טאַקטיק. אין די דאָזיקע ברודערשאַפטן האָט ער געזען צוצוציען קאָלעריי אָפּשטאַמלינגען פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, באַזונדערס פון דער דעקלאַסירטער אינטעליגענץ, מענטשן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּאַלטן פון זייער קלאַס, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר די סוילעם פון דער ערד, פאַר די סאַמע געטרייע און איבערגעגעבענע רעוואָליוציאָנערן, וואָס זיינען באַ־ופן אָנצופירן מיט דער קומענדיקער אַנאַרכיסטישער איבערקערעניש. ווען באַקונין איז, לעסאָף, אַרוים אַף דער אָפענער פּאָליטישער אַרענע, איז ער אַרויסגעטראָטן ניט אַלס אַ מיטגליד פונם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר האָט זיך אָנגעשלאָסן אַן דער בורזשואַזער „ליגע פאַר שאָלעם און פרייהייט", וואָס ער איז אויסגעקליבן געוואָ־ן אין איר צענטראַל־קאָמיטעט. נאָר אינגיכן האָט זיך באַקונין אַנטוישט אויך אין דער ליגע. אַפן צווייטן קאָנגרעס פון דער ליגע אין בערן אין 1868־טן יאָר האָט באַקונין מיט זיינע באַווײַרים פון די רעוואָליוציאָנערע ברודערשאַפטן אַרייננגעטראָגן אַ ריי פאַרשלאָגן אין אַן אַנאַרכיסטישן גייסט. נאָכדעם ווי די מערהייט פונם צוזאַמענפאָר האָט זיי אָפּגעוואָרפן, איז באַקונין מיט די באַווײַרים (דעם געאָגראַף ע. רעקליו, אַ. ריי, זשאַקלאַר, דעם איטאַליענישן דעפּוטאַט פּאַנעלי, ניק, זשוקאָווסקי, וואַל. מראַטשקאָווסקי א. אַ.) אַרויסגעטראָטן פון דער ליגע. נאָר אויך איצט איז באַקונין ניט אַריין אין אינטערנאַציאָנאַל, נאָר האָט מ'ט זיינע פריינט געגרינדעט אַ באַזונדער'ע אָרגאַניזאַציע,

דעם „אינטערנאציאנאלן פארבאנד פון סאציאלער דעמאקראטיע", וואס איז אויך באוואוסט אונטערן נאמען „דער אליאנס פון סאציאלע רעוואליוציאנערן".

די פראגראם פונם אליאנס איז באשטאנען אין פראקלאמירן דעם אטעאיזם, די פאליטישע, עקאנאמישע און סאציאלע „אויסגלייכונג פון אלע קלאסן און פערזענלאכקייטן פוןביידע געשלעכטער", און פארוואנדלען די ערד און די פראדוקציאנס-מיטלען אין קאלעקטיוון אייגנטום, וואס ווערט איבערגעגעבן צו באנוצן זיך לאנדווירטשאפטלאכע און אינדוסטריעלע אסאציאציעס, אין אפלייקענען דעם פאטריאטיזם און נאציאנאלע קאנקורענץ, אין אן אלוועלטלאכער פאראייניקונג פון אלע ארטיקע אסאציאציעס אפן באדן פון א פרייען אפמאך און אין אפלייקענען יעדע פאליטיק. דער אליאנס פלעגט באשטימט אפווארפן „יעדן פאליטישן טאט, וואס האט ניט פאר זיין אוממיטלבארן און דירעקטן ציל דעם טריאומף פונם ארבעטער-איניען איבערן קאפיטאל". דער אליאנס פלעגט, אנדערש געזאגט, אפווארפן יעדן אנטייל אינם פאליטישן קאמף, דעם קאמף פאר פאליטישע פרייהייט און יעדע פאליטישע טעטיקייט פונם ארבעטער קלאס אין די ראמען פון דער בורזשואזער ארדענונג, ביפראט דעם אנטייל אינם פארלאמענטארישן קאמף (די רעוואליוציאנערע אויסנוצונג פון די וואל-קאמפאניעס און פון דער פארלאמענט-טריבונע האבן די אנארכיסטן לאכלוטן ניט דערלאזט און ניט פארשטאנען). דאס איז שוין געווען שלעכט. נאר ווי ס'האט זיך אינגיכן ארויסגעוויזן, איז דער הויפט-פונקט, אין וועלכן די באקוניסטן זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען מיט די מארקסיסטן באשטאנען אין דעם, וואס די אנארכיסטן פלעגן אפווארפן די עראבערונג פון דער מאכט דורכן פראלעטאריאט, די איינשטעלונג פון דער דיקטאטור פונם ארבעטער קלאס, אלס די פארבאדינגונג פאר דער סאציאליסטישער איבעראנדערשונג פון דער געזעלשאפט, און פלעגן שטעלן די געשיכטע מיטן קאפ אראפ: פונקט ווי פרודאן, האבן זיי געהאלטן, אז די עקאנאמישע רעוואליוציע דארף גיין פאר דער פאליטישער, און ניט פארקערט. אף אזא אופן האבן זיי לאכלוטן ניט פארשטאנען דעם עצעם טאך פונם אינטערנאציאנאל.

דער לעצטער האט געזאלט ווערן א אינטערנאציאנאלע קאמוניסטישע פארטיי, וואס פירט דעם פראלעטאריאט צו דער עראבערונג פון דער מאכט מיטן ציל פון א פלאנמעסיקער איבערבויאונג פון דער געזעלשאפט אף סאציאליסטישע יעסוידעס. דעריבער האט ער געשטרעבט צו סיסטעמאטישער, אויסגעהאלטענער ארגאניזירונג פון די ארבעטער אף אלע געביטן—אפן עקאנאמישן, פאליטישן און גייסטיקן—און צו אלזייטיקער איבונג פון די פראלעטארישע קויכעס אין אלע געביטן פונם געזעלשאפטלאכן לעבן; און אינם ארגאניזאציאנעלן געביט איז ער געווען פאר א שטרייענגע צענטראליזאציע. די אנארכיסטן האבן, פארקערט, געזען פאר זיך נאר דעם לעצטן עטאפ, די געוואלט-איבערקעריניש, וואס זיי האבן געהאלטן, אז דער פראלעטאריאט איז אין יעדן מאמענט צוגעגרייט צו איר. דעריבער האבן זיי געהאלטן די פלאנמעסיקע טעטי-

קייט פונם אינטערנאַציאָנאַל פּאַשעט פּאַר אַן „איינשלעפערונג פון דער רעוואָליוציאָנערער ענערגיע" פונם פּראָלעטאַריאַט. און דער אַנטייל פונם פּראָלעטאַריאַט אינם פּאָליטישן קאַמף, בעסויכאָם אויך די שטרעבונג צו פּאַרכאַפּן די מאַכט, האָט זיך זיי אויסגעדוכט אַלס אַ פּראָדוקט פון אַ בורזשואַזער אינטריגע, וואָס שטרעבט צו פּאַרוואַנדלען די אַרבעטער אין אַ געצייג פון די בורזשואַזע פּאַרטייען. אין העסקעם מיט דעם האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט דעם אינטערנאַציאָנאַל אַלס אַ גרויסע אַסאָציאַציע, וואָס איז ניט צוזאַמענגעבונדן מיט איינגע אָרגאַניזאַציאָנעלע באַנדן, און זיינע באַזונדערע סעקציעס און פעדעראַציעס האָבן געזאָלט האָבן פולשטענדיקע זעלבשטענדיקייט און, ניט באַקומענדיק קיינע שום אָבליגאַטאָרישע דירעקטיוון פונם צענטער, האַנדלען לויט זייער אייגענעם איינזעען. דערפאַר האָט דער אָנפירנדיקער צענטער געזאָלט זיין, לויט באַקונינס פּלאַן, אַ פאַרשווערעריש קרייזל, וואָס האָט אַ דיקטאַטאָרישע מאַכט און האָט אין אַלע פעדעראַציעס זיינע געטרייע מענטשן, וואָס דורך זיי פירט ער די גאַנצע טעטיקייט פונם אינטערנאַציאָנאַל צום ציל פון אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד און פון צעשטערונג פון דער מלוכע. דאָס לעצטע פלעגט מען, פאַרשטייט זיך, ניט אַרויסזאָגן אָפן, נאָר מע פלעגט עס פאַרווירקלאַכן בעסאָד.

דער אַליאַנס האָט אַליין פּרעטענדירט אָפן באַרוף פון אַזאַ אָנפירנדיקן צענטער. ניט קוקענדיק אָף דעם, וואָס דאָס ראָוו זיינע אָנטיילנעמער האָבן אייגנטלאַך געשטאַמט פון דער סוויווע פון בורזשואַזע רעוואָליוציאָנערן און האָבן ביז דעמאָלט גענומען אַ קנאַפּן אָנטייל אין דער אַרבעטער באַוועגונג, וועלכע זיי האָבן זיך געמאָלט אינם ליכט פון די אַלטע קאַרבאָנאַרישע פאַרשווערונגען און געהיימע כעוורעס. נאָר זייענדיק אַליין אַ פאַרשווערעריש קרייזל, האָט ער איינגעאָרדענט אינווייניק אין זיך אַ פאַרשווערערישן צענטער פון דער צווייטער מאַדרייגע: אינם אַליאַנס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ געהיימע אינטערנאַציאָנאַלע ברודערשאַפט, וואָס אין איר באַשטאַנד זיינען אַריין זיינע גרינדער וועלכע האָבן געגעבן באַקונינען דיקטאַטאָרישע פולמאַכטן. דער אַליאַנס האָט אָנגענומען אַ פאָרם פון אַ יעראַרכישע אָרגאַניזאַציע, וואָס בעריוש פון איר זיינען געשטאַנען די „אינטערנאַציאָנאַלע ברידער", ווייטער זיינען געגאַנגען די „נאַציאָנאַלע ברידער" וואָס זיינען געווען אונטערגעוואָרפן אונטער די ערשטע און וואָס האָבן אַפילע ניט כוישעד געווען וועגן דער עקסיסטענץ פון אַ געהיימער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע. לעסאָף, האַלבגעהיימע, האַלבאָפענע, אָרגאַניזאַציע, דער „אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבאַנד פון סאָציאַלער דעמקראַטיע", וואָס אין אירע רייען איז די אָפענע צענטראַלע סעקציע אין זשענעווע געווען די „שטענדיקע דעלעגאַציע פונם שטענדיקן צענטראַלן־קאָמיטעט": די מיטגלידער פון דער געהיימע אָרגאַניזאַציע פונם אַליאַנס האָבן געזאָלט אַריינדרינגען — אין די אַרבעטער־פאַראיינען און אין די סעקציעס פונם אינטערנאַציאָנאַל און ווענדן זיי צום אַלגעמיינעם ציל פונם אַליאַנס, דאָס הייסט צו אַ סאָציאַלער רעוואָליוציע אינם גייסט פון אַנאַרכיזם, צו אַ „סאָציאַלער ליקווידירונג" און צו פאַרניכטונג פון דער מלוכע.

אז דער אליאנס האט זיך ארגאניזירט, האט ער זיך אין דעקאבער פון 1868־טן יאר געווענדעט צום גענעראל־ראט מיט א באקאשע, אנגענעמען אים אין באשטאנד פונם אינטערנאציאנאל מיטן טנאי אז אים זאל איבערגעלאזט ווערן דאס רעכט איינצוהאלטן זיין באזונדערע פראגראם און ארגאניזאציע (ביז דעם רעכט זעלבשטענדיק אנצונעמען אין אינטערנאציאנאל סעקציעס צוגלייך מיטן גענעראל־ראט און איינצואורדענען זיינע באזונדערע צוזאמענפארן). דער גענעראל־ראט וואס האט ריכטיק פארשטאנען די געפאר פון די אויפטוען פונם אליאנס פאר דער גאנצקייט פונם אינטערנאציאנאל און פאר דער איינהייטלאכקייט פון דער ארבעטער באוועגונג, האט אפגעווארפן די באקאשע פונם אליאנס. דעמאלט האט דער לעצטער באשלאסן צו האנדלען מאיסע דיפלאמאט. ער האט מיטגעטיילט דעם גענעראל־ראט, אז ער לאזט פאנאנדער זיין ארגאניזאציע און איז גרייט צו פארוואנדלען זיינע סעקציעס אין סעקציעס פונם אינטערנאציאנאל מיטן טנאי, ער זאל איינהאלטן זיין טעארעטישע פראגראם. פון דער אפשאצונג פון דער לעצטער האט זיך דער צענטראל־ראט ארויסגעדרייט (איניקע אויסבעסערונגען זיינען פונדעסטוועגן אין איר אריינגעטראגן געווארן לויט זיינע אנווייזונגען), נאר ער האט מאסקים געווען צו דערלאזן אין אינטערנאציאנאל די באזונדערע סעקציעס פונם געוועזענעם אליאנס אף אלגעמיינע יעסוידעס. די ערשטע איז אנגענומען געווארן די זשענעווער צענטראלע סעקציע פונם אליאנס, נאר דער שווייצארישער ראמאנישער צענטראל־ראט האט זיך אפגעזאגט אנצונעמען זי. פון דעם מאמענט אן האבן זיך אנגעהויבן רייסערייען, וואס האבן טכילעס געטראגן אן ארטיקן שווייצארישן באראקטער, וואס האבן אבער בעהאדראגע פארכאפט דעם גאנצן אינטערנאציאנאל.

א שפאלטונג איז געווען אומפארמיידלאך. אין אינטערנאציאנאל איז אריין צו פיל פארשיידענע עלעמענטן, וואס האבן זיך געקאנט אין אים איינלעבן נאר קאל זמאן עס זיינען ניט אוועקגעשטעלט געווארן שארף די אנגעווייטאקטע פראגן פון דער באוועגונג, ביפראט די פאליטישע פראגע. נאר ווי באלד זי איז אוועקגעשטעלט געווארן, און וועגן דעם האט שוין געזארגט דער אליאנס, איז דאס פאנאנדערגיין זיך געווארן אומפארמיידלאך. דער צענטער פון דער אפאזיציע קעגן דעם גענעראל־ראט איז געווארן די קליינבירגערלאכע שווייץ, וואס אירע אינטערנאציאנאליסטן זיינען טכילעס געווען נויטע צו מיטארבעטערשאפט מיטן בורזשואזן ראדיקאליזם, און ווען דער לעצטער האט זיי אפגענארט, האבן זיי זיך אווארף געטאן צו דער הייפעכדיקער עקסטרעמקייט פון פולשטענדיקער אפהאלטונג פון פאליטישן קאמף. דער ארגאניזאציאנס־צענטער פונם אנארכיזם איז געווארן די יורער פעדעראציע, וואס האט פאראייניקט די בארג־סעקציעס, וועלכע האבן איבערגעריסן מיט דער ראמאנישער פעדעראציע פון שווייץ און וואס האט אינגיכן באקומען שטיצע מיצאד די פארשטייער פון אפגעשטאנענע לענדער ווי איטאליע און שפאניע, וואו באקונין האט געהאט א גרויסע ווירקונג אף די ארטיקע אינטערנאציאנאליסטן.

דער אליאנס איז פאנאנדערגעלאזט געווארן נאר אפן ווארט. אין דער ווירקלאכקייט האט ער עקסיסטירט ווייטער, אויב ניט אין דער פארם

פון אָ שטענדיקער און פעסטער אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע (אַזאַ האָט ער ניט באַוויזן צו ווערן ביזן 1873־טן יאר), איז אין דער פארם פון אַ שטענדיקער פאַרשווערונג קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַל און פון קעסיידערדיקע פּרוּוון צו שאַפן אינווייניק אינם אינטערנאַציאָנאַל אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, וואָס ענדערט איר פארם און איר באַשטאַנד, נאָר וואָס גייט צו איין באַשטימטן ציל — צו באַהערשן דעם אינטערנאַציאָנאַל, צו פאַרשפּרייטן איר ווירקונג אויף די באַזונדערע נאַציאָנאַלע פעדעראַציעס און צו ריכטן זייער טעטיקייט אינם אַנאַרכיסטישן גייסט.

דאָס האָט זיך אים מער פון אַלץ איינגעגעבן אין שפּאַניע. דאָ זיינען די ערשטע גרופּן אינטערנאַציאָנאַליסטן געגרינדעט געוואָרן אין די יאָרן 1868–1869, אַלס אַ רעזולטאַט פון דער נעסיע פון פאַנעלי, פון איינעם פון די גרינדער פונם אַליאַנס. אננעמענדיק באַקונינס אַנאַרכיסטישע פּראָגראַם, זיינען די שפּאַניער געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז טאַקע די עמעסע פּראָגראַם פונם אינטערנאַציאָנאַל. דורך באַקונינס אָנהייגער, פאַרגאַ־פּעליסער און סענטיניאָן איז אין 1870־טן יאָר געגרינדעט געוואָרן אין באַרסעלאָנע, דעם הויפּטלאַכן אינדוסטריעלן צענטער פון שפּאַניע, אַ געהיימע גרופּע מיטן נאָמען און פּראָגראַם פונם אַליאַנס, און די דאָזיקע גרופּע איז געוואָרן די נעסט פון אַנאַרכיסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין שפּאַניע. אינגיכן זיינען אויפגעקומען אַזוינע גרופּן אין מאַדריד, וואַלענסיע, סעוויליע, קאָרדאָווע, קאַדוקס און אַנדערע שפּאַנישע שטעט. די גרופּן פון אַנהייגער פונם גענעראַל־ראַט, מיט וועלכע עס האָט טכילעס אָנגעפירט מאַראַגאָ און דערנאָך מאַרקס איידעם פ. לאַפאַרג, וואָס איז אין 1871 יאָר געקומען קיין שפּאַניע, האָבן ניט געקאָנט קאָנקורירן לויט זייער ווירקונג מיט די אַנאַרכיסטישע גרופּן. אין 1872־טן יאָר איז פאַרגעקומען אַ שפּאַלטונג אויף צוויי פעדעראַציעס מיט דער איבערוואָג אויף דער זייט פון די באַקוניסטן.

אַזאַ איז געווען די לאַגע אויך אין איטאַליע. דאָ האָט באַקונין געהאַט פאַרבינדונגען נאָך פון מיטן 60־ער יאָרן. די פּאָלעמיק מיטן פירער פונם ראַדיקאַלן קליינבירגערטום מאַדזיני נאָך דער פּאַריזער קאָמונע האָט צוגעצויגן אויף באַקונינס זייט די רעוואָלוציאָנערע יוגנט, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין די בורזשואַזע רעפּובליקאַנישע אידעאַלן און וואָס האָט געזוכט פאַרבינדונגען מיט דער אַרבעטער וועלט. עס זיינען אויפגעקומען אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס, אָפּאָזיציאָנעל געשטימטע צו מאַדזיני. צווישן זיי זיינען באַרימט געוואָרן די דורכגעדרונגענע מיט ענטוזיאַזם יונגע רעוואָלוציאָנערן, קאַרלאָ קאַפיעראָ, אַנדרעאַ קאָסטאַ און אַנד. טכילעס פלעגן זיך די איטאַליענישע אינטערנאַציאָנאַליסטן שלעכט פאַנאַנדערקלייבן אינם קאַמף צווישן דעם גענעראַל־ראַט מיט זיינע קעגנער, נאָר אינגיכן זיינען זייערע סימפּאַטיעס איבערגעגאַנגען דער איקער אויפן צאַד פון די באַקוניסטן.

און דאָס איז גאָר קיין וואונדער ניט. באַקונינס פּראָגראַם האָט אויסגעדריקט די שטימונג פון די פויערשע מאַסן וואָס ווערן בעדאַלעס, אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם, און פון די אַרבעטער פון אָפּגעשטאַנענע לענדער, און אויך פונם לומפּן־פּראָלעטאַ־

ריאט, וואָס האָט ניט קיין רעגלמעסיקע ארבעט און וואָס לעבט אף די הינטערגעסלאך פון דער בורזשואזער געזעלשאפט, דאָס הייסט, פון גרופן, וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט סאָציאלן צאָרן, וואָס זיינען אָבער ניט פייאיק צו אָרגאניזאציע און צו סיסטעמאטישן קאמף און וואָס הערן זיך דעריבער צו מיט מיטגעפיל צו דער פריידיקונג וועגן א באלדיקן בונט מיטן ציל פון אלגעמיינער צעשטערונג פון אלע עקסיסטירנדיקע געזעלשאפטלאכע פארהעלטענישן. די דאָזיקע פראָגראם האָט געמוזט שטארק אויסנעמען בא די רעוואָליוציאָנערן פון עקאָנאָמיש אָפגעשטאנענע לענדער און איינפלאנצן אין זיי די האפענונג אף זייער גיכע באפרייאונג פון די צאָרעס פון דער קאפיטאליסטישער אָרדענונג. עמעס, די פראָגראם פון באקוניזם האָט געפינען אָנהייגנער אויך צווישן די פאָרשטייער פון די פראָגרעסיווע לענדער, נאָר דאָס איז געווען א צייטווייליקע דערשיינונג, וואָס האָט זיך דערקלערט מיטן אלגעמיינעם שטילשטאנד אין דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג נאָך דער מאפאלע פון דער קאָמונע. די עקאָנאָמיש אנטוויקלטע לענדער האָבן לעפיערעך גיך אויסגעלעבט דעם פעריאָד פון אנארכיסטישע שטימונגען, אין דער צייט, ווען אזעלכע לענדער, ווי איטאליע און שפאניע זיינען אף לאנג פארבליבן דאָס באגערטע לאנד פונם אנארכיזם.

דער באזעלער קאָנגרעס פונם אינטערנאציאָנאל האט באשלאָסן, אז דער קומענדיקער צוזאמענפאָר וועט פאָרקומען אין 1870=טן יאָר אין פאריז. נאָר די מילכאָמע און די קאָמונע, וואָס איז געקומען נאָך איר, האָבן געשטערט צו פארווירקלאכן דעם דאָזיקן באשלוס. אנשטאט דעם אָרדנטלאכן צוזאמענפאר איז אויסגעקומען צו באגענוגענען זיך מיט א קאָנפערענץ, וואָס איז צונויפגערופן געוואָרן אין לאָנדאָן און וואָס האָט געדויערט פון 17=טן ביזן 23=טן סענטיאבר פון יאָר 1871. אף דער קאָנפערענץ זיינען געווען 23 דעלעגאטן, בעסויכאָם 13 מיטגלידער פונם גענעראל=ראט (צווישן זיי די פאָרשטייער פון עמיגראנטן=קאָמונארן סעראיע, באסטעליקא און עדוארד וואיאן), 6 בעלגיער, 2 שווייצארישע דעלעגאטן, 1 שפאנישער.

האגאָם דער אינטערנאציאָנאל האט געהאט, ווי מיר ווייסן, נאָר אן אומדירעקטע שייכעס צו דער פאריזער קאָמונע, פונדעסטוועגן איז נאָכדעם ווי די קאָמונע איז דערשטיקט געוואָרן, האָבן זיך אין גאנץ אייראָפע קעגן אים אָנגעהויבן רעדיפעס, וואָס זייער איניציאטיוו איז געגאנגען פון פראנקרייך. נאָר ניט אזוי פיל די דאָזיקע רעדיפעס האָבן געדראָט דער עקסיסטענץ פונם אינטערנאציאָנאל, וויפל די אינעווייניקסטע רייסערייען, וואס האבן אים אָנגעהויבן אויפצועסן. דעריבער איז די גרונט=פראגע פון דער לאנדאנער קאָנפערענץ געווען די פראגע וועגן דער אָנקומענדיקער שפאלטונג. דער קאמף מיטן אנארכיזם, וואָס זיין ווירקונג איז געוואָרן שטארקער מיט יעדן טאָג, דראָענדיק מיט דער פולשטענדיקער צעשטערונג פונם אינטערנאציאָנאל, די פארפעסטיקונג פון דער אָרגאניזאציע, דאָס איינצוימען די צענטריפוגאלע קויכעס, וואָס האָבן זיך ארויסגעוויזן אינעווייניק אינם אינטערנאציאָנאל, לעסאָף, דער באשטימטער ענטפער אף דער פראגע וועגן פאָליטישן קאמף, וואָס האָט פאנאנ=

דערגעטיילט בײדע פראקציעס — אט דאס האט צוגעצויגן די הויפט אויפמערקזאמקייט פון דער צווייטער לאנדאנער קאנפערענץ.

וואס איז שאיך צו די ארגאניזאציאנס־רייסערייען, האט די קאנפערענץ אנערקענט די פראגע וועגן דעם באקונינישן אליאנס פאר אויסגעשעפט אפן סמאך פון פאלגנדיקן: די איינציקע אפענע גרופע פונם אליאנס (די זשענעווער סעקציע) האט זיך אליין אנערקענט פאר פאנאנדערגעלאזט זומער פון יאר 1871, און דער באזעלער קאנגרעס האט באוואפנט דעם גענעראל־ראט מיט גענוגנדיקע פולמאכטן צו קעמפן מיט יענע סעקציעס, וואס זיינען אוועקגעגאנגען די דיסציפלין. אכוץ דעם, האט די קאנפערענץ אליין פארווערט די ארטיקע גרופן אנצונעמען סעקטאנטישע אנרופן, וועלכע טיילן זיי אפ פון די אלגעמיינע אויפגאבן פונם אינטערנאציאנאל. ביפראט איבער דער פראגע וועגן דער שפאלטונג אין די שווייצארישע סעקציעס האט די קאנפערענץ באוויליקט דעם באשלוס פונם גענעראל־ראט ניט צו אנערקענען די באקוניסטישע גרופן פון די יורער, וואס האבן זיך דערשלאגן א צופעליקע מערהייט אפן געגנט־צוזאמענפאר, פאר די ראמאנישע פעדעראציע און האט זיי פארגעלייגט אריינצוגיין צוריק אין די פעדעראלע ארגאניזאציע, נאר אין פאל אויב זיי ווילן ניט, האט זי זיי דערלויבט צו קאנסטרואירן זיך אין א באזונדערע יורער פעדעראציע. צוזאמען מיט דעם האט די קאנפערענץ אויסגעדריקט איר אומצופרידנקייט די יורער צייטונגען מיט א באקוניסטישער ריכטונג פאר זייער דעזארגאניזאטארישע קריטיק פונם גענעראל־ראט.

דער ווייטערדיקער גאנג פון די געשעענישן האט באוויזן, אז מיט אט דער פארמעלער באשטימונג איז די פראגע וועגן דעם אליאנס לאכלוטן ניט אויסגעשעפט געווארן. אדרבא, נאך דער לאנדאנער קאנפערענץ האט דער קאמף אויפגעפלאקערט מיט א נייער קראפט, און די אנארכיסטן זיינען איבערגעגאנגען אין אן אפענעם אנגריף קעגן דעם גענעראל־ראט. און דאס איז טאקע געווען פארשטענדלאך, ווייל איבער דער גרונט־פראגע וועגן פאליטישן קאמף האט די קאנפערענץ אנגענומען א באשטימונג, וואס שטייט אין אן אבסאליוטער סטירע מיט די אנשויאונגען פון די באקוניסטן.

די דאזיקע פראגע האט באקומען א באזונדערס ברענענדיקן און אקטועלן כאראקטער נאך דער פאריזער קאמונע, וואס האט קלאר געמאכט די נויטיקייט פון שאפן א זעלבשטענדיקע פאליטישע פארטיי פונם פראלעטאריאט, וואס אן איר זיינען די סאמע העלדישע ארויסטרעטונגען פונם ארבעטער־קלאס פארמישפעט אף אן אומפארמיידלאכע מאפאלע. די ערשטע ערפאלגן פון דער דייטשישער סאציאל־דעמאקראטיע האבן ניט נאר ניט איבערגעצייגט די אנארכיסטן, נאר די טעטיקייט פון די דייטשישע ארבעטער האט, פארקערט, דערוועקט ביי זיי ארויסצוטרעטן מיט א דאפלטער קראפט קעגן דעם, וואס זיי האבן געהאלטן פאר אן אפנייג פונם ריכטיקן וועג. אין דער דאזיקער פראגע האט דאס ראוו מיטגלידער פון דער קאמונע אונטערגעהאלטן די מארקסיסטן קעגן די אנארכיסטן.

די רעזאָלוציע פון דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ האָט זיך פאַררופן אַפן גרינדונגס-אדרעס און אפן סטאַטוט פונם אינטערנאציאנאל, און אויך אַף די באַשטימונג פונם לאזאנער קאָנגרעס, וואָס האָט געשטעלט פאַר די ארבעטער אלס א כוויוו דעם קאמף פאר פּאָליטישע פרייַהייַטן און פאר פאַרכאַפּן די מאַכט. זי האָט ווייַטער אָנגעוויזן אַף די רעאַקציע, וועלכע הערשט איצט אומעטום און וועלכע דערשטיקט מיט געוואַלט די באַפרייַאונגס-שטרעבונגען פונם ארבעטער-קלאס און וועלכע שטרעבט אייַנצוהאלטן מיט גראָבער קראַפט די הערשאַפט פון די פאַרמעגלאכע קלאסן. קעגן אָט דער פאַראייניקטער קראַפט פון דער בורזשואַזיע קאָן דער פּראָלעטאַריאַט רעאגירן, אלס א קלאַס, נאָר בילדנדיק, פון זייַן זייַט, א זעלבשטענדיקע פּאָליטישע פּאַרטיי, וואָס שטעלט זיך אנטקעגן אלע אַלטע פּאַרטייען פון די פאַרמעגלאכע קלאסן. דאָס שאַפן דורכן פּראָלעטאַריאַט זייַן פּאָליטישע פּאַרטיי איז נויטיק פאַרן טריאומף פון דער סאציאלער רעוואָלוציע און פון איר ענדציל—פון דער פאַרניכטונג פון קלאסן. די פּאַראייניקונג פון די ארבעטער-קויכעס, וועלכע איז שוין דערגרייכט געוואָרן אינם געביט פונם עקאָנאָמישן קאַמף, דאַרף אויך דינען אלס א הייבער פאַר די מאַסן אינם קאַמף קעגן דער פּאָליטישער הערשאַפט פון זייערע עקספּלואַטאַטאָרס, און דעריבער זייַנען אינם קאַמפּס-פּעריאָד די עקאָנאָמישע באַוועגונג פונם ארבעטער-קלאס און זייַן פּאָליטישע טעטיקייט אומצורייַסבאַר פאַרבונדן איינע מיט דער אנדערער.

נאָר די באַקוניסטן האָבן זיך פונדעסטוועגן ניט אנערקענט פאַר באַזיגטע. דעם 12-טן נאָיאבר פון יאָר 1871 האָבן זיי צונויפגערופן אין סאנוויליע א צוזאמענפאָר פון די שווייצארישע סעקציעס מיט אן אנארכיסטישער ריכטונג, אַף וועלכן עס זייַנען געווען די יורער גיליאַם, שפּיכיגער, שוויצהעבעל, זשיול געד (דער צוקונפטיקער גרינדער פון דער פראנצויזישער ארבעטער פּאַרטיי און דעמאָלט א פּאָליטישער עמיגראַנט מיט א נעטיע צום אנארכיזם), באַקונינס פרייַנט, דער רוסישער עמיגראַנט נ. זשוקאָווסקי און אנ"ד. דער צוזאמענפאָר האָט ארויסגעלאָזט די באַרימטע „צירקוליאר-ווענדונג צו אלע פעדעראציעס פון דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער-אסאציאציע", וועלכע איז געווען א מילכאָמע-דערקלערונג דעם גענעראַל-ראַט. די באַשטימונגען פון דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ זייַנען דערקלערט געוואָרן פאַר א פערזענלאכע דאָקטרינע פון מארקס גרופּע, וואָס האָט, קדיי פאַרווירקלאכן איר ציל, אייַנגעפירט אינם אינטערנאציאָנאל דעם פּרינציפּ פון אויטאָריטעט און דיקטאַטור. דעם אינטערנאציאָנאל, וואָס דאַרף זייַן דער אָנזאָגער פון דער קומענדיקער געזעלשאַפט, וועלכע וועט זייַן געבויט אַף פולשטענדיקער פרייַהייַט, דאַרף מען אָרגאַניזירן אַפן פּרינציפּ פון פולשטענדיקער אומאָפּהענגיקייט און אויטאָנאָמיע פון די סעקציעס. און דעריבער דאַרף זיך דער גענעראַל-ראַט, וואָס זייַנע רעכט זייַנען „פאַרקריפּלט" געוואָרן דורך די אדמיניסטראַטיווע באַשטימונגען פונם באַזעלער קאָנגרעס, אומקערן צו זייַן נאָרמאַלער ראָלע פון א פּאָשעטער קאָרעספּאָנדענטיש-סטאַטיסטישער ביוראָ, און יענע אייַנהייַט, צו וועלכער ער שטרעבט דורך

צענטראליזירונג און דיקטאטור, מ׳ז מען פארווירקלאכן דורך א פרייע פעדעראציע פון אווטאנאמע גרופן.

דעם דאזיקן צירקוליאר איז באשלאסן געווארן צו פאנאנדערשיקן אין אלע לענדער, וואו עס האבן עקסיסטירט סעקציעס פונם אינטערנאציאנאל[1]. אף אזא אויפן האט די יורער פעדעראציע ווילקירלאך גענומען אף זיך די פונקציעס פון א נייעם צענטער, וואס איז ארויסגעטראטן אין דער פארם פון א קאנקורענט פונם גענעראל-ראט. אכוץ דער פארשפרייטונג פונם צירקוליאר, האבן די באקוניסטן אונטערגעהאלטן א לעבהאפטע קארעספאנדענץ מיט זייערע גלייכדיינקנדיקע אין איטאליע, שפאניע, בעלגיע, פראנקרייך, שווייץ און א. וו. די רעזולטאטן פון דער דאזיקער אגיטאציע קעגן דעם גענעראל-ראט און קעגן זיין טאקטיק האבן זיך אינגיכן אנגעהויבן ארויסווייזן אין דער פארם פון אן אנוואקסנדיקער שפאלטונג אין אלע פעדעראציעס.

וועגן דער שפאלטונג אין דער שפאנישער פעדעראציע האבן מיר שוין גערעדט אויבן. די איטאליענישע סעקציעס האבן זיך טכילאס געוואקלט, ארויסווייזנדיק א גרייטקייט צו אנערקענען ביידע צענטרען, דעם לאנדאנער און דעם יורער, אבער סיי דעם, סיי יענעם, נאר אלס קארעספאנדענטיש-סטאטיסטישע ביורא. און דעם 4-טן אווגוסט פון יאר 1872 איז אין רימיני פארגעקומען א קאנפערענץ פון סעקציעס פון 20 שטעט, וועלכע האבן געבילדעט די איטאליענישע פעדעראציע, וועלכע האט זיך געשטעלט אפן אנארכיסטישן שטאנדפונקט. ניט ווארטנדיק אפילע אף די מיינונג פון די איבעריקע באקוניסטישע פעדעראציעס, האבן די איטאליענער אנערקענט, אז די לאנדאנער קאנפערענץ האט זיך געפרואווט „אנבינדן דעם גאנצן אינטערנאציאנאל די אווטאריטארישע לערע פון די דייטשישע קאמוניסטן", אז דער גענעראל-ראט „איז באגאנגען א גאנצע ריי פעלשונגען", אז קעגן אים זיינען אויפגערעגט „אלע רעוואליוציאנער געשטימטע עלעמענטן צווישן די בעלגיער, שפאניער, פראנצויזן, איטאליענער, סלאוון און שווייצארער, און האבן דעריבער באשלאסן איבערצורייסן יעדע פארבינדונג מיטן גענעראל-ראט און ניט צו שיקן אפילע קיין דעלעגאטן אפן קאנגרעס אין האאג, וועלכן ער רופט צונויף.

צענטריפוגאלע טענדענצן האבן זיך אנגעהויבן אנטפלעקן אומעטום. עמעס, דער אינטערנאציאנאל האט אין אט דעם שווערן פעריאד געקאנט פאררעגיסטרירן אייניקע נייע ערפאלגן, למאשל, אין דענעמארק, וואו עס זיינען אין 1871 יאר אויפגעקומען די ערשטע סעקציעס, אין שוועדן, וואו די באוועגונג האט זיך אנגעהויבן אין 1872-טן יאר. נאר, פון דער אנדער זייט, האט די צופאלונג פארכאפט די לענדער, וואס האבן שוין פון לאנג אן גענומען אן אנטייל אינם

[1]) גלייכצייטיק מיט דעם האבן די יורער באשלאסן צוזאמענצושטעלן א מעמאראנדום און איבערגעבן פון זייער שטאנדפונקט די געשיכטע פונם אינטערנאציאנאל און פון זיינע אינעווייניקסטע קאנפליקטן. דער דאזיקער בארימטער מעמאראנדום (מעמואר) פון דער יורער פעדעראציע איז דערשינען ערשט אין צוויי יאר ארום, דאס הייסט, שוין נאך דער שפאלטונג פונם אינטערנאציאנאל.

קאמף פונם אינטערנאציאנאל. ניט נאָר אין בעלגיע, נאָר אפילע אין איינגלאנד, וואָס איז א לאנגע צייט געווען דער הויפט־שטיצפונקט פונם אינטערנאציאָנאל, האָבן זיך אָנגעהויבן ארויסצואווייזן פיינטלאכע צום גענעראל־ראט שטרעבונגען. דאָ איז די אומצופרידנקייט ארויסגערופן געוואָרן דורך צוויי מאָטיוון. צום אונטערשייד פון די איבעריקע לענדער, האָט איינגלאנד ניט געהאט איר נאציאָנאלע פעדעראציע. קאָל זמאן דער גענעראל־ראט האָט געגלויבט אין דער נאָענטקייט פון אן אייראָפייאישער סאָציאלער רעוואָלוציע, וואָס א שטויס צו איר דארף, לויט זיין מיינונג, ארויסגייען פון דער אינדוסטריעלער איינגלאנד, איז ער געווען קעגן דער בילדונג פון א באזונדערן בריטישן פעדעראל־ראט, וואס וואָלט געווען פייאיק צו ווערן זיינער א קאָנקורענט. ערשט די לאנדאנער קאנפערענץ פון 1871־טן יאָר איז איינגעגאנגען אף דער בילדונג פון א באזונדערן פעדעראל־ראט אין איינגלאנד, ווען, נאָך דעם פאלן פון דער פאריזער קאמונע, איז קלאר געווארן, אז אלס א פארבאדינגונג פאר א סאציאלע רעוואליוציע דארף זיין די שאפונג פון זעלבשטענדיקע פאליטישע ארבעטער־פארטייען אין באזונדערע לענדער. פון דער אנדער זייט, האט צווישן די פירער פונם איינגלישן טרעדיוניאניזם אנגעהויבן דאמינירן די מעסיקע ריכטונג פונם ארבעטער ליבעראליזם. די איינגלישע ארבעטער האבן פון לעבאטבילע אָן געקוקט אפן אינטערנאציאנאל פון דער שמאל פראקטישער זייט, איינזעענדיק אין אים אָן ארגאניזאציע, וואס העלפט זייער פראָפעסיאָנעלן קאמף מיט דעם, וואס זי דערלאזט ניט ארייננפירן אין דער צייט פון שטרייקן קיין אויסלענדישע ארבעטער. נאר וואס מער בוילעט קאמוניסטיש און רעוואליוציאנער עס פלעגט ווערן דער אינטערנאציאנאל, אלץ גיכער האען אנגעהויבן אפפאלן פון אים יענע עלעמענטן, וועלכע האבן אים פריער געשטיצט צוליב טאימים פון עקאנאמישן קאמף. מיר האבן שוין אויבן געבראכט מארקס שארפע מיינונג וועגן די פארשטייער פונם איינגלישן ארבעטער־ליבעראליזם. עס איז גענוג צו ברייגנען דעם פאקט פון דעמאנסטראטיוון ארויסגיין פון אדזשערן וועכעווראיע אין 1871־טן יאר פונם אינטערנאציאנאל מיטן טערעץ פון די „שרעקן", וואס זיינען קלוימערשט באגאנגען געווארן דורך דער פאריזער קאמונע. (דעמאלט האָבן די „שרעקן פון דער קאמונע" געשפילט אזא ראלע ווי עס שפילן איצט די „באלשעוויסטישע ווילדקייטן") קדי צו אנערקענען, אז מארקס איז געווען גערעכט.

אלע האבן פאָראויסגעזעען, אז אפן האאגער קאנגרעס איז אומפארמיידלאך אן אנטשיידענער צוזאמענשטויס. „עס האנדלט זיך וועגן לעבן און טויט פון אינטערנאציאָנאל", האָט געשריבן מארקס, וועלכער האָט דאָס ערשטע מאָל פערזענלאך גענומען אן אנטייל אין א אינטערנאציאָנאלן צוזאמענפאָר. דער קאָנגרעס אין האאג האָט זיך געעפנט דעם 2־טן סענטיאבר פון יאָר 1872. אפן קאָנגרעס זיינען געווען 65 דעלעגאטן, בעסויכאָם 21 מיטגלידער פונם גענעראל־ראט. פון דייטשלאנד זיינען געקומען 19 דעלעגאטן, פון פראנקרייך 3, פון בעלגיע 9, פון האָלאנד 4, פון דער שווייץ 4, פון שפאניע 5, פון אמעריקע 3, פון אונגארן, בעמען און דענעמארק צו איינעם, איין דעלעגאט האָט פארגעשטעלט די מעלבורנער סעקציע (אווסטראליע), און צוויי

דעלעגאַטן, וואָס זיינען פון איינגלאַנד, האָבן פאָרגעשטעלט פראַנצויזישע גרופּן. דאָס איז געווען דער „סאַמע אינטערנאַציאָנאַלער" צוזאַמענפאָר פונם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל.

דער קאָנגרעס האָט זיך גלייך צוטיילט אַף א מאַרקסיסטישע מערהייט און א באַקוניסטישע מינדערהייט. די ערשטע גרופּן, וואָס ניט אַלע אירע מיטגלידער זיינען געשטאַנען אַף א מאַרקסיסטישער פּאָזיציע, איז געווען איינ‑יק אין צוויי גרונט‑פראַגן: אין דער נויטיקייט פונם פּאָליטישן קאַמף פונם אַרבעטער‑קלאַס און פון דער באַהעפטקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. פּונקט אַזוי זיינען ניט אַלע מיטגלידער פון דער מינדערהייט געווען אויסגעהאַלטענע אַנאַרכיסטן, נאָר זיי זיינען אַל קאָל פּנים געווען קעגן דער אָנערקענונג פון אָבליגאַטאָרישקייט פונם פּאָליטישן קאַמף פאַר אַלע לענדער און, באַציענדיק זיך פיינטלאַך צום גענעראַל‑ראַט, פלעגן זיי זיך אַרויסזאָגן פאַר דער אויטאָנאָמיע פון די סעקציעס און גרופּן. די מערהייט האָט געציילט 40 שטימען און איז באַשטאַנען פון 16 מיטגלידער פונם גענעראַל‑ראַט, פון 10 דייטשישע דעלעגאַטן, 6 פראַנצויזישע, 3 שווייצאַרישע, 2 אַמעריקאַנער, איין שפּאַנישער (לאַפאַרג), איין טשעך, איין דענער און איין אונגאַר. די מינדערהייט איז באַשטאַנען פון 4 שפּאַנישע דעלעגאַטן, 2 יורער, 7 בעלגיער, 4 האָלענדער, 5 דעלעגאַטן פון די איינגלישע סעקציעס (בעסוויכאָם 4 מיטגלידער פונם גענעראַל‑ראַט), איין פראַנצויז, איין אַמעריקאַנער און נאָך איין מיטגליד פונם גענעראַל‑ראַט—סאַכאַקל 24 שטימען. פונם שטאַנדפּונקט פון דער אָנגעהעריקייט צום אַלטן אינטערנאַציאָנאַל, אַלס צו אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס בינדט צוזאַמען די אַרבעטער פון יענע לענדער, וואו עס האָבן נאָך ניט באַוויזן צו געשאַפן ווערן אייגענע נאַציאָנאַלע פּאַרטייען, זיינען די קעגנער פונם גענעראַל‑ראַט געווען שטאַרקער, און עס איז קלאָר געווען, אַז, אויב דעם אינטערנאַציאָנאַל איז נאָך באַשערט צו עקזיסטירן א געוויסע צייט, איז ניט אונטער דער מאַרקסיסטישער, נאָר אונטער דער אַנאַרכיסטישער פאָן. ביכלל איז דער באַוועגונג פאָרגעשטאַנען צו גיין א לאַנגע צייט מיטן וועג פון בילדן נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, אַיי‑דער עס וועט געשאַפן ווערן א נייע אינטערנאַציאָנאַלע פאַראייניקונג אַף א ברייטערן און פעסטערן יסוד.

טכילעס איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די מאַכט פונם גענעראַל‑ראַט דורך דעם, וואָס אים איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט אָפּצושטעלן ביז דעם נאָענטסטן קאָנגרעס די טעטיקייט ניט נאָר פון איינצעלנע סעקציעס, נאָר אויך פון גאַנצע פעדעראַלע קאָמיטעטן און פעדעראַציעס, דאָס איז געטאָן געוואָרן כדי צו קעמפן מיט דער צושטערנדיקער ווירקונג פון דער אַנאַרכיסטישער אַגיטאַציע. נאָר גלייך איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז פון היינט אָן ווערט דער וואוין‑אָרט פונם גענעראַל‑ראַט איבערגעטראָגן פון לאָנדאָן קיין ניו‑יאָרק, כדי ער זאָל ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די עמיגראַנטן פון דער קאָמונע, וואָס זיינען נויטע צו פאַרשווערערישע מעטאָדן. די אויפגערעגטע דורך דער דאָזיקער באַשטימונג בלאַנקיסטן זיינען אַף מאָרגן אַוועק פונם צוזאַמענפאָר.

איבער דער פראגע וועגן פּאָליטישן קאמף האָבן די באקוניסטן געכאפּט א פולשטענדיקע מאפּאָלע. מיט א מערהייט פון 29 שטימען קעגן 5 בא 9 אָפּגעהאלטענע האָט דער קאנגרעס אָנגענומען א רעזאָליוציע, וואס האט אין אַן עטוואָס געענדערטער רעדאקציע איבערגעכאזערט די רעזאָליוציע פון דער לאנדאנער קאָנפערענץ, און וואס האט געזאגט, אז אין זיין קאמף קעגן דער קאָלעקטיווער קראפט פון די פארמעגלאכע קלאסן קאָן דער פּראָלעטאריאט האנדלען אלס א קלאס, נאָר אָרגאניזירנדיק זיין אייגענע פּאָליטישע פּארטיי, וועלכע איז דער היפּעך פון אלע אלטע פּארטייען, וואס זיינען געשאפן דורך די פארמעגלאכע קלאסן. אזא אָרגאניזירונג פונם פּראָלעטאריאט אין א פּאָליטישע פּארטיי איז נויטיק קדיי צו זיכערן דעם טריאומף פון דער סאָציאלער רעוואָליוציע און פון איר ענדציל—פון דער פארניכטונג פון קלאסן. די פאראייניקונג פון די ארבעטער קויכעס, וועלכע איז שוין דערגרייכט געווארן אינם עקאָנאָמישן קאמף, דארף אויך דינען אין די הענט פונם דאָזיקן קלאס אלס א הייבער אינם קאמף מיט דער פּאָליטישער מאכט פון זיינע עקספּלואטאטאָרס. אזוי ווי די אייגנטימער פון דער ערד און פונם קאפּיטאל נוצן שטענדיק אויס זייערע פּאָליטישע פּריווילעגיעס צו פארהיטן און פאראייביקן זייערע עקאָנאָמישע מאָנאָפּאָלן און צו פארקנעכטן די ארבעט, ווערט די ערהאבערונג פון דער פּאָליטישער מאכט א גרויסע אויפגאבע פונם פּראָלעטאריאט.

אכוץ דעם, זיינען באקונין און גיליאם אויסגעשלאָסן געוואָרן פונם אינטערנאציאָנאל פאר זייער אנטייל אינם געהיימען אליאנס (פּערזענלאך—בענוגייע צו גיליאמען איז עס נאָך א שטרייט־פראגע, נאָר פּאָליטיש איז ער געווען לעגאמרע סאלידאריש מיט באקונינען), און באקונין נאָך, אכוץ דעם, פאר ניט קיין שיינע מאיסע.[1]

דער האאגער קאנגרעס איז געווען דער לעצטער פאראייניקטער צוזאמענפאָר פונם אלטן אינטערנאציאנאל. מיט אים איז דער פריערדיקער אינטערנאציאנאל פאקטיש געשטאָרבן. נאָר היסטאָריש האט ער געגעבן גרויסע רעזולטאטן. אויב אים האט זיך ניט איינגעגעבן צו ברענגען די ארבעטער צו א ניצאכן און צו א סאציאלער רעוואָליוציע, וואס אף דעם האבן געהאפט זיינע גרינדער, האט ער פונדעסטוועגן באוויזן צו פּאָפּולאריזירן אין די ברייטע מאסן די אידייען פון סאציאליזם, אוועקצולייגן דעם פונדאמענט פון דער פּראגראם און טאקטיק פונם ארגאניזירטן פּראָלעטאריאט און

[1]) עס האָט זיך געהאנדלט וועגן דראָהונגען דעם פּארלייגער פּאָליאקאָוו, וועלכער האָט באשטעלט בא באקונינען די איבערזעצונג פונם ערשטן באנד פון מארקס „קאפּיטאל“, און וועלכער האָט אים ארויסגעגעבן אַן אוואנס פון 300 רובל. באקונין האָט די ארבעט ניט אויסגעפירט, זייענדיק שטארק פארנומען, אונטער נעטשאיעווס ווירקונג, מיט די רוסישע רעוואָליוציאָנערע אינייאנים. נעטשאיעוו, וואָס האָט גענומען אף זיך אויסצורעגולירן דעם איניען מיטן פארלייגער, האָט אים אף א בלאנק פונם רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט געהייסן לאָזן באקונינען צו רו. עס קאָן זיין, אז באקונין האָט ניט געוואוסט וועגן דעם מיטל, מיט וועלכן נעטשאיעוו האָט „אויסגערעגולירט“ זיינע בעשבוינעס מיט פּאָליאקאָוון און האָט דא פּאָשעט ארויסגעוויזן די לייכטזיניקייט, וואָס איז געווען אין זיין כאראקטער.

און אויפצואוועקן אומעטום די דרעמלענדיקע קויכעס, וואס האבן שוין פון דע=
מאלט אן ניט אויפגעהערט צו ארבעטן איבער דער באהעפטונג פונם ארבע=
טער-קלאס, איבער זיין ארגאניזירונג אין אלע געביטן (אין פאליטישן, פראפע=
סיאנעלן און אויפקלערערישן) און איבער דאס צוגרייטונג פון א נייעם, מער
גראנדיעזן דראנג אף די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט.

דער אינטערנאציאנאל איז אומגעקומען ניט איבער די רעדיפעס פון די
רעגירונגען און ניט איבער די אינעווייניקסטע רייסערייען. דאס אליין וואלט ער
ביינעקומען, אויב זיין ארגאניזאציע און טעטיקייט וואלטן אנטשפראכן די נייע
פאדערונגען פון דער ארבעטער באוועגונג. נאר איצט איז עס שוין געווען ניט
אזוי. דער אלטער אינטערנאציאנאל האט זיך אויסגעלעבט. זיין ראלע
פון א וועקער און פראפאגאנדיסט פון סאציאליסטישע אידייען אין די ארבעטער
מאסן האט ער שוין אפגעשפילט. פון איצט אן הויבט זיך אן א נייע טקופע אין
דער באוועגונג, ווען דעם ארט פון א פארמלאזער און פליסנדיקער פאראייניקונג
פון די צוברעקלטע קויכעס האט געדארפט פארנעמען א מער פעסטע באהעפ=
טונג פונם פראלעטאריאט לויט באזונדערע נאציעס. ערשט נאך דער פאר=
ענדיקונג פון אט דעם פארלויפיקן פראצעס פון אויסבילדונג פון
סאציאליסטישע פארטייען אין באזונדערע לענדער האט זיך געזאלט
שטעלן אפן טאג-סיידער די פראגע וועגן שאפן א נייעם אינטערנאצי=
אנאל, וואס שטיצט זיך דאס מאל אף באהעפטע אין מלוכישע ראמען ארבעטער
פארטייען און וואס נוצט אויס די גאנצע דערפארונג פון די דאזיקע פארטייען.

נאכן האאגער קאנגרעס קומען אויף צוויי אינטערנאציאנאלן,
וואס יעדער פון זיי באשטרייט דאס רעכט פארצושטעלן דעם אינטערנאציאנאלן
איניען פונם פראלעטאריאט. נאר איצט זיינען זיי ביידע געווען גלייך מאכטלאז.

דער האאגער קאנגרעס האט, נאכדעם ווי ער האט איבערגעטראגן דעם
גענעראל-ראט קיין אמעריקע, אויסגעקליבן 12 מיטגלידער פונם נייעם ראט און
האט זיי געגעבן דאס רעכט צו קאאפטירן נאך 7 מיטגלידער. לויט דער פאדע=
רונג פון מארקסן און ענגעלסן איז פאר א גענעראל-סעקרעטאר אויסגעקליב
געווארן זייער אן אלטער פריינט זארגע, וואס האט שוין לאנג איבערגעוואנדערט
קיין אמעריקע. ער האט אויסגעצייכנט פארשטאנען, אז אף אים איז אייגנטלאך
ארויפגעלייגט די אויפגאבע אנשטענדיק צו ליקווידירן די ארגאניזאציע, וואס האט
זיך שוין איבערגעלעבט, ניט דערלאזנדיק, אז איר בעקאוועדיקע פאן זאל פאר=
כאפט ווערן דורך אומריינע אדער אומדערפארענע הענט. אויב מען זאל לאזן
אן א זייט די פאראייניקטע שטאטן, וואו די קלאסנדיקע ארבעטער-באוועגונג
האט זיך נאך ערשט אנגעהויבן, איז הינטער דעם גענעראל-ראט ניט גע=
ווען אייגנטלאך קיין איין נאציאנאלע פעדעראציע. ער האט ניט געהאט
ניט קיין פארבינדונגען, ניט קיין ווירקונג, ניט קיין מיטלען. דער אינטערנא=
ציאנאלער צוזאמענפאר, וועלכן ער האט צונויפגערופן אפן 8-טן סענ=
טיאבר פון יאר 1873 אין זשענעווע, האט זיך פארענדיקט מיט א פול=
שטענדיקן קראך. אכוץ איין עסטרייכער און איין דייטש, זיינען אלע דעלעגאטן
געווען שווייצארער און אפילע דער איקער זשענעווער. פונם גענעראל-ראט גופע

איז קיין איינער ניט געווען. דער דאזיקער צוזאמענפאר האט ענטגילטיק איבערגעצייגט מארקסן, אז דער אלטער אינטערנאציאנאל איז געשטארבן. זיין ווייטערדיקע נעבאכדיקע עקסיסטענץ איז פאשעט געווארן א דווערידיקע גסיסע, וואס א ווייטיק אויג האט עס אפילע ניט געקאנט באמערקן. ווען דעם נייעם גענעראל-ראט, וואס איז אויסגעקליבן געווארן אפן אויסערארדנטלאכן צוזאמענפאר פון דער אמעריקאנישער פעדעראציע אין אפרעל פון יאר 1874, האט דערעסן צו שטיין בערויש פון א פיקטיווער ארגאניזאציע, האט ער צונויפגערופן אפן 15-טן יולי פון יאר 1876 א קאנפערענץ, אף וועלכער ס׳איז באשלאסן געווארן צו אנערקענען די אינטערנאציאנאלע ארבעטער-אסאציאציע פאר פאנאנדערגעלאזט אף אן אומבאשטימטע צייט, אפגעהייגט פונם ווייטערדיקן גאנג פון די פאליטישע געשעענישן אין אייראפע. איצט האט דער אלטער אינטערנאציאנאל פארענדיקט זיין עקסיסטענץ ניט נאר פאקטיש, נאר אויך יורידיש.

אן עטוואס מער טומלדיקע טעטיקייט האט ארויסגעוויזן דער אנארכיסטישער אינטערנאציאנאל. די באקוניסטן, וואס האבן געכאפט א מאפאלע אפן האאגער קאנגרעס, האבן באשלאסן ניט אונטערצווארפן זיך אונטער זיינע באשטימונגען און צו שאפן, אויב עס וועט זיין נויטיק, זייערע אן אייגענע אינטערנאציאנאלע ארגאניזאציע. דעם 15-טן סעפטעמבער פון יאר 1872 האבן זיי צונויפגערופן זייער צוזאמענפאר אין סענט-אימיע, אף וועלכן עס זיינען געווען פארגעשטעלט די שפאנישע און איטאליענישע פעדעראציעס, די יורער סעקציע און עטלאכע פראנצויזישע און אמעריקאנישע סעקציעס. דער קאנגרעס האט געמעלדעט, אז די אויפגאבע פונם פראלעטאריאט איז ניט די ערטאבערונג פון דער פאליטישער מאכט, נאר די צושטערונג פון יעדער פאליטישער מאכט, און אז יעדע אנשטאלט פון דער דערווייליקער רעוואלוציאנערער מאכט, בעסויכאם אויך די דיקטאטור פונם פראלעטאריאט, איז ניט קיין אנדער זאך, ווי אן איבעריקע אפנארעריי פונם ארבעטער-קלאס. די אפליקעוונג פונם פרינציפ פון מאכט איז דורכגעפירט געווארן אויך אין דער ארגאניזאציע פונם אינטערנאציאנאל: די סעקציעס זיינען דערקלערט געווארן פאר אווטאנאמע, און פאר קאלערליי צוזאמענפארן, ניט נאר ארטיקע, נאר אויך אלגעמיינע, איז ניט אנערקענט געווארן קיין שום מאכט, ווייל קיין שום מערהייט קאן ניט אנבינדן אירע אנשויאונגען דער מינדערהייט. מיט אזעלכע דעזארגאניזאטארישע פרינציפן זיינען די באקוניסטן צוגעטראטן צו דער ארגאניזירונג פון זייער אינטערנאציאנאל. צו די באקוניסטן זיינען צוגעשטאנען ניט נאר די שפאנישע, איטאליענישע און יורער פעדעראציעס, נאר אויך די בעלגישע, האלענדישע און אפילע די איינגלישע, האגאם זי איז ניט מאסקים געווען מיט די אנארכיסטישע אנשויאונגען אף פאליטיק. אף אזא אויפן האבן זיך קימאט אלע פעדעראציעס פונם פריערדיק אינטערנאציאנאל אנגעשלאסן אנם אנטי-אווטאריטארישן פארבאנד, און דער האט, ניט ווערנדיק שאלעם מאכן מיט דער רעאקציע, וואס האט זיך אנגעהויבן נאך דער מאפאלע פון דער קאמונע, מיט אלע מיטלען זיך באמיעט צו פארציען זיין גסיסע און צו שאפן א קלוימערשקייט פון א מעכטיקער און ברייטער אינטערנאציאנאלער ארגאניזאציע.

דער באקוניסטישער אינטערנאציאנאל האָט צונויפגערופן 4 אינטערנאציאנאלע צוזאמענפאָרן: אין זשענעווע אין 1873-טן יאָר, אין ברויסעל אין 1874-טן, אין בערן אין 1876-טן און אין ווערוויע (בעלגיע) אין 1877-טן יאָר. אַף די דאָזיקע קאָנגרעסן האָט זיך ביסלאכווייז אויסגעבילדעט די וועלטאַנשויאונג פונם אנארכיזם. אזוי ווי די אנארכיסטן האָבן אָפּגעלייקנט דעם פּאָליטישן קאַמף פונם פראָלעטאריאט, האָבן זיי געמוזט צוטראכטן א וואָסער ס'ניט איז אנדער מיטל אַף אומצואוייאַלגירן די בורזשואזע הערשאַפט, און זיי האָבן אים געפונען אינם אלגעמיינעם שטרייק. ווי מיר ווייסן, געהערט די אידייע וועגן אַן אלגעמיינעם שטרייק לעכאטכילע די טשארטיסטן (דער הייליקער כיידעש). דער געדאנק וועגן אַל עמיינעם שטרייק איז אויפגעלעבט געוואָרן דורכן דריטן קאָנגרעס פונם אלטן אינטערנאציאָנאל אין ברויסעל; נאָר דער האָט אים באטראכט אלס איינס פון די מיטלען צו קעמפן קעגן מילכאמע. אָבער בא די אנארכיסטן האָט ער אָנגעהויבן שפּילן די ראָלע פון א פּאנאציייע (אוניווערסאלע רפוּע), פון דעם איינציקן און זיכערסטן מיטל פאַר אַ סאָציאלע איבערקערעניש.

דאָס ערשטע מאָל איז די דאָזיקע פראגע אין איר אנארכיסטישער שטעלונג דערוועקט געוואָרן אין דער אינדוסטריעלער בעלגיע אַף צווייי צוזאמענפאָרן פון דער בעלגישער פעדעראציע אין 1873-טן יאָר. דער ערשטער פּרואוו פון פּאקטישער פארווירקלאכונג פונם דאָזיקן געדאנק איז געמאכט געוואָרן אין שפּאַניע אין יולי פון זעלבן יאָר; קדיי צו פארגלעטן זייער פּאָליטישע אָפּהאלטונג ב'אייסן קריזיס, וואָס האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאנצע לאנד, האָבן דאָ די אנארכיסטן דערקלערט אַן אלגעמיינעם שטרייק אין אלקאָי און בארסעלאָנע. נאָר די דאָזיקע באוועגונג, וואָס האט זיך ניט געשטעלט פאַר אַן אוממיטלבארן ציל צו עקספּראָפּריאירן די בורזשואזיע, איז גיכער ענלאך געווען צו א קאָנוואולסיווו הימפּעטרים פון מענטשן, וואָס האבן זיך פארלאָרן, און האָט צו קיינע שום רעזולטאטן ניט געבראכט. דער אנטי-אַווטאָריטארישער קאָנגרעס אין זשענעווע אין 1873-טן יאָר האָט לאנג באהאנדלט די פראגע וועגן אלגעמיינעם שטרייק, נאָר ער איז ניט געקומען צו באשטימטע אויספירן. אל קאָל פּאָנים, איז די דאזיקע פראגע אין אַזאַ פאָרם אוועקגעשטעלט געווארן פאַר דער אינטערנאציאָנאלער באוועגונג דורן אנארכיסטישן אינטערנאציאנאל, און שפּעטער איז די אידייע פון אַן אלגעמיינעם שטרייק, אלס א מיטל, וואָס פארבייט דעם פּאָליטישן קאמף פונם פראָלעטאריאט, אריין אלס א באשטאנד-טייל אינם אנימאימין פונם „רעוואָליוציאָנערן סינדיקאַליזם“, וואָס פירט זיין אידייאישע אָפּשטאמונג פונם באקוניסטישן אינטערנאציאנאל. דער לעצטע- (ביפראט אף זיין לעצטן קאָנגרעס אין 1877-טן יאָר) האט אויך ארויסגערוקט די כאראקטעריסטישע פארן רעוואָליוציאָנערן סינדיקאליזם אידייע וועגן פארבייטן די סאציאליסטישע פּארטייען מיט פּראָפעסיאָנעלע ארגאניזאציעס.

נאָר פונדעסטוועגן איז פארן באקוניזם דער בונטאריזם פיל מער כאראקטעריסטיש, איידער די אידייע וועגן אַן אלגעמיינעם שטרייק, ווייל דער באקוניזם האט ניט אזוי פיל אויסגעדריקט די שטרעבונגען פונם אינ=

דוסטריעלן פראלעטאריאט, לאז זיין פון א אפגעשטאנענעם פראלעטאריאט, וויפל די סטיכישע שטרעבונגען פון די פארקנעכטעטע דורכן קאפיטאליזם פויערשע מאסן. דאס באגערטע לאנד פון אזא בונטאריזם איז געווארן איטאליע.

די איטאליענישע אנארכיסטן האבן ארויסגערוקט די טעאריע פון דער אזוי גערופענע „פראפאגאנדע מיט מאיסים (פאקטן)". די דאזיקע טעאריע איז צוגעפאסט צו די סאציאל=פאליטישע באדינגונגען פון פויערשע און האנטווערקערישע לענדער, וואס הויבן ערשט אן איבערצוגיין צו דער קאפיטאליסטישער סיסטעם. אין דארף און צווישן צושטויבטע קליינע האנטווערקער איז זייער שווער און צייטנווייז אפילע אוממעגלאך צו פירן די פראפאגאנדע פון סאציאליזם. דער פויער לייענט ניט קיין צייטונגען און קיין בראשורן, ער פארשטייט ניט קיין אבסטראקטע טעארעם און באציט זיך מיט אומצוטרוי צו רייד. די עקאנאמישע און פראפעסיאנעלע ארגאניזאציע זיינען אויך ניט צוטריטלאך פאר אים. אויפווייזן זיי די גערעכטיקייט און נוצן פון סאציאליזם דארף מען ניט מיט רייד, נאר מיט פאקטן. די דאזיקע פאקטן באשטייען אין בונטן, אויסבראכן, אויפשטאנדן, בא וועלכע עס ווערט אין דער ווירקלאכקייט געמאכט אן אנפאל אף די עקסיסטירנדיקע געזעלשאפטלאכע פארהעלטענישן און עס ווערט צושטערט דער מלוכישער אפאראט. „א אינסורעקציאנס=פאקט, וואס דארף מיט א טאט פארפעסטיקן די סאציאליסטישע פרינציפן, איז דער ווירקלאכסטער מיטל פון פראפאגאנדע, דער אייניציקער, וואס איז, ניט אפנארנדיק און ניט צולאזנדיק די מאסן, פייאיק אריינצודרינגען אין די סאמע טיפע סאציאלע שיכטן און אריינצוציען די לעבעדיקע קויכעס פון דער מענטשהייט אינם קאמף, וועלכן עס פירט דער אינטערנאציאנאל" (די מעלדונג פון די איטאליענישע באקוניסטן מאלאטעסטא און קאפיערא). זאלן די דאזיקע אויסבראכן טראגן טכילאס א טיילווייזן כאראקטער, דאס איז ניט קיין אומגליק. אז די מאסן וועלן דערזעען דעם סאציאליזם אין דער ווירקלאכקייט, וועלן זיי צושטיין צו דער באוועגונג, און די סאציאלע רעוואליוציע וועט טריאומפירן.

אין 1874=טן יאר האבן די איטאליענישע אנארכיסטן באשלאסן אויסנוצן פאר אט דעם ציל דעם הונגער, וואס האט דעמאלט געווילדעוועט אין איטאליע, און די ארויסגערופענע דורך אים הונגער=בונטן. זיי האבן פארטראכט אן אויפשטאנד, וואס זיין צענטער האט געזאלט ווערן באלאניא, און האבן אפילע אריינגעצויגן אין די דאזיקע אונטערנעמונג דעם גרוי=אלטן באקונינען. גלייכצייטיק מיטן באלאניער פרואוו איז געמאכט געווארן אן אנאלאגישער פרואוו אין אפולע דורך מאלאטעסטאן. סיי פון דעם און סיי פון יענעם איז גארנישט ארויס. נאר די דאזיקע מאפאלעם האבן ניט אפהענדיק געמאכט די באקוניסטן. זיי האבן נאך אלץ געוואלט באווייזן די פויערים מיט דער הילף פון אן אנשוילאכע לעקציע, וואס פאר אן אויסזעען עס וואלט אנגענומען די געזעלשאפט, אויב עס וואלטן באזייטיקט ווערן די רעגירונג און די אייגנטימער. צו דעם איז, לויט זייער מיינונג, גענוג געווען צו ארגאניזירן א באוואפנטע באנדע, וואס איז פייאיק צו האלטן זיך אין משך פון א געוויסער צייט און וואס גייט איבער פון איין דארף אין א צווייטער, פארוויר=

לאַכנדיק אין די אויגן פונם פאָלק דעם „סאָציאַליזם אין דער טאַט“, אַזוי איז אויפגעקומען דער באַרימטער „בענעווענטישער פּרואוו“, וואָס האָט בעשאיטווי ארויסגערופן א גרויסן טומל.

זומער פון יאָר 1877 האָט זיך אין דער בענעווענטישער פּראווינץ באַוויזן אַן אָרגאַניזירטע אַנאַרכיסטישע באַנדע. זי איז אַרומגעגאַנגען עטלאַכע דערפער, פאַרברענענדיק די קאָמונאַלע אַרכיוון און צוטיילנדיק דעם פאָלק דאָס רעגירונגס-געלט, וואָס זיי פלעגן געפינען אין די דאָרפישע קאַסעס. דערביי פלעגן זיך די אַנטיילנעמער פון דער באַנדע ווענדן צו די פויערים מיט רעדעס, וואָס זיינען געווען געווענדעט קעגן די גווירים, קעגן שטייערן און א. וו. די פויערים פלעגן זיי אויסהערן מיט מיטגעפיל, נאָר אַקטיוו פלעגן זיי זיי ניט שטיצן. און דערווייל איז די מלוכע, וואָס איז אַזוי פאַראַכטעט געווען דורך די אַנאַרכיסטן, ניט געשלאָפן: קעגן די אויפגעשטאַנענע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן מיליטער, און אין עטלאַכע טעג אַרום זיינען די בונטאַרן, וואָס זיינען אויסגעמאַטערט געוואָרן פון דעם יאָגן זיך נאָך זיי און פון די אָנגעקומענע פרעסט, פאַרכאַפּט געוואָרן אין די בערג און האָבן זיך אונטערגעגעבן אָן איין שאָס. איבערגעגעבענע צום געריכט, זיינען זיי באַפרייט געוואָרן דורך די געשוואָרענע.

דער דאָזיקער פּרואוו האָט געגעבן די באַקוניסטן א שטאַרקן קלאַפּ. קעגן זיי זיינען אַרויסגעטראָטן אַפילע זיינע ניטלאַנגאַניקע פריינט (ווי זשיול געד). נאָר ער האָט בלויז פאַרגיכערט דעם צופאַלונגס-פּראָצעס פונם אַנאַרכיסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך לאַנג פאַר דעם. שוין אויפן צווייטן קאָנגרעס פונם אַנטי-אויטאָריטאַרישן אינטערנאַציאָנאַל אין בריוסעל אין 1874-טן יאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער באַשטייט פון גאַנץ פאַרשיידענע עלעמענטן, וואָס זיינען צייטווייליק פאַראייניקט געוואָרן דורך דער סינע צום גענעראַל-ראַט און צום רעוואָלוציאָנערן קאָמוניזם. די בעלגיער האָבן די ערשטע אָנגעהויבן צו דערווייטערן זיך פון אים, און דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פון די וויקוכים איבער דע-פּאַ..ס פּאָרטראַג, „וועגן געזעלשאַפטלאַכע שטעלעס אין דער קומענדיקער געזעלשאַפט“, סיי דע-פּאַ, סיי דער איינגלישער דעלעגאַט עקאַריוס, סיי די דייטשישע דעלעגאַטן-לאַסאַליאַנער [1]) האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן דעם אַנאַרכיזם. באַ אַזאַ פּילפאַרביקן צוזאַמענשטעל האָט דער אַנטי-אויטאָריטאַרישער אינטערנאַציאָנאַל ניט געקאָנט אָננעמען קיינע שום באַשטימטע באַשלוסן און האָט זיך אַרויסגעוויזן פּראַקטיש פאַר לאַכלוטן פּרוכטלאָז. באַקונין אַליין האָט עם איינגיכן פאַרשטאַנען און איז אַוועק פון דער אַרבעט.

נאָר אויך דער ריין אַנאַרכיסטישער פליגל פונם אַנטי-אויטאָרי-

[1]) דער פאַקט, וואָס די לאַסאַליאַנער, די סאַמע פאַרביסענע מלוכיסטן צווישן די דייטשישע סאָציאַליסטן האָבן זיך געכיינדלט מיט די אַנאַרכיסטן און פלעגן אַפילע שיקן זייערע פאַרשטייער אַף די באַקוניסטישע צוזאַמענפאַרן, האָט קלאָר באַוויזן, אַז די דאָזיקע אַלע מענטשן זיינען געווען פאַראייניקט נאָר דורך זייער סינע צום מאַרקסיזם און צו די מאַרקסיסטן. לאַנג איינלעבן זיך צוזאַמען האָבן זיי ניט געקאָנט און צו קיינע געמיינזאַמע מאַסים האָבן זיי אויך ניט געקאָנט קומען.

טארישן אינטערנאציאנאל איז אין טאך גענומען געווען פרוכטלאז. די גרונט־דאגמע פונם באקוניזם איז געווען אפהאלטן זיך פון יעדן פאליטישער טאט, וואס האט ניט פאר אן אומאמיטלבארן ציל דעם טריאומף פונם ארבעטער־איניען איבער דעם קאפיטאל, דאס הייסט די סאציאלע רעוואליוציע. אין טאך גענומען איז די דאזיקע דאגמע געווען נאר א קאנסטאטירונג פונם פאקט און א טעארעטישע צופאסונג צו דער פאקטישע זאכלאגע אין דאס ראוו דאמאלדיקע מלוכעס, דאס הייסט, צום אויספעלן פון פאליטישע, ביפראט פון וואל־רעכט בא די ארבעטער און צו זייער ניט קענען אויסנוצן די דאזיקע רעכט דארטן, וואו זיי זיינען געווען. ארויסזאגנדיק זיך קעגן יעדן קאמף אף א לעגאלן באדן, וואס זיי, די אנארכיסטן האבן ניט פארשטאנען, ווי אזוי אים אויסצונוצן רעוואליוציאנער, האבן זיי אויך אפגעלייקנט יעדן קאמף פאר רעפארמעס, וואס זיינען פייאיק צו פארפעסטיקן די לאגע פונם פראלעטאריאט פאר וויטערדיקע אנפאלן אף די בורזשואזע געזעלשאפט. צוליב דעם פלעגן זיי דורכאוים און אומעטום אריינפאלן אין א סטירע מיט דער ווירקלאכער באוועגונג פון די ארבעטער־מאסן און פלעגן זיך אלץ מער אפרייסן פון זיי. ווי זיי אנערקענען אליין, זיינען דורכגעפאלן אלע פרואוון צוציען די מאסנדיקע פראלעטארישע ארגאניזאציעס אפן צאד פונם אנארכיסטישן אינטערנאציאנאל. דער בונטאריזם, וואס איז בא אזעלכע באדינגונגען געווארן דער איינציקער מיטל, האט זיי אין דער ווירקלאכקייט געגעבן דעם ענטגילטיקן קלאפ.

אף וויפל די ארבעטער באוועגונג האט זיך אנטוויקלט און איז געוואקסן, בייקומענדיק די רעאקציע וואס איז געקומען נאכן דערשטיקן די קאמונע, האט זי נאטירלאך אנגעהויבן שטעלן פאר זיך נאציאנאלע, דאס הייסט פאליטישע אויפגאבן. אין איטאליע האבן זיך אין 1876־טן יאר אויסגעבילדעט די ערשטע האסכאלעס פון א פאליטישער ארבעטער־פארטיי. אין פראנקרייך האט זיך פון 1877־טן יאר אויך אנגעהויבן אויסבילדן אן ארבעטער פארטיי. דאס אייגענע איז פארגעקומען אויך אין דער שווייץ, וואו, ניט קוקנדיק אף די אנשטרייגנגען פון די אנארכיסטן, איז אין 1877־טן יאר געמאכט געווארן אן אנהויב פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי. לעסאף, זיינען אוועק פון די אנארכיסטן האלאנד און בעלגיע, וואו עס האט זיך אונטער דער ווירקונג פונם דייטשישן ביישפיל אנגעמערקט א באוועגונג אין דער זייט פון פאליטישער ארגאניזאציע אין קאמף פאר אלגעמיינעם וואלרעכט.

אומזיסט האבן די אנארכיסטן געקעמפט מיט די דאזיקע פארהאסטע פאר זיי טענדענצן: דאס לעבן איז אנטשלאסן געגאנגען פארביי זיי און קעגן זייערע אנשטריינגנגען. דער צוזאמענפאר אין ווערוויע אין 1877־טן יאר איז געווען דער לעצטער קאנגרעס פונם אנטי־אווטאריטארישן אינטערנאציאנאל. נאר באם געזעגענען זיך, ארויסגייענדיק פון דער פאליטישער ארענע, האבן די אנארכיסטן איבערגעלאזט דער וועלט א ירושע אין דער פארם פון א רעזאלוציע איבער דער פראגע וועגן דער באציאונג פונם פראלעטאריאט צו פאליטישע פארטייען. ארויסגייענדיק פון דער האנאכע, אז „אין דער ווירקלאכקייט טיילט זיך די איצטיקע געזעלשאפט ניט אף פאליטישע פארטייען, נאר (!)

אַף עקאָנאָמישע קאַטעגאָריעס: אַף עקספּלואַטירטע און עקספּלואַטאָרן, אַף אַרבעטנדיקע און באַלעבאַטים, אַף לוין־אַרבעטער און קאַפּיטאַליסטן", האָט דער קאָנגרעס אַנערקענט, אַז „ער מאַכט קיין שום אונטערשייד ניט צווישן פאַרשיידענע פּאָליטישע פּאַרטייען, צי זיי רופן זיך אָן סאָציאַליסטישע אָדער ניט; די דאָזיקע אַלע פּאַרטייען בילדן, לויט זיין מיינונג, אַלץ איינס אַ רעאַקציאָנערע מאַסע, און ער האַלט פאַר זיין כויוו צו קעמפן מיט זיי אַלעמען". דאָס האָט געהייסן ענטגילטיק זיך אָפּרייסן פון דער ווירקלאַכער באַוועגונג פונם אַרבעטער־קלאַס און פאַרוואַנדלען זיך אין אַ מאַכטלאָזע זיך בייזערנדיקע סעקטע.

דעם 15־טן מאַרט פון יאָר 1878 איז אַרויס דער לעצטער נומער פונם „ביולעטען פון דער יורער פעדעראַציע", וואָס האָט אין אַ מעשעך פון זעקס יאָר געשפּילט די ראָלע פון אַ צענט־אַל־אָרגאַן אינם באַקוניסטישן לאַגער, און די פעדעראַציע אַליין איז אינגיכן נאָכדעם צופאַלן געוואָרן. נאָך אין אַ יאָר אַרום האָבן זיך אָפּגעזאָגט פונם אַנאַרכיזם אזעלכע זיינע פירער, ווי ברוס און קאָסטאַ. דער טעאָרעטיקער פון דער באַוועגונג איז איצט געוואָרן דער רוסישער עמיגראַנט פּ. קראָפּאָטקין. אַף צוויי גענגט־צוזאַמענפאָרן פון דער יורער פעדעראַציע אין סעפּטיאַבר פון 1879 און 1880 יאָרן איז בא קראָפּאָטקינס מיטווירקונג ענטגילטיק פאָרמולירט געוואָרן די פּראָגראַם פונם אַנאַרכיסטישן קאָמוניזם[1], וואָס האָט אַנערקענט די נויטיקייט פון איינשטעלן קאָלעקטיוון אייגנטום ניט נאָר אַף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען, נאָר אויך אַף די געברויכס־פּראָדוקטן.

אין 1881 יאָר איז פאָרגעקומען אין לאָנדאָן אַ אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענפאָר פון „סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן" (דאָס הייסט פון אַנאַרכיסטן) מיטן אָנטייל פון קראָפּאָטקינען און מאַלאַטעסטאַ. אָן אַנגעזעענע ראָלע אין דער אָרגאַניזירונג פונם דאָזיקן צוזאַמענפאָר האָט געשפּילט דער פּראָוואָקאַטאָר סעראַ, דער אַגענט פונם פּאַריזער פּאָליציי־פּרעפעקט, אַנדריע. הגם דער צוזאַמענפאָר האָט זיך שטאָלץ אָנגערופן פאַר אַ קאָנגרעס פונם אינטערנאַציאָנאַל, נאָר אין דער עמעסן האָט ער צו אים קיין שום שייכעס ניט געהאַט: דאָס איז פּאָשעט געווען אַ קאָנפערענץ פון קליינצאַליקע אַנאַרכיסטישע גרופּן. פון דעם צוזאַמענפאָר אָן הויבט זיך אָן די דעגענערירונג פונם אַנאַרכיזם אין „רעוואָליוציאָנערע כעמיע", אין לויבן דעם אינדיווידועלן טעראָר און אַ. וו. אַלס אַנטיילנעמער פון דער מאַסנדיקער אַרבעטער באַוועגונג, גייט דער אַנאַרכיזם אַראָפּ פון דער סצענע און ערשט אין צוויי יאָרצענדליק אַרום לעבט ער אויף אין אַ שטאַרק געענדערטער פאָרם אונטער דער פאָן פונם „רעוואָליוציאָנערן סינדיקאַליזם", קדיי פאַרצוזעצן אונטער אַ נייעם שילד דעמזעלבן קאַמף מיטן פאַרהאַסטן קאָמוניזם.

[1]) ביז דעמאָלט האָבן די אַנאַרכיסטן מער געהאַלטן פון די נעמען „סאָציאַלע רעוואָליוציאָנערן", אָדער „אַנטי־אויטאָריטאַרישע קאָלעקטיוויסטן", „אַנטי־מלוכישע סאָציאַליסטן", דערנאָך האָבן זיי זיך אָנגעהויבן רופן „סאָציאַליסטן פעדעראַליסטן", און ערשט צום סאָף פון די 70־קער יאָרן האָבן זיי זיך אָנגעהויבן רופן „אַנאַרכיסטן" אָדער „אַנאַרכיסטן קאָמוניסטן" [אָפּטמאָל און וואו ניט וואו פלעגן זיי איינהאַלטן דעם אָנרוף „סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן"]. פריער אָבער פלעגן זיי מיט קאָלעריי מיטלען וייכן דעם אָנרוף „קאָמוניסט", וואָס האָט געהערט די רעוואָליוציאָנערן פון דער מאַרקסיסטישער שול. באַקונין האָט פונקט אַזוי געהאַסט דעם קאָמוניזם, ווי זיין לערער פּרודאָן.

## אינהאלט: